# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

12–11 נאָיאַבער-דעקאַבער



1991

**הויפּט־רעדאַקטאָר**
א. ווערגעליס
**רעדקאָלעגיע:**
כ. ביידער,
ש. גאָרדאָן, ט. גען,
ב. מאָגילנער,
וו. מאָשטשענקאָ,
כ. מעלאַמוד, ב. סאַנדלער,
ה. פּאָליאַנקער, ע. פֿאַגעל,
י. שרײַבמאַן

# צו אונדזערע לייענער

די רעדאקציע באקומט א גרויסע צאָל אָנפראגעס פון לייענער, ליבהאָבער פון דער ייִדישער ליטעראטור, פאר וועמען דער פּלוצעמדיקער איבעררײַס אינעם דערשײַנען פון "סאָוועטיש היימלאנד" איז א סיגנאל, אז מיר לעבן איבער געפערלעכע מאנגלען, וועגן וועלכע ס'איז נאָך ניט געמאָלדן געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט. איצט איז געקומען די צײַט צו ענטפערן אויף אָט די אָנפראגעס.

א גאנצע ריי טראגישע געשעענישן אין לאנד — די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ניט־סטאבילקייט, די צעפאלונג פון פססר, די אינפליאציע, וואָס האָט צו זיך קיין גלײַכן ניט, — דאָס אלץ האָט שווער געטראָפן קימאט אלע פּעריאָדישע אויסגאבעס אין לאנד, צווישן זיי דעם זשורנאל "סאָוועטיש היימלאנד", וועמענס טיראַזש האָט דערצו נאָך קאטאסטראָפאל זיך פארקירצט איבער דער מאסן־עמיגראציע. ס'האָט זיך, קאָן מען זאָגן, איבערגעקערט דאָס שיפל פונעם זשורנאל, וועלכער איז איבער־א־נאכט געבליבן אָן פּאפיר, אָן געלט, אָן א דרוקערײַ. ס'האָט ניט געקאָנט העלפן אונדזער ארויסגעבער, דער שרײַבער־פארבאנד, וועלכער איז איצט אליין אויף צאָרעס און ווערט מאמעש צעריסן פון אינערלעכע מאכלויקעסן.

די מיטארבעטער פון דער רעדאקציע זײַנען ארײַן אין ווירבל־שטראָם פון די טרויעריקע געשעענישן, גענומען אויף זיך די גאנצע לאסט פונעם "שיפל", איבערגעקערט עס צוריק אויף דער ריכטיקער זײַט און עס אוועקגעלאָזט ווײַטער שווימען. די קאטאסטראָפע איז פאָרגעקומען אין יולי 1991, נאָכן דערשײַנען פונעם נומער 7 פון "סאָוועטיש היימלאנד", וועלכער איז געווען געווידמעט דעם דרײַסיקיאָריקן יובילײַ פון דער אויסגאבע. די ווײַטערדיקע פינף כאדאָשים (אווגוסט — דעקאבער) האָט די טיפּאָגראפיע זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן, פארופנדיק זיך אויף דעם, אז עס איז ניט לוינבאר צו לאָזן אין גאנג אירע גרויסקאליבערדיקע מאשינען, קודיי דרוקן די קליין־טיראזשיקע ייִדישע אויסגאבע. ס'האָט פארשמעקט מיט ליקווידאציע — ניט, כאָלילע, אין רעזולטאט פון מעלוכישער אומטאָלעראנטקייט, נאָר לויט די אָביעקטיווע געזעצן פונעם מארק, וואָס איצט רעגולירן זיי ביכלאל דאָס לעבן אין לאנד. אדאנק אָבער די ענערגישע באמיִונגען פון דער רעדאקציע איז די לאגע געוואָרן הײַנט א סאך לינדער. מיר האָבן שוין ארויסגעגעבן און אָפּגעשיקט צו די לייענער צוויי דורכגעלאָזטע נומערן פון "סאָוועטיש היימלאנד" — פאר אווגוסט און סענטיאבער. די ווײַטערדיקע דרײַ נומערן זײַנען אין דער ארבעט. די רעדאקציע, א פארקירצטע אין דער צאָל מיטארבעטער אויף א העלפט, איז מאָביליזירט ווי אין די מילכאָמע־יאָרן. ס'איז אָפּגעזוכט געוואָרן א צווישנפעלקערלעכע (רוסלענדיש־ייִסראָעלדיקע) עקאָנאָמישע אסאָציאציע, וועלכע האָט זיך ארויסגערופן צו זײַן פאר אונדז א ספּאָנסאָר. די ארבעט אויף געפינען אויך אנדערע מעגלעכקייטן צו שטיצן דעם זשורנאל ווערט פאָרגעזעצט. מיר גרייטן איצט צום דרוק די ערשטע נומערן פארן יאָר 1992, וועלכע וועלן ארויסגיין שוין אונטערן נײַעם נאָמען — "די ייִדישע גאס". א פּרעסטיזשפולע איניציאטיוו־גרופּע איז פארנומען מיט שאפן א הילפס־פאָנד פאר דער ווײַטערדיקער עקזיסטענץ פון דער ייִדישער ליטעראטור אין געוועזענעם סאָוועטנפארבאנד און פון איר באנײַטער שעפערישער טריבונע.

עס גייט א רייד וועגן אופשטעלן א שוץ־וואנט אויף אָפּצוהיטן פון אונטערגאנג דעם זשורנאל, וועלכער איז בעעמעס א גרויסער אויצער פונעם סאָוועטישן און ניט בלויז סאָוועטישן ייִדנטום. מיר האָפן, אז צום הילפס־פאָנד וועלן זיך פאראייניקן פיל געזעלשאפטן, אָרגאניזאציעס, אסאָציאציעס, צענטערס פון דער ייִדישער קולטור, ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט, געזעלשאפטלעכע טוער און זשורנאליסטן, ארויסגעבער און רעדאקטאָרן פון צײַטונגען און זשורנאלן, פעדאגאָגן און טאלמידים פון זונטיק־שולן און קורסן אויף ייִדיש און איווריט, קעהילעס און רעליגיעזע קערפערשאפטן — אין אונדזערע רעגיאָנען און אין כוץ־לעהאָרעץ.

ס'איז ווינטשנסווערט, אז אין יעדער שטאָט און יישעוו מיט א ייִדישער באפעלקערונג זאָל געשאפן ווערן אן אייגענע איניציאטיוו־גרופּע. יעדער אינדיווידועלער און קאָלעקטיווער מיטגליד פונעם פאָנד, וואָס טראָגט ארײַן א געלט־סומע לויט זײַנע

מעגלעכקייטן, וועט אף די זייטן פונעם זשורנאל ״די יידישע גאס״ אָנגערופן ווערן אינעם ערן־צעטל. בירגער פון די לענדער, וואָס גייען אריין אין דער ״געמיינשאפט פון סוּווערענע מעלוכעס״[1] — רוסלאנד, אוקראינע, ווייסרוסלאנד, מאָלדאָווע, אוזבעקיסטאן אאא. — קאָנען איבערשיקן זייער געלט מיט דער פּאָטשט, אפן אדרעס פון דער רעדאקציע, מיט אן אָנווייזונג, ווער און פונוואנען עס איז דער הילף־געבער, אָדער איבערפירן דאָס געלט מיט דער זעלבער שריפטלעכער אָנווייזונג אף דער קאָנטע.

וואָס איז שייעך בירגער און געזעלשאפטלעכע קערפּערשאפטן פון אנדערע לענדער, בעטן מיר זיי איבערפירן זייערע געלט־סומעס אף דער וואליוטע־קאָנטע מיט א שריפטלעכער אָנווייזונג, ווער זיי זיינען און ווו איז זייער וווינאָרט און אז דאָס געלט ווערט אריינגעטראָגן אלס הומאניטארע הילף אין פאָנד פון דעם זשורנאל ״די יידישע גאס״. ס׳איז אויך מעגלעך, אז זייערע געלט־סומעס זאָלן בירגער פון אויסלאנד אריינטראָגן דירעקט אין דער רעדאקציע בעשאס א באזוך אין מאָסקווע.

דאָס געלט פונעם פאָנד וועט אויסגענוצט ווערן אף ארויסלאָזן דעם כוידעש־זשורנאל ״די יידישע גאס״ און זיינע ביילאגעס, ווי אויך דעם יאָר־אלמאנאך ״גאָד זא גאָדאָם״ אין דער רוסישער שפּראך, אָדער א רוסישן כוידעש־זשורנאל אף דער באזע פונעם אלמאנאך און פון דעם רוסישן אָפּטייל אין זשורנאל און ביכער פון יידישע שרייבער. אין דער ווייטערדיקער פּערספּעקטיוו איז מעגלעך צו לייזן מיט די מיטלען פונעם פאָנד אזעלכע אוניקאלע פּלענער, ווי דאָס דורכפירן לייענער־קאָנפערענצן מיטן אָנטייל פון סאָוועטישע יידישע שרייבער אין די לענדער, וואָס וועלן אויסדריקן אזא ווילן, ווי אויך דאָס אופנעמען שעפערישע דעלעגאציעס פון אזעלכע לענדער.

אין דער כוידעש־שריפט ״די יידישע גאס״ וועט געעפנט ווערן א שטענדיקע רובריק פונעם פאָנד, אין וועלכער ס׳וועט זיך דרוקן דאָס ערן־צעטל פון די הילף־געבער, ווי אויך פינאנסיעלע באריכטן וועגן די הוצאָעס און געזעלשאפטלעך־ליטערארישע אינפאָרמאציע.

די רעדאקציע פונעם זשורנאל, דער שרייבער־פארבאנד פון גסמ[1] און די צווישנפעלקערלעכע רוסלענדיש־ייסראָעלדיקע עקאָנאָמישע אסאָציאציע האָבן אריינגעטראָגן אינעם פאָנד צו 10.000 רובל יעדערער.

מיר וואַרטן אף אייער ענטוזיאסטישן אָפּרוף, טייערע יידיש־לייענער, יידיש־ליבהאָבער, בויער פונעם פּרעכטיקן געביי, וואָס רופט זיך אייביק מאמע־לאָשן יידיש.

ווייטער ברענגען מיר דעם נומער פון דער אינערן־קאָנטע:

ВА "РСФСР-Израиль" р/с 345054 в коммерческом банке "Росместбанк", корр.счет 161463 в РКЦ ГУ ЦБ РСФСР, г. Москва, МФО 201791.

און דעם נומער פון דער וואליוטע־קאָנטע:

Account No. 608-205-281
Republic National Bank of New York
(Rep.Nat.)
New York, USA
favour ROSMESTBANK for “RSFSR - IZRAEL”
with telex advice to Mosbusinessbank Moscow Telex 412368A VALT SU.

**רעדאקציע און רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאל**

---

[1] די אָקאָרשט אופגעקומענע אפן אָרט פון פססר געמיינשאפט פון סוּווערענע מעלוכעס האָט די רעדאקציע באשטימט אזוי אָנרופן נאָך א יישעווּ האדאס מיט לינגוויסטן. די אבּרעוויאטור, לויט רוסישער, איז גסמ.




# דאָס פײַער

## א.

ייִדן, כ׳וויל אײַך דערציילן א מעשׂה. ס׳איז ניט עפּעס קיין מעשׂה פון מעשׂה־ביכל. ס׳איז געשען מיט מיר אליין. כ׳האָב אלע יאָרן די זאך געהאלטן בעסאָד, אָבער כ׳ליג שוין אין העקדעש און כ׳וועל פון דעם דאָזיקן בינטל שטרוי מער ניט אופשטיין. כ׳שפּיר עס, ברידער. פונדאנען וועט מען מיך שוין ארויסטראָגן אף דער טאהרה־ברעט. וויל איך, איר זאָלט וויסן דעם עמעס. כ׳וואָלט געשיקט נאָכן ראָוו און די פּארנייסים, מ׳זאָל עס פארשרײַבן אין פּינקעס, נאָר מײַן ברודער האָט קינדער, אייניקלעך, און עפּשער וועלן זיי זיך שעמען. סײַווי, די מעשׂה איז אזוי. איך שטאם פון יאנעוו, ניט ווײַט פון זאמאָשטש. מ׳רופט עס דעם מעלעך עוויענס גיטער, ווײַל ס׳איז דאָרט דאָ וויינציק נעגידים. מײַן טאטע, אָלעווהאשאָלעם, האָט געהאט זיבן קינדער, נאָר פינף זײַנען אים אוועקגעקומען — אופגעוואקסן געזונט ווי די דעמבעס און מיטאמאָל אוועקגעפאלן: דרײַ יונגען און צוויי מיידן. מ׳האָט גאָרנישט געוווּסט, וואָס ס׳איז זיי געווען: געקראָגן ס׳קאדאָכעס און געגאנגען א גאנג. נאָכן לעצטן, כאַיִם־יוינען, האָט די מאמע, מיִען זאָל זי זיך, גענומען אויסגיין ווי א ליכט. זי איז גאָרנישט געווען שלאַף. זי האָט אופגעהערט עסן און זיך געלייגט אין בעט. שאָכנטעס זײַנען ארײַנגעקומען און געפרעגט: ביילע־ריווקע, וואָס איז אײַך? זאָגט זי: גאָרנישט, כ׳גיי שטארבן. מ׳האָט געברענגט דעם רויפע, געשלאָגן אָדער, געשטעלט באנקעס, פּיאווקעס, אָפּגעשפּראָכן א בייז־אויג, געפאסט, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. זי האָט זיך אָפּגעמאטערט א פּאָר וואָכן און געוואָרן אײַנגעשרומפּן, א זעקל ביינער. נאָך דער ווידע האָט זי מיך צוגערופן און געזאָגט: דײַן ברודער ליפּע וועט זײַן שטעטל באשטיין, נאָר אף דיר, לייבוש, איז מיר א ראכמאָנעס.

דער טאטע האָט מיך ניט ליב געהאט. פארוואָס ווייס איך ניט. ליפּע איז געווען העכער פון מיר, געראָטן אין דער מאמעס מישפּאָכע. ער האָט געהאט א גוטן קאָפּ צום לערנען אויך, נאָר ר׳האָט ניט באגערט. איך האָב יאָ באגערט, נאָר האק און בראָק, ס׳איז אין איין אויער אריין און פון אנדערן ארויס. פונדעסטוועגן קאָן איך א פּארשע כומעש. מ׳האָט מיך באלד ארויסגענומען פון כיידער אויך. מײַן ברודער האָט זיך באנארישט, האָט דער טאטע אוועקגעקוקט. ער האָט נאָך אקעגנגערעדט. אָבער אז איך האָב עפּעס ניט געטאָן צו דער זאך, האָב איך גלײַך געקראָגן א קלאפּ. ר׳האָט געהאט, ער זאָל עס מיר מויכל זײַן, א שווערע האנט. אז ר׳האָט דערלאנגט א פּלעס, האָט מען דערזען די עלטערבאָבע. צײַט כ׳זעדענק, האָט ער מיך נאָר געשלאָגן און געטליקעט. פאר דער מינדסטער זאך האָט ער אראָפּגענומען דעם רימען פון די הויזן און ארײַנגעציילט אזוי, אז ס׳זײַנען געבליבן פּאסן

אפן לײַב. דאָ מעק דיך ניט, דאָ שטעל דיך ניט. אין בעסמעדרעש האָבן אלע ייִנגלעך ארומגעשטיפּט באם דאוונען, אָבער אז איך האָב פארפעלט און אָמיין, האָב איך גלײַך געקראָגן א זעץ. אין שטוב האָב איך געטאָן די שווערסטע ארבעט — מיר האָבן געהאט א קאשעמילכל און איך האָב א גאנצן טאָג געדרייט די ראָד. איך בין געווען דער וואסערטרעגער, דער האָלצהעקער, געהייצט דעם אויוון, גערייניקט ס'אָפּטריט. ווי לאנג די מאמע האָט געלעבט, האָט זי מיך באשיצט. אָבער אז די מאמע איז אוועק, בין איך געוואָרן ס'שטיפקינד. ס'האָט מיך פארדראָסן, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? מײַן ברודער ליפּע איז אויך אפ מיר ארומגעריטן. ער האָט נאָר מיט מיר געשאפט. לייבוש, טו דאָס, לייבוש, טו יענץ. ער האָט זיך ארומגעפירט מיט גנזעלן און געמאכט א שנעפּסל אויך. ער איז געווען אן אייגענער אין שענק.

אין שטאָט איז געווען א מויד, כאוועלע, האָט זי געהאט א נאָמען מיט איר שיינקייט, און מײַן ברודער האָט אף איר געוואָרפן אן אויג. דער פאָטער איז געווען א שניטקרעמער, א יוסטער באלעבאָס, און געוואָלט טאָן מיט זיינס גלײַכן, אָבער מײַן ברודער האָט זיך פארלייגט. ער האָט פארוואָרפן א נעץ. ר'האָט אָפּגעקויפט די שאדכאָנים, מ'זאָל איר ניט רעדן קיין שידעך. ר'האָט ארויסגעלאָזט א שעם, אז זי האָט א געהאנגענעם אין דער מישפּאָכע, אָבער ווייס איך וואָס. ווילע יונגען האָבן אים צוגעהאָלפן, ווײַל ר'האָט זיי געגעבן בראָנפן מיט מאָנפלעצלעך. ר'האָט געעפנט באם טאטן דעם שופלאָד און גענומען וויפל ר'האָט געוואָלט. ער'ט געטויגט צו מענטשן און געהאט א גלאט צינגל. דער סאָף איז געווען, אז כאוועלעס פאָטער איז געוואָרן מיד. מ'האָט ליפּען אוועקגעגעבן די יעפּאס־טויאר און די גאנצע שטאָט האָט געהוליעט אפן קנאסמאָל. א כאָסן גיט ניט קיין נאדן, נאָר ליפּע האָט איבערגערעדט דעם טאטן, ער זאָל מעסאקל זײַן צוויי הונדערט גילדן. מ'האָט אים צוגעגרייט אן אויסשטײַער ווי פאר א פאָרעץ. אף דער כאסענע האָבן געשפּילט צוויי קאפּעלעס, די יאנעווער און די בילגאריַיער. אזוי האָט מען זיך איינגעקויפט אין ייִכעס. כ'וויל אײַך דאָ זאָגן, אז מיר, דעם ייִנגערן ברודער, האָט מען אפילע ניט געמאכט קיין קאפּאָטע אָדער א פּאָר פלודערן. דער טאטע האָט צוגעזאָגט, אָבער ר'האָט אָפּגעלייגט. אז ר'האָט שוין גענומען צײַג אין געוועלב, איז געווען פאר די שנײַדערס צו שפּעט אופּצונייען. כ'בין ארומגעגאנגען אף דער כאסענע אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. די מיידלעך האָבן איבער מיר געלאכט און מיר נאָכגעטײַטלט. אָט אזא מאזל האָב איך געהאט.

כ'האָב גערעכנט, אז כ'וועל האָבן דעם אייגענעם סאָף, וואָס מײַנע ברידער און שוועסטער: אוועקפאלן און שטארבן. אָבער כ'האָב, אפּאָנעם, געהאט יאָרן. ליפּע האָט כאסענע געהאט און איז אריַין, ווי מ'זאָגט, מיטן רעכטן פוס. ר'האָט אָנגעהויבן האנדלען מיט טווּע און ס'האָט אים אָפּגעגליקט. הינטער יאנעוו איז געווען א וואסערמיל און זי האָט געהערט צו א שיינעם ייִד רעב ייִסראָעל מאלקעס. מײַן ברודער איז גלײַך געוואָרן בא דעם רעב ייִסראָעל מאלקעס. מײַן ברודער איז גלײַך געוואָרן בא דעם רעב ייִסראָעל־דאָווידן א קאָל־וועלאָך און ער האָט אים פארקויפט די מיל פאר א שיבעש. פארוואָס ר'האָט פארקויפט, ווייס איך ניט. מ'האָט גערעדט, אז ער וויל פאָרן קיין ערעץ־ייִסראָעל. ר'האָט געהאט א מישפּאָכע אין אונגארן. ר'איז באלד דערנאָך געשטאָרבן. די כאוועלע האָט געקינדלט, און קינדער האָט זי געהאט איינס שענער פון דעם אנדערן. מ'איז געלאָפן זיי אָנקוקן אף כידושים. מײַן טאטע האָט מיט דעם ליפּעס נאדן זיך אליין, ווי מ'זאָגט, אונטערגעגראָבן דעם פונדאמענט. ר'איז געבליבן אָן געלט. דער האנדל איז אוועק שלעכט, ר'האָט פארלוירן די קויכעס אויך. אויב עמעץ מיינט, אז מײַן ברודער ליפּע האָט אונטערגעשטעלט אן אקסל, האָט ער א טאָעס. ר'האָט זיך געמאכט קילע יודע, ס'גאנצע ביטערע הארץ האָט דער טאטע אויסגעלאָזט צו מיר. ר'האָט זיך נאָר געבייזערט, נאָר געזידלט און געשנידלט, וואָס ר'האָט צו מיר געהאט, ווייס איך ניט. ווען ער איז קראנק געוואָרן, האָב איך אים געוואשן, געבאָדן, געקעמט. דער מאָגן איז אים געוואָרן קאליע און וואָס מ'האָט אים געגעבן, האָט ער אויסגעבראָכן. די קרענק איז אריַין אין די פיס אויך,

ר׳האָט ניט געקאָנט גיין און כ׳האָב אים אלץ צוגעטראָגן. דערבײַ האָט ער געמאכט פון מיר אש און פּאַרעך. טיילמאָל האָט מיך אזוי צוגעדריקט, אז כ׳האָב געוואָלט אנטלויפן, וווּ די וועלט האָט אן עק. אָבער ווי לאָזט מען איבער א קראנקן טאטן? קורץ, כ׳האָב געליטן און געשוויגן. די לעצטע וואָכן האָט געברענט א געהענעם. דער טאטע האָט ניט אופגעהערט קרעכצן און דערבײַ האָט ער מיך געשאָלטן מיט טויטע קלאָלעס. מײַן ברודער ליפּע פלעגט ארײַנפאלן צוויי מאָל אין דער וואָך מיט א שמייכל און פרעגן: טאטע, וואָס מאכסטו? ניט בעסער, האַ? און אזויווי דער טאטע האָט אים דערזען, איז ער גלײַך געוואָרן אן אופגערוימטער. איך בין אים מוחל און זאָל אים גאָט מוחל זײַן. א מענטש ווייסט דען, וואָס ער טוט?

די גסיסע האָט געדויערט צוויי וואָכן, און אזא לאנגע גסיסע איז גאָר ניט געמאָלט. ער האָט יעדעס מאָל געעפנט אן אויג און מיך אָנגעקוקט מיט האס. נאָך דער לעווײַע האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער טאטע האָט מיך מעביר נאכלע געווען: אלץ אָפּגעשריבן ליפּען — ס׳הויז, ס׳קאשעמילכל, דעם אלמער, דעם בופעט, אפילו ס׳געפעס. אין שטאָט איז געוואָרן א געפּילדער. מענטשן האָבן גערעדט, אז מ׳טאָר דאָס גאָרניט אלפּי דין. מ׳האָט געפונען א פּאָסעק אין געמאָרע. מ׳האָט זיך אײַנגעלייגט, אז מײַן ברודער ליפּע זאָל פון גוטן ווילן אָפּטרעטן ס׳הויז, אָבער מײַן ברודער ליפּע האָט זיך אויסגעלאכט. ר׳האָט גלײַך פארקויפט ס׳הויז, ס׳קאשעמילכל מיט די זאכן האָט ער אריבערגעפירט צו זיך. כ׳בין געבליבן מיט איין קישן. כ׳זאָל קומען ריין צו גאָט, ווי ס׳איז די ריינע וואָר.

כ׳בין אוועק ארבעטן צו א סטאָליער און כ׳האָב קוים פארדינט אפן שטיקל ברויט. געשלאָפן בין איך אין א קעמערל. מײַן ברודער ליפּע האָט אינגאנצן פארגעסן, אז ר׳האָט א ברודער. אָבער ווער האָט געזאָגט קאדיש? איך, ניט ער. וואָרעם איך בין געווען אין שטאָט און אין דער מיל איז נישטאָ קיין מיניען. שאבעס, ווידער, האָט מען ניט געטאָרט גיין אין שול, ווײַל ס׳איז ניט געווען קיין ערווו. סײַווי, ר׳האָט זיך פון אלץ ארויסגעדרייט. אין אָנהייב האָט מען אים א ביסל בארעדט, פארוואָס ער לאָזט מיך פאלן. דערנאָך האָט מען געגומען טײַנען, אז מיסטאמע האָב איך פארדינט דעם שטעקן. אז מע טרעט אף א מענטש, ווערט יעדער איינער צוטרעטן מיטן פוס. כ׳בין שוין געוואָרן אן עלטערער באָכער, און ס׳איז מיר געוואקסן א בערדל, אָבער מ׳האָט מיר נישט גערעדט קיין שידעך. אויב מע האָט שוין יאָ גערעדט, איז מיטן ערגסטן געהינטעכץ. האלעמײַ זאָל איך לייקענען? ס׳איז מיר אויך געפעלן א מיידל, א שוסטערס א טאָכטער. כ׳פלעג זי זען, ווען זי האָט ארויסגעגאָסן ס׳פּאָמעשאַף. נאָר זי איז געוואָרן א קאלע מיט א באָנדער. ווער קוקט זיך אום אף א יאָסעם? כ׳בין ניט געווען קיין נאר. ס׳האָט מיך גאנץ גוט געקרענקט. טיילמאָל באנאכט האָב איך ניט געקאָנט צוטאָן קיין אויג, און מיך האָט געוואָרפן ווי אין ניכפּע. פארוואָס? פארוועןן? וואָס האָב איך דעם טאטן געטאָן? ס׳איז מיר אײַנגעפאלן, כ׳זאָל אופהערן זאָגן קאדיש, בער בײנע לעבײנע איז ס׳יאָר אריבער. צווייטנס, ווער רעכנט זיך אָפּ מיט א מעס?

איצט הערט א מײַסע.

## ב.

איינמאָל אין א פרײַטיקצונאכטס בין איך געלעגן אין קעמערל אף א בערגל שניצלעך. בא אונדז רופט מען עס הובליעכץ. כ׳האָב געהאט געארבעט א גאנצן טאָג שווער און ביטער. יענע יאָרן איז מען אופגעשטאנען צו דער ארבעט פארטאָג און פארן ליכטל האָט מען אָפּגעשלאָגן פון די שכירעס. כ׳האָב אפילו ניט געהאט קיין צײַט צו גיין אין באָד. פרײַטיק קאָכט מען קיין וואַרמעס, מ׳זאָל האָבן אפעטיט צו דער שאבעסדיקער סודע, האָט די באלעבאָסטע מיך פארטיילט. אלע האָבן געקראָגן א מיטלשטיקל פון פיש. מיר האָט זי דערלאנגט א ווײדל מיט בײנער. כ׳האָב זיך גלײַך געגומען קרעכן. די יויך איז געווען

וואסערדיק, אַן אויגן. פון פלייש האָט זי מיר אויסגעקליבן צוויי הינערשע פיסלעך און דעם האַרפּלאַקס. אכוץ דעם, וואָס מ׳קאָן עס ניט צעקײַען, פאַרגעסט מען דערפון ס׳לערנען. כ׳האָב אפילע ניט געקראָגן געווג כאַלע. דאָס צימעס האָב איך אינגאנצן ניט פאַרזוכט. כ׳בין אוועק מיך לייגן א הונגעריקער. ס׳איז געווען ווינטער. איך קעמערל איז געשטאַנען א קעלט און ס׳האָבן ארומגערודערט מײַז אויך. איך בין געלעגן אין געהאַקטע ווונדן אף א קופּע שניצלעך מיט שמאַטעס. און דער צאָרן האָט אין מיר געזאָטן אייש לעהאַוואָ. ס׳האָט זיך מיר געדוכט, אז ווען כ׳דערטאַפּ איצט מײַן ברודער ליפּען, וואָלט איך אים צעריסן אף פּיץ־פּיצלעך. אף דער כאַוועלען האָט מיר אויך פאַרדראָסן. בא לײַטן א שוועגערן איז בעסער ווי א ברודער, אָבער זי האָט נאָר געהאַט אין זין זיך און אירע שיינע קינדער, די ליאַלקעס. זי האָט זיך געפּוצט ווי א פּאַנעלע און אז זי איז אמאָל געקומען אין שול פירן א קאַלע, אָדער צו אן אופרופן, האָט זי אָנגעטאָן א הוט מיט א פעדער. ווו כ׳בין געגאַנגען און געשטאַנען האָב אין נאָר געהערט: ליפּע האָט דאָס געקויפט. זיי האָבן זיך נאָר געפּוצט און געצירט. זי האָט זיך געמאַכט א שמוישן־פּוטער און א פוקסן־פּוטער און אף זיך אָנגעהאַנגען אלערליי שמאָכטעס, און דאָ האָב איך זיך געוואַלגערט ווי א הונט און דער בויך האָט מיר געדרייט פון הונגער. כ׳האָב זיי געווּנטשן שעלטן און בעטן גאָט, ער זאָל אף זיי אָנשיקן אלע קרענק און אונטערגענג, און מאַלע וואָס ס׳פאַלט אלץ אײַן, אז ס׳קומט אָן די יוכע. אזוי בין איך אײַנגעשלאָפן.

אינמיטן דער נאַכט האָב איך מיך אופגעכאַפּט און דערשפּירט, אז כ׳מוז נעמען נעקאָמע. ס׳איז עפּעס אזוי געווען, ווי א שעד וואָלט מיך אָנגענומען בא די האָר און געשריגן: לייבוש, נעם נעקאָמע. כ׳האָב מיך אופגעשטעלט און אין דער פינצטער אויסגעזוכט א זאַק, האָב אים אָנגעפילט מיט שניצלעך. שאַבעס איז דאָס אלץ מעקיצע, נאָר כ׳האָב פאַרגעסן ס׳ײִדישקײַט. כ׳האָב געמיינט, ס׳איז מיר ארײַן א דיבעק. כ׳האָב מיך שטילערהייט אָנגעטאָן, גענומען דעם זאָק, צוויי שטיינדלעך מיט א קנויט צום פײַער מאַכן און זיך ארויסגעגאַנווּעט פון הויף. געגאַנגען בין איך אונטערציינדן מײַן ברודערס הויז מיט דער מיל, מיט דעם שפּײַכלער, מיט האַקל־באַקל־מאַקל. די נאַכט איז געווען פינצטער־כוישעך. דער וועג איז געווען א ווײַטער. געגאַנגען בין איך ניט דורך דער שטאָט, נאָר דורך הינטערוועגעלעך, דורך דעם געמויזעכץ, ווו מע פּאַשעט זומער קי, דורך לאָנקעס און פעלדער. כ׳האָב געוווּסט, אז איך פאַרליר אלץ: אוילעם־האַזע און אוילעם־האַבע. כ׳האָב אפילע געטראַכט וועגן דער מאַמען, וואָס וועט זי זאָגן אין קייווער? נאָר אז מ׳טרײַבט זיך ארײַן אין א רעציכע, איז שוין שווער אָפּצוהאַלטן. ווי זאָגט מען עס: זיך אויסשטעכן איין אויג, אבי יענעם ביידע. כ׳האָב אפילע ניט געזאָרגט, אז עמעץ קאָן מיך טרעפן אפן וועג: א פויער, אָדער ווייס איך ווער. כ׳בין געווען אזויווי מע זאָגט: כאָסער־דייע.

כ׳בין געגאַנגען און געגאַנגען, און דער ווינט האָט געבלאָזן, און די קעלט איז מיר ארײַן אין יעדן אייווער. כ׳בין געזונקען אין שניי איבער די קנעכלען. כ׳בין פון איין גרוב ארויס און אין אין אנדערן ארײַן. צוגעקומען צו די כאַינקעס — א דערפל אזא — זײַנען מיר באַפאַלן הינט. ווען איין הונט הייבט אָן בילן, נעמען אים אלע אָפּענטפערן. ס׳האָט מיך נאָכגעיאָגט א גאנצע טשאַטע קלאָווים, און כ׳האָב געמיינט, זיי וועלן מיך צערײַסן אף שטיקער. ס׳איז אויך א ווונדער, וואָס די פויערים האָבן זיך ניט איבערגעוועקט. מע וואָלט מיך גלײַך צורעכט געמאַכט, ווײַל זיי וואָלטן געמיינט, אז איך בין א פערד־גאַנעוו. כ׳האָב שוין געוואָלט אוועקוואַרפן דעם זאַק און צוריקגיין שלאָפן, אָבער גאָר אוועק איבער דער מעדינע, נאָר יעדעס מאָל האָט ס׳נישט־גוטס מיך פונסנײַ אָנגערייצט: איצט אָדער קיינמאָל ניט. כ׳בין געקראָכן אלץ ווײַטער און ווײַטער. שניצלער זײַנען גרינג, אָבער אז מ׳טראָגט לאַנג א זאַק, נעמט ברעכן די ביינער. כ׳בין אזש באַגאָסן געוואָרן מיט שווייס, ווי מ׳זאָגט אף מעסירעסנעפעש.

איצט הערט א טראַף.

כ׳גיי און פלוצעם זע איך, אז דער הימל רויטלט זיך. זאָל שוין זײַן פאַרטאָג? ס׳האָט זיך מיר עפּעס ניט געגלייבט, ווײַל ס׳איז געווען באַלד נאָכן קורצן פּרײַטיק, ווען די נעכט זײַנען לאַנג. איך בין שוין געווען ניט ווײַט פון דער מיל. איך הייב אָן שפּאַנען גיכער, קימאַט לויפן. וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברײַען? כ׳קום צו און זע, אַז די מיל ברענט. דעם ברודערס הויז שטייט אין פלאַמען. איר האָט שוין געהערט עפּעס אַזוינס? איך קום אונטערצינדן אַ נאַכלע און אַלץ ברענט סײַוויסײַ. אַ מינוט בין איך געבליבן שטיין ווי באַנומען. ס׳האָט זיך מיר אַזש אַ הייב געטאָן אין מויעך. כ׳האָב געמיינט, כ׳וועער מעשוגע. כ׳טו אַ וואָרף אַוועק דעם זאַק און לאָז זיך לויפן פײַל־אויסן־בויגן. כ׳האָב גענומען שרײַען אויך. כ׳וויל ארײַנלויפן אין מיל, אָבער דאָ דערמאָן איך מיך אָן ליפּען מיט דער מישפּאָכע. כ׳לויף ארײַן אין הויז: פלאַמען פײַער! פון רויך זײַנען, אַפּאָנעם, אַלע געוואָרן פאַרכאַלעשט. באַלקעס ברענען. ס׳איז ליכטיק ווי סימכאַסטוירע, די היץ באַקט ווי אַן אויוון. כ׳לויף אין שלאָפשטיבל, טו אַ כאַפּ דעם ברודער, ברעך אויס ס׳פענצטער און וואַרף אים אַרויס אין שניי. באַלד כאַפּ איך ס׳ווײַב, אַ קינד, נאָך אַ קינד, ס׳גאַנצע געזינדל. כ׳וועער שיר ניט דערשטיקט. כ׳ראַטעווע אַלע אַרויס, אַזויווי ס׳לעצטע נפֿעש איז געראַטעוועט, אַזוי טוט אַ פאַל אײַן דער דאַך. אין דרויסן מינטערט מען זיי אָפּ. פון די גוואַלדן מײַנע לויפן זיך אָן די גויעס. פון ברודערס הויז איז גאָרנישט געבליבן. אַ באַרג אַש מיט אַ קוימען. אָבער די מיל האָט מען אָפּגעלאָשן. אינמיטן דערזע איך מײַן זאַק. כ׳וואַרף אים ארײַן אין פײַער און ער ווערט פאַרברענט. דעם ברודער מיטן הויזגעזינד האָט מען אריבערגעפירט צו שכיינים, דערווײַל איז געוואָרן טאָג.

ווען מײַן ברודער איז געקומען צו־זיך, פרעגט ער: וואָס איז דאָ פאַרלאָפן? ווי האָסטו דיך גענומען אהער? כ׳האָב ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. מײַן שוועגערן לאָזט אַרויס אַ געהויל: דאָס האָט ער אונטערגעצונדן. און זי וויל מיר אויסקראַצן די אויגן. די פויערים באַפאַלן מיך אויך: וואָסער טײַוול האָט דיך פאַרטראָגן אהער? ס׳לאָשן ווערט מיך אָפּגענומען, און זיי דערלאַנגען מיך מיט די קלאָניצעס און מ׳נעמט מיך שלאָגן מאַקעס רעצעך. ווען מײַן ברודער האָט געזען, אַז כ׳בין שוין אינגאַנצן אַ צעמאַזיקטער, רופט ער זיך אָן: גענוג, שכיינים, ס׳איז דאָ אַ גאָט, וועט ער אים שטראָפן, און ער טוט מיר אַ שפּײַ אין פּאָנעם.

כ׳האָב ווי־ס׳איז דערגרייכט אהיים. כ׳בין ניט געגאַנגען, נאָר מיך געשלעפּט אַ צעבלוטיקטער אָף אַלע פיר, ווי אַן אונטערגעשאָסענע כײַע. עטלעכע מאָל האָב איך מיך געמוזט אַראָפּזעצן און קילן די ווונדן אין שניי. כ׳קום אהיים און אין שטאָט הייבט זיך ערשט אָן דער רעכטער האַרמידער. אַלע פרעגן: ווו ביסטו געווען? פונוואַנען האָסטו געוווּסט, אַז באַ דײַן ברודער איז אַ סרייפע? דערווײַל ווערט מען געוואָר, אין וואָס מ׳איז מיך כוישעד. דער סטאָליער גייט ארײַן אין קעמערל און מאַכט אַ גוואַלד, אַז ס׳פעלט אים אַ זאַק. גאַנץ יאַנעוו ליאַרעמט, אַז איך האָב אינמיטן פּרײַטיקצונאַכטס אונטערגעצונדן דעם ברודערס הויז. כ׳האָב געזען, ס׳איז שלעכט, מ׳עט מיך נאָך אײַנזעצן אין טפיסע, אָדער מיך צובינדן צו דער קונע אין פּאָליש, און כ׳האָב אויקער געווען. אַ באַלעגאָלע האָט אָף מיר געהאַט ראַכמאָנעס און שאַבעסצונאַכטס מיך אַרויסגעפירט קיין זאַמאָשטש. ער האָט ניט געפירט קיין פּאַסאַזשירן, נאָר לאַסט און ר׳האָט מיך ארײַנגעשטופּט צווישן די פּעסער. איז זאַמאָשטש האָט מען זיך אויך דערוווּסט פון דער זאַך, און כ׳בין אַוועק קיין לובלין. אין לובלין בין איך געוואָרן אַ סטאָליער. כ׳האָב כאַסענע געהאַט, נאָר מײַן ווײַב האָט ניט געהאַט קיין קינדער. כ׳האָב געאַרבעט שווער, נאָר קיין מאַזלבראָכע איז ניט געווען אין מײַן אַרבעט. מײַן ברודער ליפּע איז געוואָרן אַ מאַגנאַט — האַלב יאַנעוו האָט צו אים געהערט, — נאָר כ׳האָב קיינמאָל ניט דערהאַלטן פון אים קיין תמונת־אות. ער׳ט זיך מעשאַדעך געווען מיט ראַבאָנים, גווירים. ער איז שוין ניטאָ, אויסגעלעבט די יאָרן אין אוישער און אין קאָוועד.

כ׳האָב ביז איצט די זאַך קיינעם ניט דערציילט, ווער וואָלט מיר געגלייבט? כ׳האָב גאָר ניט געוואָלט מ׳זאָל וויסן, אַז כ׳בין אַ יאַנאָוועװער. אַז מ׳האָט מיך געפרעגט, האָב איך געזאָגט, כ׳בין אַ שעברעשינער, נאָר איצט, אַז כ׳ליג אָפּן טויטנבעט, צו וואָס זאָל איך זאָגן ליגן? ס׳איז עמעס, ברידער, דער גאַנצער עמעס. איין זאַך פאַרשטיי איך ניט און כ׳על שוין ניט

פאַרשטיין, ביז מ׳עט מיר לייגן שערבלער אַף די אויגן: פּאַרוואָס איז עפּעס גראָד דעמלט געווען באַם ברודער די סרייפע? אַנומלט איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז מײַן קאַס האָט זיך אָנגעכאַפּט באַם ברודערס הויז. וואָס זאָגט איר, ייִדן?

— פֿון קאַס צינדט מען ניט אונטער קיין הויז.

— כ׳ווייס... מ׳זאָגט דער קאַס ברענט.

— דאָס רעדט זיך בלויז אַזוי.

— נו, אָבער אַז כ׳האָב דערזען ס׳פײַער, האָב איך פאַרגעסן אַלע כעזשבוינעס און גערעטעוועט. ווען ניט איך, וואָלטן זיי אַלע געווען פאַרברענט אַף קויל. איצט, אַז כ׳האַלט באַם שטאַרבן, איז מײַן ווילן, מ׳זאָל וויסן דעם עמעס...

# קוקעריקו

## א.

קוקעריקו! אַף אײַער מענטשלעך לאָשן הייסט עס: גוט־מאָרגן, אַ גוטן אופשטאַנד, ס׳טאָגט שוין אין פּינטשעווו. איר, מענטשעלעך, האָט אַ סאַך ווערטער, אָבער מיר, הענער, האָבן בלויז איין וואָרט און מ׳קאָן דערין אַלץ אַרײַנטײַטשן. וואָס קוקעריקו הייסט אַלץ! ווי זאָגט מען עס בײַ אײַך: ס׳ווענדט זיך, ווו דער כאַמויר שטייט אײַן. אַלץ הענגט אָפּ אין דעם ניגן, דעם טראָפּ, דעם קוועטש, דעם ציקלעניש. איך בין אַן אָריגינעל פֿון דעם האָן, וואָס איז געשטאַנען אַף שלוימע האַמעלעכס שטול און כ׳קען לעשוינעס, דעריבער זאָג איך אײַך, אַז איין קוקעריקו איז בעסער ווי ניין מאָס רייד. ס׳איז ניט אַזוי ווײַט דער רוף ווי דער פּאַטש מיט די פֿליגל, דער אויפֿן ווי דער קאַם צינדט זיך אָן, דאָס אופרײַסן דעם שנאָבל, דאָס אָנבלאָזן די פֿעדערן פון האַלדז. פאַראַן אַפילע דאָס, וואָס מ׳רופט בײַ אײַך דיאַלעקטן. אַ האָן אַ ליטוואַק קרייעט קוקעריקו און אַ פּוילישער קרייעט קיקעריקו, און פּאַראַן הענער, וואָס זײַנען גוירעם קאָקעריקאָ. פרעגט ניט קיין קלאָץ־קאַשעס. יעדער האָט זײַן נוסעך, געיאַרשנט פֿון דוירעס. אַפילע דער אייגענער האָן קרייעט ניט צוויי מאָל אַפֿן אייגענעם שטייגער. מ׳האָט אַן אויער, הערט מען. איך שטאַם פֿון דער מאַמעס צאַד פון דעם אויערהאָן. איך קאָנט מיך אַרײַנזעצן אין אַ פינצטערער שטײַג, און איכ׳ל אײַך זאָגן לויט דעם טאָן ווי די הענער קו־ייען און הינער קוואָקען, צי ס׳טאָגט, אָדער ס׳דעמערט, צי דער הימל איז אויסגעלײַטערט, אָדער פאַרוואָלקנט, צי ס׳איז לינד, אָדער ס׳שטעלט זיך אַ פראָסט, צי ס׳רעגנט, ס׳שנייט אָדער ס׳האָגלט. איך ווייס אַלפּי שמיע צי די לעוואָנע איז אַ פולע, אַ האַלבע, אָדער גאָר אַ מוילעד. איך דערקען אַפילע אַ ליקוי־כאַמע, כ׳ווייס טויזנט זאַכן, וואָס פֿאַלן אײַך, מענטשן, אַפילע ניט אַפֿן רעיוין. איר רעדט צופיל און איר ווערט דערטרונקען אין אייגענעם גערעדעכץ. דער עמעס ליגט באַהאַלטן אין איין וואָרט: קוקעריקו.

כ׳בין ניט קיין נעכטיקער. ס׳איז שוין פאַרבײַ פאַר מײַנע אויגן אַ וועלט מיט הענער און הינער. אין דעם קאַטוך, ווו איך זיץ, זײַנען שוין געזעסן מיקאָל־האַמינים. מ׳האָט שוין דאָ אַפילע מסרס געווען אַ האָן און אים געשטאָפּט. כ׳ווייס וויל דעם סאָף: זה התרנגל ילך למיתה. צי מ׳וועט שלאָגן מיט אים קאַפּאָרע, צי מ׳וועט אים אָוועקלייגן אַף פייסעך, סוקעס

אָדער אַפּ שבת־שירה — דער שויכעט וואָרט, דער כאַלעף איז שאַרף, אַלץ איז גרייט: די ווייך־קיילע, דאָס זאַלץ־ברעטל, דער טאָפּ פון יויך, דער טאָפּ פון געדושעכץ, צי גאָר דער בראָט־אויוון. ווי זאָגט איר? כ׳לייג מיר ניט קיין פייגעלעך אין בוזעם. מיסטבאַרג איז פול מיט אונדזערע קעפּלעך און קישקעלעך. יעדע שלימאַזלניצע טראָגט זיך אַרום מיט אונדזערס אַ פּלעדערוויש. אַפילע ס׳זאָל געשען אַ טראַף און כ׳זאָל אויסמײַדן ס׳שעכט־מעסער, וועל איך אויך אייביק ניט אָנטרײַבן. כ׳האָב אַ נאָגל אין פּופּיק. ס׳וואַקסט מיך אַ פּיפּעטש. כ׳האָב, ניט פאַר אײַך געדאַכט, פּאָקן אין די געדערעם. מ׳איז ניט מער ווי אַ זינדיקער האָן. מ׳שלינגט אַראָפּ אַ דראָט, אַ שטיינדל, אַ נאָדל, אַ שלענגל. די קערנערלעך אין קראָפּ זײַנען האַרט און מ׳דאַרף זיי צעמאָלן, יעדעס אָף האָט זײַן סאָף.

וואָס זשע דען? ס׳איז דאָ אַ טשוווע אַף אַלע קאַשעס און דאָס איז: קוקעריקו. קוקעריקו פאַרענטפערט אַלע פּרעגעכצער, באַשיידט אַלע רעטענישן, שלאָגט אַרויס יעדע מאָרעשכוירע. מ׳קוילעט דעם האָן, ניט דעם קוקעריקו. דער קוקעריקו איז אייביק. מיר האָבן געקרייעט לאַנג פאַר אָדאָם האָרישן און מיר וועלן, מירצעשעם, קרייען לאַנג נאָך דעם, ווי אַלע שאָכטים און אַלע הינערפרעסער וועלן ליגן קאַפּויר. וואָס איז דען האָן? וואָס איז הון? וואָס איז גאָרגל, ביילִיק, פּאָלקע, העלדזל? ניט מער ווי אַ נעסט פאַר דעם קוקעריקו. די נעסט צעפאַלט, דאָס פייגעלע פליט אַוועק, די מאַמע האָט פאַרלייגט מיטן קעפּל, אָבער זי האָט געלייגט אַן איי. אויב זי האָט אַפילע ניט געלייגט קיין איי, האָט זי אָפּגעזונגען איר זינגעניש און אָפּגעצוויטשערט איר צוויטשעריש. דאָס קאָן קיין שום קוילער ניט אָפּקוילען. פאַראַן אַ הימלשער האָן, דער טאַרגל שעל מיילאָ, און מיר, ערדישע הענער און הינער, זײַנען זײַן אָפּבילד, און פאַראַן אַ הימלשער קוקעריקו, וואָס מיר דאָ ציִען פון אים נעגינע. ער קרייעט דורך אונדזער גאָרגל. ער ריכט אָפּ דורך אונדז כצאָס. ער שטייט אויף מיט אונדז האַסקאָמע, ברן יאָכיד קויכבי בוקר. פאַראַן אויך אַ הימלשע הון. איר, מענטשן, גריבלט אײַך אין קאַבאָלע־ספאָרים, אָבער בא אונדז ליגט די קאַבאָלע אין מאַרך פון די ביינער. וואָס איז דען קוקעריקו? אַ שעם־האַמפּיירעש.

כ׳זאָג עפּשער אויס סוידעס. נאָר צו וועמען רעד איך? צו טויבע אויערן. וויבאַלד אײַערע אָוועס האָבן ניט געקאָנט דערגיין דעם סאָד פון קוקעריקו, וועט איר אים אַוודע ניט דערגיין. אין די ווײַטע מעדינעס, זאָגט מען, זײַנען פאַראַן מאַשינען אַזוינע, וואָס מ׳בריט אויס הינער אין די מילי־מיליאַסן, מ׳רוקט זיי אַרויס פון די שופלעדער. אַ שעכטהויז איז אַזוי גרויס ווי אַ מאַרק. איינער בינדט, איינער שנײַדט, איינער פליקט. וואַנעס ווערן פול מיט בלוט, פעדערן פליִען. יעדע רעגע הויכן אויס דאָס נעפעש טויזנט אויפעס. נו, קאָן מען אַזויאַרום אונדז פאַרטיליקן?

אַזוי ווי כ׳רעד, נעמט מיך בײַסן אונטער די פליגל. כ׳וויל מיך אײַנהאַלטן, נאָר כ׳קאַן נישט. ס׳קרעלט אין האַלדז, די צונג ציטערט, ס׳בײַסט אין שנאָבל, ס׳בריט אין קאַם. יעדע פעדער גיסט זיך אָן מיט זאַפט. כ׳וויל ניט, נאָך כ׳מוז! קוקעריקו!..

## ב.

קעגן דעם, וואָס איר זאָגט: הינער. יאָ, הינער, מ׳דאַרף זיי ניט שעצן גרינג. ווען כ׳בין געווען אַ יונג הענדל — קאַד האַווינאַ טליאַ — איז בא מיר אַ הון געווען גאָרנישט מיט נישט. וואָס איז אַ הון? קיין קאַם, קיין שפּאָרן, קיין קאָלירן אין עק, קיין קויעך אין די נעגל. קוואָקעט אָפּ די פּאָר יאָר, לייגט אייער, זיצט אַף אייער, רײַבט דעם ווי־הייסט־מען־עס אין דער ערד, מאַכט פרומע שטיק. כ׳האָב פרי אָנגעהויבן צו זען די הינערישע פאַלשקײַט, גיט זיך אונטער יעדן טאַקיף. צווישן זיך אַליין אַף דער אייגענער גרענדע, איז ווער ס׳איז שטאַרקער, יענע פּיקט די אַנדערע. כ׳האָב, ווי איר שטויסט זיך שוין אָן, פײַנט באַריידעוודיקײַט, אָבער אַ הון קאָן רעכט ניט שווײַגן. קוואָ־קוואָ און קוואָ־קוואָ. מײַן קלאַל

איז אל תרבה עם התרנגולת: יאָ־יאָ, ניין־ניין. צוואַר. מ׳קאָן זיך אָן זיי ניט באַגיין. יעדער איינער האָט א מאמע — נו, איז באשר־בכן? מ׳קאָן ניט בלייבן שטעקן אין אייער־שאָלעכץ.

אָבער דאָס איז אלץ הענדלשע גרויסהאלטעריי. אז מ׳ווערט עלטער, באַנעמט מען, אז אזוי מוז זיין. זאָכער און נעקייווע זיינען אין אלע אוילאָמעס. אין אלע הימלען, אלץ איז זיווּעג, פון א מוק ביז א ווילזטיר, פון דעם תרנגול פון ביז דעם תרנגול העליון קוואָ־קוואָ און טאקע ניט קוקעריקו. אָבער א הון איז אויך ניט קיין שיפּע זיבעלע. אייערע כקירים האָבן ליב צו פרעגן: וואָס איז געווען פריער, די הון אָדער דאָס איי? הינער פּלוטעכעס שפּאָרן זיך טיילמאָל, וואָס ס׳איז געקומען פריער, דער קוקעריקו אָדער דער קוואָ־קוואָ. אָבער ס׳איז אלץ פּוסט פלאַפּלעניש. אף יענער זייט פלויט איז ניטאָ קיין פריער און קיין שפּעטער. א סוואָרע, אז ס׳איז ניט געווען קיין ערשט איי און ס׳וועט ניט זיין קיין לעצט איי. ערשט און לעצט זיינען דאָס אייגענע. פריער איז שפּעטער, און שפּעטער איז פריער. איר פאַרשטייט ניט? דער ענטפער איז: קוקעריקו.

כ׳האָב פינף ווייבער און יעדע איינע איז א מעיוכעסטע פאר זיך. קארע איז א מעיוכעסטע און אזוי מוז בלייבן. ווו דער ייכעס ליגט, פרעגט מיך בעכיירעס, אָבער ס׳איז פאַרט אזוי. קארע איז פעט, געלאסן, מיט א ווייס לעבערל, גילדענע אויגן, גייט פּאמעלעך, מישט זיך ניט מיט אנדערע הינער. אז די באלעבאָסטע שיט אויס א הויפן הירזש, לויפט דאָס פּעבל כאַפּן, אָבער קארע האָט צייט, זי האָט ביטאָכן אויך. דאָס קערנדל, וואָס איז איר באשערט, וועט ניט אוועקומען. האלט זיך ריין, האכשיוועסדיק, קוקט ניט אף קיין זכאָרים, מיידט אויס צאַנקערייי, האָט ניט די כאזאָקע צו פיקן אלע קאָנקורענטקעס, אָבער ס׳פּאסט איר ניט אָנצוהייבן מיט יעדער פליאסקעדריגע. קוואָקעט ווייניקער פון אלע, און די אייער, וואָס זי לייגט, זיינען גרויסע, ווייסע. זי איז שוין יאָרן מיין פלוינעסטע, נאָר כ׳ווייס נאָך אלץ ניט מאי דקארמי רעבעצן. אז כ׳פרעג זי, ענטפערט זי קוואָ, אָבער וואָס איז קוואָ? דערוף דאַרף מען א פּיירעש. קיין גרויסע יעיצערהאָרע האָב איך ניט צו איר און זי צו מיר אויך ניט. אָבער כ׳האָב מיט איר מער צוויקעלעך ווי מיט אנדערע. זיצט אויס יעדעס יאָר צוויי טוץ אייער. טוט אלץ, וואָס א הון דאַרף אָן טייַנעס ומינוס, אז זי׳ט זיך אופהערן לייגן, וועט מען זי אוועקלייגן און ס׳וועט זיין פון איר א היפש ביסל שמאלץ און א יויך מיט רענדלעך. כ׳בין כוישעד, אז זי ווייסט אפילע ניט, אז ס׳איז דאָ אזא זאך ווי טויט, ווייל זי האָט ליב זיך צו שפּילן מיט די קישקעלעך פון אירע שוועסטער. דאָס איז קארע.

ציפּ־ציפּ איז דער סאמע הייפּעך: רויט, דאר, ביינִיק, א שרייערן, א פרעסערן, א באלטייוועניצע און פעפערזיכטיק — פייער און פלאַס, רייסט זיך ארום מיט אלע הינער, נאָר האָט מיך ליב סאקאָנעס־נעפאָשעס. אזויוי זי דערזעט מיך, טוט זי זיך א זעץ אראָפּ, א שפּרייט אויס די פליגל. אף אייער לאָשן איז דאָס חובעח בפּה, אָבער כ׳בין איר אלץ מויכל. זי צאַפּלט, צאַפּלט. ס׳ציטערט איר יעדער איווער. אייער לייגט זי קליינע, מיט פּארבלוטיקטע שאָלן. צייַט איך קען זי האלט זי אין איין שרייען. לויפט ארום איבערן הויף ווי אן אָפּגעסאמטע. האָט אוּלעס. די האָט זי געפיקט, יענע האָט זי געביסן, די דריטע האָט בא איר אויסגעצופּט א פּיצל פּוך, די פערטע האָט איר צוגערויבט א ברעקל פון אונטערן שנאָבל. לייגט אייער און געדענקט ניט ווו. פרוווט פליען און ברעכט שיר ניט א פוס. דאָ איז זי אף א בוים און דאָ אפּן דאך, באנאכט אף דער גרענדע טוט זי ניט צו קיין אויג, ראַנגלט זיך, קוואָקעט, קאָן קיין אָרט ניט געפינען. דער האָבער שטעכט זי. מ׳וואָלט זי שוין לאנג געשאָכטן, ווען זי איז ניט אזוי אויסגעדארט און אויסגעקווארט, עסט זיך אוף לעבעדיקערהייט — אָבער פארוואָס? דאָס איז ציפּ־ציפּ.

טשיפּ־טשיפּ איז אינגאנצן ווייס. א הון אָן א גאל. גוט ווי דער גוטער טאָג, שטיל ווי א טויב, אנטלויפט פון מאכלויקעס ווי פון פייער. באם מינדסטן קידער־ווידער ווערט איר פארשלאָסן די טראכט. האָט מיך ליב מיט א צנועסדיקער ליבשאפט, האלט מיך פאר א הינער־יעגער, נאָר דריקט אלץ אין זיך. קוואָקעט מיט א שטיל זינגענדיק קוואָקעניש און

ווערט פעטער פון טאָג צו טאָג. איז, אפּאָנעם, ניט קיין איבעריקע כאכאָמע. אז זי וויל זיצן אף אייער און ס'איז ניטאָ אף וואָס צו זיצן, איז זי קאפּאבל זיך אוועקזעצן אף א ווײַס שטיינדל. אנומלט איז זי אויסגעזעסן דרײַ קאטשענע אייער. ווי לאנג די קאטשקעלעך זײַנען ניט געקראָכן אין וואסער, האָט טשיפּ־טשיפּ געמיינט, אז ס'זענען הינדלעך, אָבער אז די מאמזיירים האָבן זיך געלאָזט שווימען אין דער קאליוזשע, האָט טשיפּ־טשיפּ זיך שיר ניט געטעקט. זי איז געשטאנען באם ברעג און דאָס מאמישע הערצל האָט שיר ניט געפּלאצט פון זאָרג. כ'האָב איר געפּרוּווט געבן צו פארשטיין, וואָס א מאמזער איז, נאָר גיי רעד צו א דערשראָקענער מאמע. צוליב עפּעס א סיבע האָט טשיפּ־טשיפּ ליב ציפּ־ציפּ און טוט איר אלע געפּעליקײַטן, אָבער ציפּ־ציפּ איז איר א דאָס־סוינע. אן אנדערע אף טשיפּ־טשיפּס אָרט וואָלט איר שוין לאנג די אויגן אויסגעקראצט, נאָר טשיפּ־טשיפּ איז גוט און פארלאנגט ניט קיין באלוינונג, איז פול מיט גנאָד אין נאָמען פון עפּעס א כעסעד, וואָס קומט פון אויבן, פון דער הימלשער הון — דאָס איז טשיפּ־טשיפּ.

פּרע־פּרע איז די געמיינסטע הון, וואָס כ'האָב ווען־ס'איז באגעגנט, א שפּאָן, א גאנעווטע, א מאָטלערן, א שלעגערן, א ניט־פּארגינערן, שעלט מיט טויטע קלאָלעס, טוט יעדן אף צעפּיקעניש, איז בלינד אף אן אויג פון א שטרײַט מיט איר ערשטן מאן, זאָל אים דער מיסטבארג גרינג זײַן. איז א זוינע, אזוינע־און־א־זוינע. האָט צו טאָן מיט פּרעמדע הענער, קריכט אין אלע הויפן, גראבלט זיך אלע מיסטן, האָט א קאם פון א האָן און א קאָל פון א האָן. ווען די לעוואָנע איז פול, נעמט זי קרייען, ווי א דיבעק וואָלט אין איר ארײַן. לייגט אן איי און פּרעסט עס אליין אויף, אָדער צעפּיקט עס גלאט אזוי פון שאלקהאפּטיקײַט און לאָזט עס אויסרינען. כ'האָב זי פּײַנט, די אוכמעסע באס אומכעסע. כ'האָב שוין וויפל מאָל געשווירן ניט צו האָבן קיין מאכזייקעס מיט דעם אויסגעלאסענעם שטיק, אָבער ווען זי באגערט דאָס איריקע, נעמט זי זיך אונטערלעקן, כאנפענען, קוקן אין די אויגן ווי א בעטלערן. כ'בין בעטעווע ניט קיין שלעגער, נאָר פּרע־פּרע האָט בא מיר א שלעכטע מאראָכע. איך כאפּ זי אָן, די כוצפּעניצע, באם טשיפּיק און רײַס איר ארויס א פּעדער. כ'יאָג זי איבערן גאנצן הויף און מאך פון איר אש און פּאָרעך. די אנדערע ווײַבער מײַנע מײַדן זי אויס ווי א מעצורע, וואָס די הינער ווינטשן איר, זאָל איר אָנקומען א צענטכיילעק, וואָלט אויך געווען גענוג. די באלעבאָסטע האָט זי שוין וויפל מאָל געוואָלט כאפּן און שיקן צום שויכעט, נאָר גראָד ווען מ'דארף זי, איז זי ניטאָ אינדערהיים, די ארומלויפערן, דער טעליק, דאָס הינערישע געהינטעכץ. דאָס איז פּרע־פּרע.

קוואָקעלע איז מײַן טאָכטער, און א טאטע באַרעדט ניט קיין טאָכטער, אפילע ווען זי איז זײַן ווײַב. כ'קוק אף איר און גלייב ניט די אייגענע אויגן: ווען איז זי אויפגעוואקסן? ערשט נעכטן, דוכט זיך, איז דאָס געווען א פּיצעלע אייפּעלע, ערשט פון דער אייער־שאָל, קוים באדעקט מיט פּוך, אָבער זי מאכט שוין הענדלעך, קאָן שוין אלע הינערישע קונצן, לייגט שוין אייעלעך, כאָטש קליינע, נאָר איניגיכן וועל איך זײַן דער טאטע פון מײַנע איניקלעך. כ'האָב זי ליב, נאָר כ'בין כוישעד, אז איר הערצל געהערט צו אן אנדער האָן, דעם שיקלדיקן טיפּעש אף יענער זײַט צוים. וואָס זי זעט אין דעם צעשויבערטן גאלאגאן, הייב איך ניט אָן צו וויסן, נאָר וואָס ווייסט א האָן, וואָס א הון זעט אין אן אנדער האָן? זי קאָן געפינען א פּעדערל אין ווידל, א צאָן אין א קאם, א זײַטיקער שפּאָרן אָדער גאָר דער שטייגער ווי יענער שארט מיט די פיס אין זאמד און מאכט א שטויב. וואָס בא הענער איז אן איקער, איז בא הינער א לעבנזאך און פארקערט אויך. כ'בין צו איר גוט, נאָר זי שאצט עס ניט אָפּ. כ'גיב איר אייצעס, נאָר זי האָרכט מיך ווי דעם קאָטער. כ'היט זי ווי דאָס שווארצאפּל פון אויג, נאָר זי רײַסט זיך נײַערט צו די הינערישע אוואנטיורעס. דער נײַער דאָר איז עפּעס אינגאנצן פארשארט; אָבער וואָס קאָן איך טאָן? איין זאך וויל איך: ווי לאנג איך לעב, זאָל זי אויך לעבן, דערנאָך קאָן מען קיין אויפּעס ניט פארזאָרגן. דאָס איז מײַן קוואָקעלע. אן אָפּלייזער זאָל איך זײַן פאר איר מינדסט נעגעלע.

אײַערע יודע־כּײן װײסן װױל, קוקעריקו איז עמונע. װאָס דען, סײכל? אָבער עמונע אַלײן האָט מאַדרײגעס. אַמאָל טוט זיך אַ װעפּ אױס דאָס ביסל עמונע און דער האָן װערט באַ זיך אינגאַנצן געפּאַלן. די פליגל פאַלן אַראָפּ, דער קאַם װערט װײַס, די אױגן פאַרגלײזט און דער קרײ בלײַבט שטעקן אין גאָרגערעס. צו װאָס קרײען? פאַר װעמען? און װי לאַנג? הענער קרײען שױן אַזױ פון קאַדמױנים און װאָס איז דער טאַכלעס? אַז מע הײבט אָן טראַכטן פון צײַט, איז ניט גוט. ס'טרעפט אַפילע, אַז אַ האָן צװױיפלט זיך. יאָ, הענער קאָנען װײנען. הערט זיך צו אַמאָל צו דעם געקרײ פון הענער אין דער נאַכט, װען איר, מענטשעלעך, זאָגט שלו שעשרה מידעס. װען מענטשן װאָלטן געהאַט אױערן צו הערן דאָס געװײן פון באַלעכאַים, װאָלט מען אַװעקגעװאָרפן אַלע כאַלאָפים.

נאָר לאָמיר אײַך דערצײלן אַ זאַך.

די נאַכט איז געװען אַ פינצטערע, די הינער האָבן געדרעמלט, אָדער זיך געמאַכט דרעמלענדיק. ס'איז געװען טאַקע אין די אַשערס־אײװי־טשװע, ערעװ דעם גרױסן קאַפּאָרע־שלאָגן. אַ גאַנצן טאָג איז געשטאַנען אַ כמימע. באַנאַכט איז דער הימל געװאָרן אָנגעװאָלקנט. דאָס ריפּטל לעװאָנע איז פאַרדעקט, די לופט איז װאַרעם און געדיכט װי די בלאָטע אין קאַטשקע־טײַכל. ס'בליצט, נאָר אָן דונערן, אָן רעגן. די מענטשן האָבן צוגעמאַכט די לאָדנס און שװיצן אונטער די איבערדעקן. די גראָזן גליװערן, די בלעטער פון עפּלבױמס זײַנען שטאַר. אַפילע די פעלד־גרילן זײַנען אײַנגעשלאָפן, אַפילע די פרעש אין געמױזעכץ האָבן אײַנגענומען שטומעניש, אַפילע די מױלװאָרפן רוען אונטער די בערגלעך און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון גילגל־מעכילע. אַלץ שװײַגט, אַלץ שטומט, אַלץ האַלט אײַן דעם אָטעם. ס'דוכט זיך: די װעלט האָט געפּרעגט אַ האַרבע קאַשע און װאַרט אָן אָנגעלאָדענע אױף ענטפער. יאָ אָדער נײן, אַהין אָדער אַהער! װײַטער קאָן אַזױ ניט בלײַבן, אױב ס'קומט ניט קײן טשװע ברײרע, קערט זיך אַלץ אום צום טױהו־װעוואָהו. ס'װעט װידער װערן פאַר־אַלע־פריערס אָן אָפּגרונט אָן אַ באָדעם, אַ פינצטערניש, װאָס ס'קומט נאָך איר ניט קײן ליכט, אַ גאָרנישט, װאָס װײסט ניט, אַז ס'איז גאָרנישט. אין מיר, דעם האָן, שװײַגט יעדעס גליד. ס'האַרץ קלאַפּט ניט, ס'בלוט ריזלט ניט, קײן װאָרעם נאָגט ניט. ס'איז שױן כצאָס, נאָר ס'װילט זיך ניט קרײען. איז געקומען דער סאָף פון אַלע סאָפן?

מיטאַמאָל טוט עמעץ אַ פּאַטש מיט אַ פּאָר פליגל און פון ערגעץ ניט װײַט דערהערט זיך: קוקעריקו!...

כ'ציטער אױף, כ'װער אינגאַנצן געהער. ס'איז דער אַלטער קוקעריקו, אָבער מיט אַ נײַעם מין. נײן, ס'איז ניט דער אַלטער, נאָר אַ פונק אַ נײַער, אָן אַנדער נוסעך, אָן אַנדער שניט, אָן אַנדער ניגן — אַלץ אַנדערש. כ'װײס נאָך ניט, װאָס ער זאָגט, נאָר ס'װערט גרינג, ליכטיק, אַ דערקװיקעניש אין אַלע אײװורים. איז דאָס געמאָלט? — פרעג איך זיך אַלײן. מיליאָסן דורעס האָבן געקרײעט, נאָר אַזאַ קרײ האָט נאָך קײנער ניט אַרױסגעלאָזט. ער עפנט טירן אין מױעך, צעשפּאַרט די ענגשאַפט אין האַרץ, איז פול מיט האָפענונג, פול מיט טרײסט, פול מיט באַנײַונג. "אַזױ גאָר? — טראַכט איך. — און איך, שױטע בען פּיקהאָלץ, האָב געהאַט ספּײקעס!" אַ בושע, נעמט מיך אָן און אַ פרײד. כ'װיל אױך קרײען, נאָר כ'שעם מיך. װאָס קאָן איך זאָגן נאָך אים? ציפּ־ציפּ װעקט זיך אױף און פרעגט:

— װאָס איז דאָס, האַ?

— אַ נײַ קאָל, אַ נײַ װאָרט, — זאָג איך. — הינער, לאָמיר מאַכן אַ שעכעיאָנו. מיר האָבן ניט געלעבט אומזיסט.

— װער איז ער? װוּ איז ער? — פרעגט פרע־פרע.

— װאָס איז די נאַפקעמינע, װער ער איז? דער קװיעך ליגט אין קרײ, ניט אין האָן.

— פּאָרטו!..

כ'ענטפּער ניט. כ'מאַך צו די לעדלעך. דער קריי האָט שוין אויפגעהערט, אָבער דאָס ווידערקאָל זײַנס הילכט נאָך אין דער שטילקײַט. שלאָגט זיך אָן אין ביימער, דעכער, קוימענס, טויבנשלאַקן, קערט זיך אום ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל. ס'זינגט ווי א פידל, קלינגט ווי א גלאָק, שאַלט ווי א שויפער. ס'שפּילט און הערט ניט אויף שפּילן. דער הונט אין דער בודע וועקט זיך איבער און טוט אַן אײַנציקן ביל. דער כאַזער אין שטעלכל לאָזט אַרויס א ברוק, א קראָ טוט א קראַקע. דאָס פערד אין שטאַל טוט א קלאַפּ מיט דער פּאָדקאָווע אָן באָדן. די וואָלקנס אין הימל צערוקן זיך און ס'באַווײַזט זיך א שפּעטע לעוואָנע, בלייך ווי קרײַד. א ווײַל נעם איך קלערן, אַז ווער ווייסט? עפּשער האָט זיך מיר אויסגעדוכט? צוואָר די הינער האָבן אויך געהערט, אָבער עפּשער איז עס געווען א כאָלעם, א פּאַרקומעניש אָדער עפּשער האָט דער ווינט א וויג געטאָן דעם גלאָק פון קלויסטער? עפּשער איז עס געווען א געהויל פון א וואָלף, א געשאַל פון א טרומייטער, א רוף פון א יעגער, א געשריי פון א שיקער? ווי וויל אויפעס וואַרטן אַלע יאָרן אַף ניסים. פונדעסטוועגן, ווען ס'געשעט, קאָנען זיי ניט גלייבן. איך ריכט מיך, אַז אַנדערע הענער וועלן אים אָפּענטפערן, ווי דער שטייגער איז, נאָר מ'הערט ניט קיין שאָרך. האָט מען אַלע הענער אויסגעשאָכטן און דער איינער איז געבליבן? אָדער עפּשער בין איך אַליין שוין א געקוילעטער און דאָס קאָל איז, וואָס מ'רופט: א כאָלעם פון אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ. אַזאַ שטילקײַט איז ניט פון דער וועלט. כ'שטעק אַרײַן דעם שנאָבל צווישן די פעדערן און רײַס די אייגענע הויט, צי ס'טוט ווייי. מיטאַמאָל: קוקעריקו! ס'איז דער אייגענער האָן און דער אייגענער קריי. ניין, ניט דער אייגענער, נאָר שוין אַנדערש פון פריִערדיקן. א געזאַנג, וואָס צערײַסט די נעשאָמע און איז זיי מעכיי מײַסים. א מעלאָדיע, וואָס הייבט אויף דאָס הענערישע געמיט הויך, הויך אין ווײַטענישן, ווו קיין אָדלער איז ניט געפלויגן, איבער אַלע טורעמס, איבער אַלע וואָלקנס, אין ליכטיקײַטן און לויטערקייטן, וואָס די שטערן זײַנען קעגן זיי פינצטער. אַלץ, וואָס איך ווייס, האָב איך געלערנט אין יענער נאַכט. ניט אַלץ קאָן איך אַנטפּלעקן, די צונג מײַנע איז געצוימט, נאָר ס'איז דאָ אַזאַ קוקעריקו, וואָס פאַרגיט יעדע אומרעכט, פאַרגיט יעדע זינד, גלײַכט אויס אַלע קרומקײַטן, אַלץ איז קוקעריקו: שויכעט און אָף, כאַלעף און האַלדז, די פעדערן און די שלײַסערן, דאָס בלוט אין די אָדערן און דאָס בלוט אין גריבל. קרייע, האָן. פרעג ניט קיין קאַשעס. מ'דאַרף אַלץ האָבן, דעם קריי פון האָן, דעם קוואַק פון דער הון, דאָס איי, וואָס ס'בריט אויס, און דאָס איי, וואָס מ'עסט אויף, דאָס איי, וואָס מ'צעטרעט, און דאָס איי מיט דעם בלוטס טראָפּן. זינג, האָן, לויב גאָט, האָב ליב דײַנע הינער. פיר ניט קיין געפעכטן מיט קיין אַנדערע הענער, סײַדן יענער באַפאַלט דיך ווי א גאַזלען. עס דײַן קערנדל, טרינק דײַן וואַסער, שטיי אַפּן שפּיץ דאַך און קרייע ווי די גאַנצע וועלט. אַלע פיר זײַטן וואָלטן געוואַרט אַף דײַן קריי. מ'וואַרט וואָרהאַפּטיק. אָן דײַן קריי וואָלט עפּעס געפעלט. איין פאַלשער טאָן וואָלט געמאַכט א פּגימע. פאַרשטייסט ניט, האַ? וועסט נאָך, מירצעשעם, פאַרשטיין. האָסט אַן אייביקײַט הינטער דיר און אַן אייביקײַט פאַר דיר. וועסט נאָך דורכגיין, האָן, א סאַך גילגולים. ווען דו וואָלסט געוווּסט, האָן, וואָס ס'וואַרט אַף דיר, וואָלסטו געפייגערט פון גליקזעליקײַט, אָבער דאָס וואָלט ווידער ניט געטויגט, ווי לאַנג דו לעבסט, דאַרפסטו לעבן...

א גאַנצע נאַכט האָט יענער האָן געקרייעט, און קיין שום האָן האָט זיך ניט דערוועגט אים צו ענטפערן. ער איז געווען א כאַזן אָן א קאָל, געגוי צו זונשפּראָץ. ווען דער מיזרעך איז געוואָרן רויט, האָט ער געטאָן א לעצטן קריי, — דעם העכסטן, דעם שענסטן, דעם געטלעכסטן.

צומאָרגנס איז געוואָרן א האַרמידער צווישן די שכיינישע הענער. טייל האָבן געשווירן בא קאָפּ־און־שפּאָרן, אַז זיי האָבן גאָרנישט ניט געהערט. אַנדערע האָבן צוגעגעבן, אַז זיי האָבן יאָ עפּעס געהערט, נאָר ס'איז ניט קיין האָן. נאָך אַנדערע האָבן אַרויסגעדרונגען, אַז א טכויר האָט זיך פאַרגאַנוועט אין דער נאָענט און פון זײַן געשטאַנק איז בא די אויפעס געוואָרן א פאַלש געהער. די הינער, ווידער, האָבן אַלע ווי איינע אַלץ פאַרגעסן. וואָס וועלן

אויפעס אלץ ניט טאָן צו אנטלויפן פון עמעצ! מ'האָט מוירע פארן עמעס נאָך מער ווי פארן כאלעף. דאָס אליין איז א רעטעניש און א סאָד.

אָבער וויבאלד יענער האָן, געשאכפערט זאָל ער זײַן, האָט געקרייעט און איך האָב געהאט די זכיע צו הערן און צו געדענקען, וויל איך עס מעפארסעמ זײַן, ביפראס אז מאָרגן איז ערעוו יאָמקיפער. ווײַל איז דעם, וואָס גלייבט. א צײַט וועט קומען, ווען אלע וועלן זען און הערן און דער קוקעריקו פון דעם אייבערשטן האָן וועט פארקלינגען אלע וועלטן. ביז דעמלט — קוקעריקו!

---

# א שפּראך, „וועלכע די מאמעס דערלערנען מיט דער הילף פון זייערע קינדער"

**א**ין דער מאָסקווער ביבליאָטעק פון אויסלענדישער ליטעראטור איז פאָרגעקומען א פּרעזענטאציע פון דעם בוך פונעם לאדעאס פון דער נאָבעל־פּרעמיע שמועל־יוסף אגנאָן, וועלכן ס'האָט ארויסגעגעבן דער פארלאג „ראדוגא" אין דער איבערזעצונג אף רוסיש.

אָנווענדיק די פּובליקאציע פונעם בוך אלס „איינע פון אייערע און אונדזערע ניצחונעס", האָט א דיפּלאָמאטישער פאָרשטייער פון ייִסראָעל גערעדט וועגן דער אייניקאלישקייט פון דער קולטור פון זײַן לאנד, וועגן איר שפּראך, „וועלכע מאמעס דערלערנען מיט דער הילף פון זייערע קינדער" (ש.־י. אגנאָן).

דער שרײַבער פירט אונדז אין דער סוף פון אָט דער קולטור, צו אירע וואָרצלען און קוואלן. זײַן בוך איז פאר יענע, וועמען עס פארטראכט זיך, צוליב וואָס דער מענטש איז געקומען אין אָט דער וועלט, צוליב וואָס די וועלט איז באשאפן געוואָרן, וויאזוי גייט זי. דאָס זײַנען ניט קיין פילאָסאָפישע טראקטאטן, צוטריטלעכע בלויז פאר א צוגעגרייטן לייענער, נאָר מעשׂהלעך, און צומאָל פּאָשעטע מײַסעלעך. דער נאָמען פונעם בוך קלינגט אזוי: „אין יאָדער פון די יאמען און אנדערע טרייסטנדיקע און טשיקאווע דערציילונגען וועגן די וווּנדערבארע אויסלייזונגען אף די וואסערן און אף דער יאבאָשע, פארשריבענע מיצאד שמועל־יוסף אגנאָנען אף דער הייליקער שפּראך און איבערדערציילטע אפן עדאָמישן דיאלעקט מיצאד ייִסראָעל שאמירן, א ירושאָלאימער טוישעוו, ווי אויך א וועגווײַזער איבער אגנאָנען, מיט דער אנטפלעקונג פון אלע געהיימניסן פון די צייען־כאכאָמים, צונויפגעשטעלטע מיצאד דעם איבערדערמאָנטן שאמירן". אזא נאָמען האָט געגעבן דעם זאמלבוך דער איבערזעצער ייִסראָעל שאמיר.

די קאָמענטארן צו דעם טעקסט זײַנען אומבאדינגט נייטיק, ווײַל אגנאָן אפעלירט סײַ צו דעם טעקסטאמענט, צו זײַנע אלמעגלעכע פארטײַטשונגען מיצאד כאכאָמים. אָן דער הילף פונעם קאָמענטאטאָר וועט דעם לייענער זײַן צוטריטלעך בלויז דער אייבערשטער שיכט. ווײַל די הייליקע שריפט און דער געדאנקענגאנג וועגן איר זײַנען די ליפּס, מיט וועלכער עס אָטעמען אגנאָנס העלדן. א ניט־באהאווונטן איז שווער געפינען דעם וועג אין זייער וועלט.

אגנאָן זוכט ניט פאר זײַנע דערציילונגען־מעשׂהלים ספּעציעלע סוזשעטן. א מאָשל איז ניט אומבאדינגט דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט א לענגערער צײַט צוריק, ס'איז אויך א צופאל, וואָס קומט פאָר הײַנט. אין דער דערציילונג „דאָס געביין פון דער ערד פון ייִסראָעל", אשטייגער, פרוווט דער דערציילער, מאכמעס דער אָפּשלעפּעניש פון די הײַנטצײַטיקע פאָטסט־טשינאָווניקעס, אָן א דערפאָלג אָפּשיקן א זשמעניע הייליקע ערד קיין פוילן. די דאָזיקע ביוראָקראטישע וואָגעניש וואַרפט א שײַן אף דעם מאָשל־געשטאלט פונעם בעסוילעם־זעכטער, וואָס טרוימט, אז זײַן אייגן געביין זאָל מען באדעקן מיט דער הייליקער ערד.

דערי ליידנשאפטן באהערשן אגנאָנס העלדן — די ליבע צו די הייליקע שריפטן, די שטרעבונג אָפּצוהיטן די געבאָטן פונעם אלמעכטיקן און די ליבע צו דער אויסדערוויילטער ערד. אזא, לעמאָשל, איז דער מעהוס פונעם העלד פון דעם ראָמאן „אינעם יאָדער פון די יאמען", וועלכן מע פארגלײַכט אָפט מיט „דאָן קיכאָטן". און ווירקלעך, אויך דאָ לאָזט זיך אוועק דער נאיִווער „איידעלער ריטער" אין א ווײַטן וועג, וועלכער ברענגט אים צום געוווּנטשענעם ציל גראָד דאן, ווען די קלעפּ פונעם גוירל דארפן אים, דוכט זיך, ענדגילטיק אויסהיילן פון דעם איידלמוטיקן מעשוגאס — פון דעם אבסאָליוטן גלויבן אין גאָט און אין זײַנע געבאָטן.

אלע מענטשן פון אגנאָנס וועלט שטרעבן מיט דער נעשאָמע צו דער הייליקער ערד, אָבער ניט בא אלעמען סטײַען קויכעס צו דערקלײַבן זיך אהין. צען כאסידים, דערנטער דער אווסאָר, האָבן זיך פארזאמלט און זײַנען אוועק אין א ווײַטן וועג מיט זייערע ווײַבער, און דער מאָדנער מענטש, דער וואנדערער כאנאניע, אָן אָנגעטאָנענער, ווי אָן אָרעמאן, האָט זיך אָנגעשלאָסן צו זיי. דאָס איז שוין א ריין ביבלישע לעגענדע מיט ביבלישע ניסים.

צו אָן אויסדערווײלטער ערד שטרעבט יעדעס פאָלק, יעדער מענטש. אגנאָן האָט ניט געשאפן זײַן וועלט, ער האָט בלויז אונדז באוויזן דאָס, וואָס האָט געלעבט אין פיל מענטשן — זייער גלויבן, זייער וועג.

**יוליא סילינג**

# רינג נאָך רינג

## אווראָהאָם אָווינו און יאָסיף סטאלין

דער נאָמען אווראָהאָם באטײַט ״אָב המון גויִם״...

מ׳האָט סטאלינען אמאָל פארטײַטשט דעם אָוועס נאָמען —
פארוואָס מע האָט ״אווראָם״ געטוישט אף ״אווראָהאָמען״
(אף ״אָוו המון גויִים — דער פאָטער פון די פעלקער״...).
געבייזערט האָט זיך סטאלין: ״ס׳איז א גראָבער פעלער!
דער פעלקער־פאָטער — דאָס בין איך, דער פירער,
און ניט געקאָנט האָט אווראָהאָם דעם טיטל האָבן פריִער!״
עס האָט פארענטפערט זיך דער ראָוו האקוילעל שלייפער:
״אך, יאָסיף וויסאריִאָנאָוויטש, טרײַבט אָפּ פון זיך דעם אייפער.
ביסכאקל איז אווראָם, צי אווראָהאָם אָווינו
דער ערשטער ייִד, וואָס קומט דער מענטשהײַט אפן זינען.
אינעם בערײישיס נאָך מ׳האָט אים געבענטשט אלס צווישנפעלקערלעכן פאָטער,
נאָר דעמלט שוין ער האָט געוואָלט פון דעם סקאנדאל אין דער מישפּאָכע ווערן פּאָטער״...

## דער ייִד אפן שנייַ

צוויי וועכטער, דער ייִד אינדערמיטן,
דאָס פּאָנעם פארצויגן מיט וויי.
מע ווארפט אים אראָפּ פונעם שליטן,
א רויכל צעוויכערט דעם שניי.
ווער דארף אים האָבן, דעם ייִדן,
זאָל ער זיך וואלגערן הי,

ס׳ועט אים דער שניי פארשיטן
אינײינעם מיט סאָלאָווקי.
ליגט ער און זעט אינדערווײַטן
דעם פלאץ, וואָס מע רופט ״אומשלאג״,[1]
צוגעשפּארט אין די צײַטן
צו דער אימפּעריע ״גולאג״.

[1] אומשלאג־פּלאץ — אזוי פלעגן די פאשיסטן אָנרופן די שטאָט־פּלעצער, אף וועלכע ס׳זײַנען צונויפגענומען געוואָרן די ייִדן, קעדיי אָפּגעשיקט ווערן אין די טויט־לאגערן.

## שטיוול

איך ווייס ניט, צי עס האָט עפּעס א מיין,
צי דאַרף איך טרויערן, צי שטיפן.
פון זינט אליין כ'האָב אָנגעהויבן גיין,
עס גייט מיר נאָך א שווערער טראָט פון שטיוול.
אמאָל זיי טרעטן אָן מיר אויף די פיס,
אמאָל זיי סקריפּען שפּילעווודיק בעקיוון,
איך וואָלט פון דעם אנטלאָפן אויף געוויס,
נאָר ס'גייט מיר נאָך דער שווערער טראָט פון שטיוול.

אזוי ווי אגאַספער איך גיי ארום,
און כ'ווייס ניט, דורכגעגאַן כ'בין לענדער וויפל,
הינטער דער פּלייצע פיל איך אומעטום:
עס גייט מיר נאָך א שווערער טראָט פון שטיוול.
דער גוירל טוט אזוי ווי אים געפעלט,
ער פירט צונויף רעאַלקייַטן און מיפן.
ניטאָ פון לאַנג שוין סטאַלין אויף דער וועלט,
נאָר ס'גייט אונדז נאָך דער טראָט פון זייַנע שטיוול

## א דאַך איבערן קאָפּ

איך קען אייַך אַלעמען, איר קענט מיך, מעגלעך, אויך.
פון קוימען אונדזערן עס שלענגלט זיך א רויך,
די שטוב פאַרגאָסן איז מיט לעבעדיקער שייַן,
אַקאָרשט עס איז אהין מייַן פריילעך קינד אַריין.
דאָס אַלץ זאָל הייסן, אז מע באַקט אין שטוב, מע קאָכט,
אז די נעשאָמע אונדזערע איז אויף אן אָרט.
ווען פרעסטלעך רויטלען זיך, די נאַכט איז גרויס,
פון שטוב מיר לאָזן דאַן די זון ארויס.
גיי, זון, די וועלט אַדורך און מעלדע דאָרט,
אז דיך געבראַכט האָט אויף דער וועלט גאָטס וואָרט.
עס וועט דאָס פאָלק דערזען אינמיטן נאַכט,
אז פעסט איבערן לעבן הענגט א דאַך.
אווראָם אָווינוס פאָלק! דאָס פאָלק פון בוך.
געבענטשט דער אָנהייב איז, דעם סאָף ניט זוך.
ניט טראַכט אים אויס, דעם סאָף, וועסט זייַן א נאַר.
מייַן סאָף געוועזן וואָלט פאַרן מענטש א גזאַר.
א פאָלק, וואָס דרייט זיך אום אונטער די פיס
באַ אַנדערע און קלייַבט צונויף דאָס מיסט,
וואָס זיי, די ציכטיקע, בעקיוון וואַרפן אָן;
א פאָלק, וואָס ווייסט ווי נעמען ס'רענדל אפן צאָן,
וואָס באַ דעם רוס עס בעט הייַנט ניט קיין גנאָד
און ענטפערט מיט א וואָרט א רוסישן — .Исход
דאַכט זיך, א פיצינק פאָלק, נעם טרעט עס מיט די פיס,
נאָר היט זיך: ס'איז געפערלעך פאַר די פיס זייַן ביס.
געזאָגט האָט דער נאַציסט: "ווען ניט דאָס "יודענריין",
מיר וואָלטן ניט געבליבן באַ דער טליִע שטיין..."
דאַכט זיך, ס'איז הוילער גייַסט דאָס יידיש פאָלק, ניט מער,
נאָר וויפל ס'וועגט די ערד, אזויפיל וועגט זייַן טרער.

א פאָלק, וואָס מיינט — ניט זאָגט, און זאָגט — ניט מיינט,
וואָס אין איין גאַנג סע לאַכט און ביטער וויינט,
א פאָלק, וואָס זאָגט — ניט מיינט, און מיינט — ניט זאָגט,
וואָס נעמט קאָרשט איַין די וועלט, נאָר גאָרנישט ניט פאַרמאָגט,
דאָס פאָלק, וואָס בא דעם רוס עס בעט הייַנט ניט קיין גנאָד
און ענטפערט מיט א וואָרט א רוסישן — .Исход
דאכט זיך, א פיצינק פאָלק, נעם טרעט עס מיט די פיס,
נאָר היט זיך: ס'איז געפערלעך פאר די פיס זייַן ביס.

איר מיינט, אז ס'איז דער דיכטער שוין דער לעצטער? ניין!
איך בין דער ערשטער, ווען מע ווארפט אף אונדז א שטיין.
איך קען איַיך אלעמען, איר קענט מיך, מעגלעך, אויך.
פון קוימען אונדזערן עס שלענגלט זיך א רויך.

## טישעבאָוו

איך בעט איַיך, ראשי,[1] טייַטשט מיר אויס
די טעג פון טרויער אין דער טוירע —
צוערשט אין כוידעש טאמוז בלויז,
דערנאָך אין כוידעש אָוו.
כ'האָב מוירע,
אז אינעם לועך פון מייַן דאָר
קאָן ערגעץ צווישן אָוו און טאמוז
פארמינערט ווערן אף א האָר
דער טרויער, וועלכער עגבערט מאמעש.
אין טאמוז, אינעם פינפטן טאָג
(דער גזאר פארבליבן איז אף דוירעס)
מיט טרערן בלוטיקע מע קלאָגט
איבער פארברענטע סייפערטוירעס.[2]
דאָס האָט דער קיניג, דער פראנצויז,
באפוילן ברענען זיי אָן מוירע...
איך בעט איַיך, ראשי, טייַטשט מיר אויס
דעם טרויער־טאָג לויט דער מעסוירע.
איך וויל איַיך בעטן, גרויסער מאן,
ניט דורכלאָזן באם ייזקער זאָגן
דעם צוועלפטן טאָג אין אווגוסט. דאן
די יידן זייער זעל באַקלאָגן.
מ'האָט אָפגענומען דאן בא זיי
שוין נאָכן שווערסטן קריג דעם פרידן.
דער צוועלפטער אווגוסט פופציק צוויי
פאלט אויס אף וועלכן טאָג בא יידן?
אין גאז־אויוונס מע האָט פארשפארט
דאָס מאָל די יידישע נעשאָמע,
געפירט דאָס פאָלק צום באבי יאר
דאָס צווייטע מאָל, נאָך דער מילכאָמע.
געשען איז עס אין אָוו דאָסראָוו?
דעם טויט צעפראלט מע האָט דעם טויער
אין נייַנטן אָוו? אין טישעבאָוו...
אין טאָג פון סאמע גרויסן טרויער...
באם טויער האָב איך זיי דערקענט:
נאווּכאדנעצער, טיטוס, היטלער
און אים, דעם פערטן, וואָס געשענדט
דעם רויטן שטערן אפן היטל.
טייַטשט אויס, ראביינו, מיר די זאך,
און זאָגן כ'וועל, נאָך ניט דערוואָרגן,
מעגילע אייכאָ אינדערנאכט,
די קינעס אינדערפרי אף מאָרגן.

---

[1] ראשי (רעב שלוימע ייצכאקי — דער באדייטנדיקסטער קאמענטאטאר פונדער ביבל.
[2] אין פינפטן טאָג פון טאמוז האָבן די סאָלדאטן פונעם פראנצויזישן קיניג לוי פארברענט 12 וואָגנס מיט הייליקע ספאָרים און סייפערטוירעס

## יעציעס רוסלאנר

עס וויינען די קינדער,
די רינדער ריטשען —
א ווונדער,
די קראַפּעווע בליט שוין!
די וועסנע קערט ווען —
צי אַן די ווישקעס!
אוועק די קעלטן,
דערלאנג די בריטשקע!
ניטאַ וואָס זאָגן:
יעציִעס אף בריטשקעס...
דערלאנג א וואָגן —
די קראַפּעווע בליט שוין!

מע שטעלט די טריט שוער.
די קינדער קוויטשען.
די קראַפּעווע בליט שוין.
די קראַפּעווע בריט שוין!
האלט איַין די לייצעס
אינמיטן פאָרן
בא פעלדער ווייצענע,
באם בלי פון קאָרן.
די וויַבער כליפּען,
די קינדער קוויטשען,
די מאנצבלען כריפּען,
די קראַפּעווע בריט שוין!

## א שפּיל

אין אונדזער שטוב מע פוצט די שיך,
ס׳האָט אויסגעטריקנט שוין די בלאָטע.
היַינט וועל איך אָנמעסטן אף זיך
דעם זיידנס זיַידענע קאפּאָטע.
ארייַן וועסט אין דער שפּיל אפגיך,
אראָפּנעמען פון מיר א פּראָבע
און אָנמעסטן מיט כיין אף זיך

דאָס שטערנטיכל פון דיַין באָבען...
------------------------------
די טאָכטער קוקט אף אונדז און לאכט:
— געגוג זיך גריבלעך אין די זאכן.
דאָך... עפּעס האָט זי זיך פארטראכט
און שטרענג געזאָגט:
— די שטאָט וועט לאכן...

## פריַיטיקצונאכטס

ס׳איז אין דרויסן נאָך ניט פינצטער,
און אין אָוונט איז שוין קאלט,
זיצט מיַין מאמע בא דעם פענצטער,
וואָס איז טויזנט יאָר שוין אלט.
וויפל וועט זי דאָרט נאָך זיצן, —
ס׳איז דאָס שטעטל שוין ניטאָ,

דאָרטן גייט ארום דער היצעל
און עס קראקעט בייז די קראָ.
מיט איר קאָל דעם אויסגעדאכטן
זאָגט מיַין מאמע פונדערוויַיט:
טויזנט יאָר איך וועל נאָך ווארטן,
ביז דעם שטערן האָב איך ציַיט.

## אין א פוסטער שטוב

שוין אלעמען פון שטוב פאַרטריבן,
 אַרויסגעוואָרפן ס׳גאַנצע מיסט,
 אַצינד דו האָסט אַף זיך פאַריבל —
 אַרום נ׳אַרום איז פוסט און וויסט.
דאָס מיסט דאָס היימישע קאָסט טײַער,
 וואָס דו פאַרגראָבן האָסט אין גרוב,
 מיט גאָלד, וואָס איז די ווערט א דרײַער,
 איז פול פון איצטער אָן די שטוב.
ניטאָ די ביינדלעך און די בענדלעך,
 די שמאַטקעלעך, וואָס ווישן אויס
דעם טיש, די שאַפע און די בענקלעך,
 איעדער ווינקעלע אין הויז.
עס פעלט דער רייעך און דער זייכער
 פון קאַשעס זאַטע און פון ברויט,
 פון די שיראַים און פון לייכע —
 דער שפּור פון לעבן און פון טויט, —
ווײַל אַלעמען דו האָסט פאַרטריבן,
 אַרויסגעוואָרפן ס׳גאַנצע מיסט.
 אַצינד איך האָב אַף דיר פאַריבל,
 אַרום נ׳אַרום איז פוסט און וויסט.

## א לעגענדע

די וועלט איז אין וועג,
דער כוישעך פאַרשטעלט איר די אויגן
און ס׳קייטלען זיך טעג,
 וואָס ווערן מיט אָוואַר פאַרצויגן.
אָ, לאָזט מיך ארײַן
אין יענע ניט קלאָרע מערכאָקים,
וואָס דאַרפן ערשט זײַן
און טיילן זיך שוין אַף כאַלאָקים.
אליין כ׳בין פון דאָרט,
פון אָנהייב, פון מיט און פון ענדע,
ווו איך און מײַן וואָרט
דערציילן דער וועלט א לעגענדע.

***

צו ריידעלעך פוסטע זאָל נעמען א סאָף,
 גענוג שוין געזאָגט מעווינעס.
 מיר קערן זיך אום צו אונדזערע שאָף,
 צו אונדזערע פּאַלעסטינעס.

עס גיבן צו וויסן די פיס און די הענט,
 די קעפּ און די הערצער הילכיק,
 אַז ווידעראַמאָל אונדזער שטעטעלע ברענט,
 און וואָס איז פון שטעטל דען בילכער?

יאָ, ווידער עס הערט זיך א קאָל פונעם שלאָף,
 פאַרדומפּן, ווי ווײַבערשע טכינעס:
 מיר קערן זיך אום צו אונדזערע שאָף,
 צו אונדזערע פּאַלעסטינעס.

# מיניִאַטיורן

## מײַן לעבנסוועג

איך בין געווען שוין אַף דער לעצטער סטאַנציִע,
פון דאָרט אוועקגעפאָרן מיט דעם ערשטן צוג.
פון דעמלט —
ווו געווען איך בין נאָך ניט אינגאַנצן,
אַהין איך קום פּונקט צו דעם דריטן קלונג.
און טאָמיד היט איך אַפּ ווי ס׳אויג אין קאָפּ די שאַנסן
אַף אומקערן צוריק די יאָרן און די טעג,
כאָטש קײנמאָל כ׳וועל ניט זײַן שוין אַף דער ערשטער סטאַנציִע
אין לעצטן צוג,
אין סאַמע מיט פון וועג.

## א קאָשמאַר

כ׳וועל גיין זיך טרעפן מיט האָפּשטיינען
און ביטער וויינען, ביטער ווײנען,
נאָר אין דער קאַמערע דער וויסטער
וועט מיך באַגעגענען דער ניסטער,
און שטיל וועט זײַן אין מינסקער גאָלעס,
ווו ס׳ליגט ביז הײַנט דער מעס מיכאָעלס.

## פּרוי

דײַן קערפּער האָבן וואָלקנדלעך פאַרקלעמט,
און ביסט געלעגן דאָרטן אָן א העמד,
די ווײַסע פייגל האָבן דיך געפּיקט,
צו דיר זיך אומראַכמאָנעסדיק געדריקט.
נו, יאָ, איך האָב פון לאַנג דעם סאָד געוווּסט:
דו האָדעוועסט דאָס לעבן מיט דײַן ברוסט.

## דעם דיכטער, וואָס שרײַבט באַנאַלע לידער

יאָ און אופּטו, אָדער ניט קיין אופּטו,
אַף דער וועלט געקומען פּרי צי שפּעט, —
דײַנע לידער הענגען אינדערלופטן,
ווי אַף שטריקלעך אויסגעוואַשן גרעט.

## דערמאָנונג וועגן מײַן מאַמען

מאַמע טײַערע, דײַן בילדונג קאָסט א גראָשן,
א פּראָפעסאָר ביסט געווען פון מאַמע־לאָשן.
קײנמאָל אונדזער ליובאַר ניט פאַרשעמט האָסט.
אין דײַן סאָד עס וואַקסן פּײרעס דעם באַלשעמטאָווס.
א פּראָפעסאָר ביסט געווען פון יידיש לעבן —
אָן א כיידער,
אָן א רעבן...

## די מאמע און איר זון

אין דער הייל פון מײַן נעשאָמע,
אין איר ענגער, קילער סוויווע
זיצט מײַן מאמע נאָך מיר שיווע
אפן ראנד פון דער מילכאָמע...

ניט געוווּסט זי האָט מיסטאמע,
אז איר זון איז גאנץ געבליבן
און ער וועט אין כוידעש סיוון
זיצן שיווע נאָך זײַן מאמע

## איצטער

פּאָכאַראָנקעס קומען איצטער פונעם שאָלעם,
פון דער פּערעסטראָיקע,
וואָס מע זעט זי נאָר אין כאָלעם.

עפּשער גיט אפגאניסטאן שוין ווידער וועגן זיך צו וויסן?
עפּשער נאָכאמאָל די ביקסן אין די דזשונגליעס שיסן?

פּאָכאַראָנקעס מיט דרײַ שפּיצן. טויבן וואָרקען אפן דאך.
מאמע! מאמע! ס'איז דײַן יינגל טויט אין קאראבאך.

## טיקן־טאָעס

אנטקעגן דעם נאָמען "וו. לענין" האָט ניקאָלײַ II,
איבערפלאָנטערנדיק די פאמיליעס, אָנגעשריבן אין
זײַן טאָגבוך "בראָנשטיין".

די צײַט האָט אים געגעבן צו פארשטיין,
ווער ס'איז אוליאנאָוו, ווער בראָנשטיין,
ווער לענין איז און טראָצקי — ווער,
צו וועלכער אידע ווער ס'געהער,

געוויגן ווער ס'האָט וויניקער און ווער — מער,
ווער ס'האָט געפירט אהין און ווער אהער, —
האקיצער, יעדער פירער האָט זײַן מיין
(ניט פלאָנטערן **אוליאנאָוו** און **בראָנשטיין**).

## פארטאָג

א פויגל אין מיטישטשע[4]
פארטאָג האָט זיך צעסווישטשעט.
דאָרט שמעלצן זיך פון נאכעס
די ריטשקעס מיט א גוואלד,
עס שטייט שוין אף די לאפּעס
דער אופגעוועקטער וואלד,

וואָס רופט, כ'זאָל זיך ארומזען,
אויב דאָס איז מיר ניט שווער,
אז שלאָפן איז אן אומזין,
ווען ס'שלאָפט זיך ניט דעם בער.

4 מיטישטשע — א דאטשע־יישעוו הינטער מאָסקווע.




בער סלוצקי

# פאַר ערד, פאַר פרײַהײַט

## (היסטאָרישער ראָמאַן)

אבאַן האָט באַפליגלט אַ נײַער טרוים, אַ נײַע האָפענונג. ער האָט אָנגעהויבן טרוימען וועגן אַ הויכן פּאָסטן אין לאַנד, עפּשער פון אַ פּראָקוראַטאָר. ווי דער אָפּטריניקער ייִד אַלעקסאַנדער טיבעריוס פון אַלעקסאַנדריע, וועלן דער גרעסמער מלוכע־טוער, דער פאַרטרעטער פונעם סאַנהעדרין, פונעם גאַנצן פאָלק אין ירושלאַיִם, אין קייסאַריע, אין רוים. צווישן די פיר הונדערט איז געווען אויך יוסעף בען מאַטיסיאָהו, יוסעף בען פיסטאַ פון טווערייע און נאָך אַזעלכע יונגע מענטשן פון די סאַמע פאָרנעמסטע פּרושים־מישפּאָכעס, אָדער וואָס זײַנען אַלײן אַריבער צו די פּרושים.

אָבער צו זײַן גרויסן באַדויערן, האָט ער זיך אויך אין דער דאָזיקער האָפענונג אַנטוישט. וויפל ער האָט זיך ניט געמיט, האָט ער ניט געקענט באַהערשן די גריכישע רייד־שפּראַך. זײַן ייִדישער אַקצענט האָט אַפילע געקלונגען עטוואָס לעכערלעך אינעם ריידן גריכיש.

אײן טרייסט האָט ער געהאַט, וואָס יוסעף בען מאַטיסיאָהו האָט נאָך ווייניקער געטאָן צו באַהערשן די שיינע גריכישע אויסשפּראַך. דער אײנציקער פון די עטלעכע הונדערט יונגעלײַט האָט נאָר איינער פולקום באַהערשט די דאָזיקע פרעמדע שפּראַך — דאָס איז געווען יוסטוס בען פיסטאַ. ער האָט גערעדט, ווי אַן עכטער גריך און האָט גיך אויסגענוצט דעם דאָזיקן פאָרצוג זײַנעם: ער איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פונעם קיניג אַגריפּאַס דעם ייִנגערן.

אַבאַ רבען באַטיאַך איז אים מעקאַנע געווען, נאָר קיין סינע האָט ער ניט געטראָגן אַף אים. די גריכישע כאָכמע האָט ניט געפאַנגען זײַן האַרץ און ער האָט ניט שווער איבערגעטראָגן דעם דאָזיקן נײַעם דורכפאַל זײַנעם. דערפאַר האָט אים געפרייט דאָס האַרץ צו זען ווי יוסעף בען מאַטיסיאָהו פײַניקט זיך און מאַטערט זיך מיטן גריכיש, ווי ער פאַרגינט ניט יוסטוסן און אים אַפילע פאַרעכנט פאַר זײַנעם אַ פײַנט.

אַבאַ בען באַטיאַך איז געווען אַנטוישט. ער האָט זיך געפילט צו אַ מענטשן אין דער מידבער, וואָס לעכצט נאָך אַ טראָפּן וואַסער. מיטאַמאָל דערזעט ער פונדערווײַטנס אַ טײַך, וואָס שײַנט, רייצט און צים צו זיך. ער גיט זיך אַ לאָז צו אים, לויפט מיט די לעצטע קויכעס צום ריזלדיקן וואַסער. ער האָט זיך שוין אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס, פאַר זײַנע אויגן שפּרייט זיך אַלץ דער מידבער מיט זײַנע זאַמדן און קיין טײַך, קיין וואַסער. מיט טרויער און ייִעש צײַגט ער זיך איבער, אַז דאָס איז געווען אַ לופט־בלענדעניש און קיין טײַך איז ניט געווען דאָ און איז ניטאָ.

דעמלט איז אים ווידער געקומען צו הילף דער פעטער, דער גרויסער לערער, יויכאַנאָן בען זאַקײַ. דער אַלטער כאָכעם האָט גוט געקענט מענטשן. ער האָט

---

סאָף. אָנהייב זע נומ. 8, 10, 1991.

געפּילט דעם צאַר פון נעשאָמע ווערט צעפּרעסן פון דעם אייטעלקייט־ווערעמל, פון זיין דורשט צו רום און צו גליק. ער האָט געוווּסט, זיין פּלימעניק האָט אין זיך גרויסע קויכעס, נאָר זיי אויסברענגען די יונגע, וואָס בלאָנדזשען אָפּ וועג צו רום און צו מאַכט. יויכאָנאָן בען זאַקיי האָט ליב געהאַט אַבאָן און אים האָט ווייגעטאָן דאָס האַרץ צוזעענדיק, ווי דעם דאָזיקן גיבערסאָון אָנווענדן אין טוירע און כאָכמע לערנען קען ער זיי ניט. האָט ער אים אָנגעוויזן אויף אַ לייכטערן וועג, וואָס פירט דאָך צו רום און צו מאַכט, דעם וועג פון מיסכער, פון רייכקייט. פאַר דעם איז געווען אַ קליינע צייט, ווען פאַר אַבאָן האָט זיך אַ ווייז געטאָן אַ ווײַלע אַ נייער ווייטער אומקלאָרער, ביז גאָר איינגעשטעלטער און געפערלעכער, אָבער זייער דערהויבענער וועג, וואָס האָט געפירט צו גרויסער מאַכט און רום. איז זיין פאַרביטערטקייט קעגן די פאַרהאַסטע פון אים רייכע קויהאַנים, שטענדיק גרייט זיי אַלעמען צו פאַרניכטן, האָט אים זיך געדוכט, עס איז געקומען די צייט אָפּצורעכענען זיך מיט זיי, שטילן זיין נעקאָמע־דורשט. דאָס איז געווען די צייט פון גרויסע אומרוען אין לאַנד, די צייט, ווען איבער גאַנץ יעהודע, שוימרוין און גאַליל האָט זיך צעקלונגען דער רום פונעם פאָלקס־העלד פונעם שאָמאַיִטישן פּאָרוש, דעם טרייען אָנהענגער פון יעהודע דעם גאַלילייער עליִעזער בען דינאַו. עליִעזער בען דינאַו האָט אַלס הייסער עקסטרעמער שאַמאַיִט פאַרלאָזט די שול פון טוירע, איז אַוועק אין די בערג און אינגיכן איז ער באַרימט געוואָרן אַלס פירער און גיבער, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט די רוימער, מיט די באַצווינגער. דער גיבער איז געווען אומעטום און אין ערגעץ ניט. ער האָט אָנגעוואָרפן אַ פּאַכעד אויף די רוימער, אויף די פרייינט פון די רוימער און אויף די רייכע. די רוימער און זייערע יידישע און גריכישע מיטהעלפער זיינען מיד געוואָרן צו יאָגן זיך נאָך עליִעזער בען דינאַו. ער אָבער האָט זיי אַלעמאָל געטראָפן דאָרט, וווּ זיי האָבן אים ניט דערוואַרט, זיי געשלאָגן און געהאַלטן אין שטענדיקער אָנגעשטרענגטקייט און אומרו. עס האָט ניט געהאָלפן אויך די אַלטע רוימישע טאַקטיק פון "צעטייל און הערש", פון אופהעצן די שוימרוינים אויף די יידן, זייער פּראָוואָצירן אָנפאַלן פון די שוימרוינים אויף די יידישע פּילגרימען, אויף די אוילע־רעגל, וואָס האָט געבראַכט צו אַן אָפענער מילכאָמע צווישן עליִעזער בען דינאַו מיט די דאָזיקע אָנפאַלער. די דאָזיקע מילכאָמעס, וואָס זיינען געשטיצט געווען פון ביידע רוימישע פּראָקוראַטאָרן אין ביידע טיילן פון דער רוימישער פּראָווינץ יעהודע אין יענער צייט, פון קומאַנוסן און פעליקסן, האָט געבראַכט צו קומאַנוסעס מאַפּאָלע און צו דעם, וואָס פעליקס, דעם קיניג אַגריפּאַסעס שוואָגער, וואָל ווערן פּראָקוראַטאָר אויף ביידע טיילן פון דער רוימישער פּראָווינץ יעהודע. דאָס האָט אָבער דאָך צו גאָרנישט ניט געבראַכט, און עליִעזער בען דינאַו האָט דעם קאַמף ניט אויפגעגעבן, אים געפירט, שוין קעגן פעליקסן און אַגריפּאַסן צוזאַמען.

דער רוימישער פּראָקוראַטאָר האָט זיך געפּילט אומעכטיק מיט זיינע לעגיִאָנאַריער קעגן דעם יידישן העלד און איז געצווּנגען געווען איינצוגיין אויף קיניג אַגריפּאַסעס ראַט און פאַרצולייגן עליִעזערן מאַכן שאָלעם מיט אים.

אַבאַ בען באַטיִאַך איז שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם דאָזיקן ווּנדער. אים האָט ניט געלאָזט רוען עליִעזערס רום. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז שאָלעם מאַכן מיט די רוימער, איבערנעמען בײַ זיי די הערשאַפט איבער יעהודע איז באַרופן ניט קיין געוויינלעכער פּאָרוש. דאָס געהער צו אַ באַרופענעם קויהען און טאַלמיד־כאָכעם, צו אַ גרויסן מענטשן, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק, אַפילע די רייכע, זאָלן אָנערקענען אים אַלס פירער. און אים האָט פּלוצעם באַהערשט אַ מין אָנטפּלעקונג, אַז דער דאָזיקער פירער און הערשער קען און דאַרף זיין ניט קיין אַנדערער, נאָר ער, אַבאַ בען באַטיִאַך, דער רייכער קויהען און טאַלמיד־כאָכעם, דער גוהאַר, דער גרויסער יִכעסמאַן, יויכאָנאָן בען זאַקייס טאַלמיד און

נאָכפּאָלגער. ער איז פֿאַרשיקערט געוואָרן פֿון דעם געדאַנק, האָט אויפֿגעפֿלאַמט מיט פֿלוצלעכער דרייסטקייט. ער האָט שנעל אָנגעקניפּט נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט מיט אייניקע קאַנאָים און סיקאַריער, האָט זיי געשאַפֿן מיטלען אויף אויסצולייזן זייער פֿאַרהאַפֿטעטע כאַווײרים, זיי שטילערהייט איבערגעשיקט געווער און שפּײַז. די קאַנאָים און סיקאַריער האָבן גערן אים פֿאַרעכנט פֿאַר אַ זײַעריקן, פֿאַר אַן אייגענעם מענטשן, און אַבאַ האָט שוין ווי אַ שפּאַן געטאָן נאָענט צו זיי, איז אַפֿילו איינמאָל געגאַנגען מיט זיי אין די בערג צו באַגעגענען זיך מיט עליִעזער בען דינאַו אַליין. אָבער ער האָט עליִעזערן דאָרט שוין ניט געטראָפֿן. עליִעזער איז שוין געווען אין קייסאַריע. די קעמפֿער, עליִעזערס מענטשן, האָט אַבאַ געטראָפֿן זייער באַומרויִקט. אַבאַ בען באַטיאַך האָט דערפֿילט, אַז די כאַווײרים באַהאַלטן עפּעס אויס פֿאַר אים, און ער האָט זיך אומגעקערט אַ באַומרויִקטער צוריק אין שטאָט.

די מערידישע שטימונג, וואָס האָט אַבאַן געווען פֿאַרכאַפּט, האָט גענומען עטוואָס פֿאַלן בײַ אים. דער בונט קעגן רוים איז סײַווי בײַ אים געווען ניט קיין טיפֿע איבערלעבונג. דאָס איז בײַ אים געווען נאָר אַ פֿלוצלעכער אויפֿלאַקער, וואָס האָט נאָך ניט אַרומגענומען אים אינגאַנצן, האָט נאָך ניט געברענט אינווייניק אין אים, האָט אים נאָר אַרומגעסמאַליעט און אַרומגערויכערט, און איידער דאָס פֿײַער האָט זיך אין אים העל צעברענט, איז עס מיטאַמאָל, ווי עס האָט זיך פֿלוצעם אָנגעצונדן, אַזוי אויך פֿלוצעם אויסגעלאָשן.

עליִעזער בען דינאַו, וואָס האָט זיך געלאָזט אײַנריידן פֿון דעם קיניג אַגריפּאַסעס אונטערגעשיקטע מענטשן, זײַנע פֿרײַנט אין ירושלים און אין גליל צו גיין קיין קייסאַריע און פֿירן שלום־אונטערהאַנדלונגען מיטן פּראָקוראַטאָר פֿעליקסן און עפּשער אויך מיטן קיניג אַגריפּאַסן. עליִעזער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין דער פּאַסטקע, וואָס מע האָט אויסגעשפּרייט פֿאַר אים. עליִעזער בען דינאַו האָט אין זײַן קאַמף ניט געשטרעבט צו קאָוועד, צו פּערזענלעכע נוצן און מאַכט. ער האָט מיט אַן עמעס, טרײַ און אָרנטלעך געדינט דעם פֿאָלק, האָט אויפֿריכטיק געוואָלט נאָר אײַנצושטעלן אין לאַנד דעם שאָלעם און דעם עמעס, אומקערן דאָס לאַנד צו דער אָרדענונג, וואָס איז געווען פֿאַר דעם קיניג אַגריפּאַס דעם עלטערן, ווען דאָס גאַנצע לאַנד האָט אַ ביסל פֿרײַ אָפּגעאָטעמט און געקומען צו־זיך, באַפֿרײַט פֿונעם רוימישן ווילקיר.

עליִעזער האָט געגלייבט דעם וואָרט און דער שוווּע פֿונעם קיניגס שוואָגער, פֿונעם רוימער הערשער פֿעליקס און פֿונעם יִידישן קיניג אַגריפּאַס, אַז מע וועט אים בעשאָלעם לאָזן צוריק פֿרײַ גיין פֿון קייסאַריע, וווּהין ער וועט וועלן (מעגלעך, אַז די יִידישע שעליכים צו אים האָבן עפּשער אויך געגלייבט אין דער אויפֿריכטיקייט פֿון דעם רוימישן הערשער). און ער האָט פֿאַרלאָזט זײַן באַרגנעסט און איז געגאַנגען אַ שטאָלצער, אַ באַשירעמטער מיטן גלייבן אינעם עמעס, אין זײַן גערעכט, איינער אַליין, נאָר אין דער באַגלייטונג פֿון איינעם פֿון די יונגען. געקומען איז ער קיין קייסאַריע ניט קיין באַוואָפֿנטער אַפֿילו, צו ווײַזן, אַז ער וויל בעעמעס נאָר שאָלעם און גערעכטיקייט. דער דאָזיקער דרייסטער אײַנשטעל פֿונעם העלד האָט געמאַכט אַ גרויסן גוטן רושעם אין לאַנד, אויף אַלע שיכטן פֿון פֿאָלק און האָט אַלעמען באַפֿליגלט מיט דער האָפֿענונג, אַז די געגאַרטע רו און פֿרידן זײַנען שוין נאָענט.

דער רוימישער הערשער אָבער האָט פֿאַלש געבראָכן זײַן וואָרט און שוווּע, האָט געשמידט דעם גיבער אין קייטן און קעדיי ניט ברענגען צו אַ נײַעם שטורעם אין לאַנד, אים אָפּגעשיקט, ווי אַ געפֿאַנגענעם, קיין רוים, צום קייסער.

אין לאַנד האָט געהערשט אַ שרעקלעכע אויפֿרעגונג און אַ שטאַרקע אויפֿגעבראַכטקייט ניט נאָר צווישן פּראָסטן פֿאָלק, נאָר אויך צווישן די כאַכאָמים און פֿאַרנעמע מעיוכאָסים, אַפֿילו פֿון די אַדוקים, וואָס האָבן געגלייבט, אַז ענדלעך

וועט קומען א באַרויִקונג אין לאנד. מע האָט מוירע געהאַט פאר אן אָפענעם פאָלקס־אופשטאנד. די רוימער און זייערע יִידישע פריינט און אפילע די זעלבע אופגעבראכטע מעיוכאָסים און כאכאָמים האָבן אָנגענומען יעדער זיינע מיטלען צו לעשן דעם צאָרן פון פאָלק, ניט דערלאָזן צו קיין אופרייס. נאָר צו קיין אופרייס איז סייִוּי ניט געקומען. די נעקאָמענעמער אין די בערג האָבן עטלעכע טעג ניט געוווּסט, וואָס אין קייסאריע איז געשען. זיי זיינען געווען מיד פון שטענדיקן ארומוואָגלען אין די בערג, פון די אומופהערלעכע געשלעגן. זיי האָבן געבראכט א בעקאָוועדיקן שאָלעם, אף איבערצוכאפן דעם אָטעם, אָפצורוען. זיי זיינען געווען זיכער אין דעם שאָלעם און האָבן אָן זאָרג געלאָזט זיך וווילגיין אין די היילן און בערג, האָבן אפילע זיך אראָפגעלאָזט פון די בערג אין די טאָלן. נאָר דאָ האָבן שוין געלאָקערט אף זיי פעליקסעס שפּיאָנען, וואָס האָבן גלייך געגעבן צו וויסן דער מאכט, און די רוימישע לעגיאָניערער זיינען באפאלן די צעזייטע קליינע גרופעס קעמפער, זיי געהארגעט אָדער גענומען געפאנגען. אף די מענטשן אין די בערג איז אָנגעפאלן א פאכעד. פארלוירן דעם פירער, האָבן זיי אליין זיך אויך פארלוירן און אָנגעהויבן זיך צעלויפן אין באהעלטענישן און דערמיט אליין אָפגעשוואכט דעם ווידערשטאנד פון די מער מוטיקע, וואָס זיינען פולקום צעקלאפט געוואָרן. דאָס איז געווען א שרעקלעכער דורכפאל, אן עמעסע מאפּאָלע. בא די רוימער און בא זייערע פריינט האָט געהערשט א פרייד. אין די פרומע קרייזן, באזונדערס צווישן די כאכאָמים פון שאמאיס שול, שוין אָפגערעדט פונעם פראָסטן פאָלק, האָט מען עליעזערן פארעכנט פאר א הייליקן מארטירער, פאר א קאָדיש, וואָס איז געפאלן אף קידעש־האשעם פארן פאָלק, פאר דער גערעכטיקייט, פארן עמעס און פרידן. אלע יינגעלעך, וואָס זיינען דאָס יאָר געבוירן געוואָרן אין פאָלק, אויך בא א גרויסן טייל כאכאָמים און אפילע אין די קרייזן פון די פרומע מעיוכאָסים, וואָס זיינען אופגעבראכט געווען אף פעליקסן, האָט מען געגעבן דעם נאָמען עליעזער, צום אָנדענק פונעם געפאלענעם פאָלק. אקעגן זשע די פיינט פון די נעקאָמענעמער, די פיינט פון פאָלק און פריינט פון די רוימער, האָבן זיך באמיט צו שענדן עליעזערס נאָמען, האָבן אים געשטעמפּלט אומעטום, אין די שולן, אין די סינאגאָגעס, אין בייס־האמיקדעשן, אין די שטאָטראטן, אלס ליסטים, אלס רויבער און גאזלען און אָנשטאָט בען דינאו, וואָס האָט דערמאָנט דאָס וואָרט "דין", געזעץ, גערעכט, אים אָנגערופן "בען האראצכאָן", וואָס איז טייטש רעצייעך, מערדער. זיי האָבן מיט בייזער נעקאָמע און מיט אָפענער פרייד געשפּעט פון די נעקאָמענעמער, וואָס זיינען צעשפּרייט אָדער פארטיליקט געוואָרן, זיי אויסגעלאכט און גערימט דעם פארעטערישן אופטו פון די רוימער, פון פעליקסן. די שטימונג אין פאָלק, באזונדערס בא די זייטיק־מיטפילנדיקע, בא די ניט אקטיווע אָנטיילנעמער אינעם קאמף, איז שטארק געפאלן. עס האָט זיך געפילט א פארלוירונג, אן אָפּהענטיקייט. אין דער דאָזיקער שטימונג איז ארייַנגעפאלן אויך אבא בען באטיאַך. ער איז מיטאמאָל אָפּגעקילט געוואָרן, ווי ער איז מיטאמאָל דערהיצט געווען. זיין קאמפלוסט האָט זיך גיך אויסגעוועפּט, זיך אויסגעלאָשן אזוי גיך, ווי גיך ער האָט זיך אָנגעצונדן. אָבער דאָס מאָל איז ער אין ייִעש ניט ארייַנגעפאלן — צו אויבנופיק איז זיין פארכאפּטקייט געווען מיט די מערידישע טרוימען.

דאָס איז ער צווישן די קאנאָים געבליבן פארעכנט פאר אן אייגענעם מענטשן, פאר א זייעריקן און האָבן זיך געהיים אָפּט געקערט צו אים נאָך שטיצע און הילף. אבא בען באטיאַך האָט זיי ניט אָפּגעשטויסן פון זיך. אויס סינע צו זיינע פיינט, וואָס ער האָט זיי ניט אופגעהערט צו האסן, איז ער געבליבן, אזוי, אויסערלעך, ווי עפּעס אָפּצולאָכעס, פרייַנטלעך געשטימט צו די נעקאָמענעמער, האָט ניט געריסן מיט זיי און ניט גערערט אף זיי קיין שלעכטס. ער האָט זיך אפילע דערווייַטערט פון יעטווידן קאמף, אָבער שטילערהייט, געהיים, האָט ער זיי

געשאפֿן געלט, געהאָלפֿן, ווי נאָר ער האָט געקענט, אויסצולייזן א געפֿאנגענעם, רעטן פֿון טויט א פֿארמישפּטן, אויסבאַהאלטן אן אנטרונענעם פֿון די רוימישע טפּיסעס. ער האָט דאָס געטאָן אָן באַזונדערע קאוואָנעס, האָט דערביַי אפֿילע ניט געטראַכט, אז דאָס קאָן אמאָל צוניץ קומען. ער האָט סיַיווי ניט געגלייבט אין א ניצאָכן איבער די רוימער, און די נעקאָמענעמער זיַינען איִם דאָך פֿון אָנהייב אָן געווען פֿרעמד.

גראָד צו יענער צײַט, — ער האָט דעמלט פּארוואלטעט מיט די האַנדלס־געשעפֿטן פֿון זיַין פֿעטער און לערער, פֿון יויכאנאָן בען זאקיַי, וואָס האָט נאָך אלץ געהאַט גרויסע שפּיַיכלער טווּע אין יאַוונע און געליפֿערט טווּע צו די רוימער,— גראָד צו יענער ציַיט האָט אבא זיך אָפּט אָנגעהויבן באגעגענען בא יוינאָסאָן בען זאקיַי אין שטוב, אין די האַפּנס בא די שיפֿן מיט ברויט, וואָס פֿלעגן קומען פֿון אלעקסאנדריע, מיט יוינאָסאָן דעם סויכער פֿון גושכאלאוו, וואָס ער איז דעמלט שוין געווען אויך דער סויכער פֿון די האַפּנס. יוינאָסאָן איז געווען א פֿרומער פּאָרוש, א געוועזענער טאַלמיד פֿון יוינאָסאָן בען זאקיַי און א פֿאָרנעמער טאַלמיד־כאָכעם פֿון הילעלס שול. אבאן האָט אימפּאָנירט דער דאָזיקער טאַלמיד־כאָכעם און ריַיכער סויכער, וואָס יוינאָסאָן בען זאקיַי האָט שטארק געהאַלטן פֿון איִם. אבא איז צוליב פֿאַרשיידענע געשעפֿטן, וואָס ער האָט אָנגעקניפּט מיט יוינאָסאָנען, געווען אָן אָפּטער גאסט אין גושכאלאוו. יוינאָסאָן און זיַין פֿרוי מיריאָם, די גאַנצע דינערשאַפֿט האָבן זייער ערלעך געהאַלטן אבאָן, איִם אופֿגענומען פֿריַינטלעך, ווי אָן אייגענעם, נאָענטן כאווער־פּאָרוש און ווי א מענטשן פֿון גרויסן ייכעס. און אבא האָט זיך געפֿילט אין דעם דאָזיקן הויז, דאָס איינציקע הויז נאָך זיַין פֿעטערס הויז, פֿריַי, היימיש און היימלעך.

צווישן זיַינע דורכפֿאלן אין לעבן איז געווען איינער א גרויסער דורכפֿאַל: זיַין בויען פֿאַר זיך א הויז, א היים. צוגערעדט פֿון זיַין מוטער און פֿונעם פֿעטער, האָט אבא פֿרי כאַסענע געהאַט מיט ציפּוירען, די טאָכטער פֿונעם גרויסן כאָכעם עליעזער בען כארסום. עליעזער איז געווען אויך א גרויסער אוישער, דער ריַיכסטער מאַן אין יערושאָלאָיִם. זיַינע פֿילצאָליקע שיפֿן זיַינען געגאַנגען איבער די יאַמען און פֿלעגן ברענגען קיין יעהודע סכוירעס פֿון די יאָם־מעדינעס, פֿון די וויַיטע אינדזלען. ווי דער שטייגער, דאָס ערשטע יאָר נאָך דער כאַסענע האָט אבא גאָרניט געטאָן, האָט געלעבט צופֿרידן מיט זיַין יונג וויַיב. ציפּוירע איז געווען א דאַר בלאַס מיידל, ניט קיין מיעסע, און שטרענג פֿרומע.

אָבער באלד נאָכן געבוירן דאָס ערשטע קינד האָט זי מיטאמאָל גענומען שטארק זיך ענדערן און זיך איבערגעשטאַלטיקן. זי האָט שנעל אָנגעהויבן וואַקסן אין דער ברייט, ווערן אלץ דיקער, פֿירעקיקער. מיט יעדן געבוירן נײַ קינד איז זי געוואָרן אלץ מעגושעמדיקער, גרעבער, געוואָרן אלץ פֿרומער און אלטמאָדיש שטרענגערער, געוואָרן אלץ טעמפּער און ניט־ריירעוודיקער. זי אליין, איר פֿאָטער, דאָס גאַנצע ריַיך און שרעקלעך אלטמאָדיש הויז איז געוואָרן אלץ שטינקעדיקער פֿאַר אבאָן, טוכלער און ווי באַדעקט מיט שימל. איִם איז ענג און לאַנגוויַיליק געווען אין דעם, איִם איז אלץ נימעסער געוואָרן ציפּוירע. און איבער דעם זיַינען איִם געבליבן פֿרעמד אויך די קינדער, קראַנקע, צעקראָכענע קריפּלען. איִם איז נימעס געוואָרן דער שווער, די שוויגער, זייערע רייד, זייער פֿירעכץ, א העכסט אסקעטישער און קאַמצאָנישער, דאָס אלטע גרימיק טונקל הויז. ער פֿלעג גערן אוועקפֿאָרן קיין יאַוונע אָף וואָכן און כאָדאָשים, אבי ניט צו זיַין אינדערהיים, וואָס איז איִם אלץ פֿרעמדער און אָפּשטויסנדיקער געוואָרן. דאַן האָט ער אָפּטער און אָפּטער אָנגעהויבן פֿאָרן קיין גושכאלאוו, אונטער פֿאַרשיידענע אויסריידן פֿאַרבליַיבן אלס גאסט בא יוינאָסאָנען אָף טעג און וואָכן. ער האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו דעם הויז, האָט עס אַזוי ליב געקראָגן, דאָס הויז און די מענטשן, און ניט זעלטן עס געהאַלטן אפֿילע פֿאַר זיַין עמעסער היים.

אים איז געפעלן געוועזן יוינאָסאָנס אופירן זיך, וואָס איז געוועזן אי צו גאָט, אי צו לײַטן, און ער איז אַלץ מער און מער אַרונטערגעפאַלן אונטער יוינאָסאָנס ווירקונג און אים געגומען פאַר א מוסטער פאַר זיך. אבא האָט צומאָל זיך אַפילע געכאַפּט, אַז יוינאָסאָן ווערט אים אַלץ נעענטער, נעענטער אַפילע אויך פון זײַן אײנציקן פרײַנט, וועמען ער האָט שטאַרק ליב געהאַט און פאַרערט, פון זײַן פעטער יויכאַנאַן בען זאַקיי. יויכאַנאַן בען זאַקיי האָט אים אויסגעזען צו פּראָסט, צו ווייך, צו גוט צו אַלעמען, אַזוי ווײַט, אַז ער פאַרורטיילט קיינמאָל ניט, ניט די רײַכע און מיטוויליקע, מיט די קאַנאָיִם, געפינט אָפ יעדערן א זכוס, איז בא זיך אַזוי באַשיידן, האַלט זיך אַזוי ניט גרויס, אַז ער לאָזט ניט דורך אין גאַס, אין מאַרק אַפילע א נאָפרי, א פרעמדן, ניט קיין יידן, אַז יענער זאָל אים דער ערשטער באַגריסן מיט שאָלעם. יוינאָסאָן, פאַרקערט, איז געוועזן פיל גראָדער פון זײַן לערער, כאָטש ער האָט אים, דעם לערער, נאָכגעטאָן אין פיל זאַכן, אָבער יוינאָסאָן האָט געהאַט באַשטימטע סימפּאַטיעס צו איינע שיכטן פאָלק און אי סימפּאַטיעס, אָדער אַפילע סינע צו אַנדערע שיכטן אין דעם. יוינאָסאָן איז געוועזן א מענטש, וואָס איז געשטאַנען אין קאַמף פאַר שאָלעם. און אין קאַמף פאַר שאָלעם איז ער געוועזן היפּש קריגעריש. אבא פלעג זעלטן ווי אַן עפּן טאָן פאַר יוינאָסאָנען א פאַרבאָרגן טירעלע אין דער פינצטערניש פון זײַן נעשאָמע.

יוינאָסאָן פלעג מיטפילנדיק אויסהערן אים, ניט איבערשלאָגנדיק די רייד, לאָזן אויסגיסן דאָס האַרץ, און נאָכדעם, ווי אומבאַמערקט, פאַרפירן מיט אים א שמועס וועגן דעם, וועלכן וועג דאַרף א טאַלמיד־כאָכעם, נאָבעלער און רײַכער מענטש, ווי ער, זיך אויסקלײַבן אין לעבן. קענענדיק אבאן און זײַנע לײַדנשאַפטן, זײַן שטרעבן צו רום, צו מאַכט, זײַן אומרויִקע נאַטור און זײַן שטרעבן צו טעטיקײַט, צו ברייטע און גרויסע אונטערנעמונגען און אַפילע צו אוואַנטיורישע, האָט ער אים שטאַרק צוגערערט צו ווידמען זיך דעם גרויסהאַנדל, דעם מיסכער, אויסקלײַבן פאַר זיך דעם וועג פון רײַכקײַט פון א גרויסן וועלט־סויכער.

— א סויכער, — האָט יוינאָסאָן אים געזאָגט, — א וועלט־סויכער, וואָס באַגרענעצט זיך ניט מיטן געוועלב פון זײַן מאַרק און מיטן מאַרק פון זײַן שטאָט, אַפילע מיט זײַן לאַנד, נאָר פאַרשפּרייט זײַן האַנדלס־נעץ, ווי די גרויסע יידישע סאָכרים פון רוים, פון אַלעקסאַנדריע און אַנטיאָכיע, אָפ פיל שטעט און לענדער, לאָזט זיך ניט זעלטן אַליין אַוועק אָפ ווײַטע יאַמען און אינדזלען, אין ווײַטע מעדינעס, אַזא יידישער סויכער ברענגט גוטס פאַר זיך אַליין, פאַר זײַן פאָלק, פאַר זײַן לאַנד, פאָרן לעבעדיקן גאָט. רײַכקײַט, ווידער, — האָט ער אים ווײַטער געזאָגט, — דאָס איז א גרויסע מאַכט, עפּשער די גרעסטע מאַכט אין דער וועלט. דו ווייסט דאָך, וואָס בען־סירא זאָגט וועגן רײַכקײַט און וועגן רײַכן מאַן. און א ייד א בענטוירע קען און דאַרף קומען צו רײַכקײַט, צו אָט דער גרויסער מאַכט דורך האַנדל. דורכן ווײַטן האַנדל מיט זײַנע ברידער, וואָס זײַנען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אונדזער שוואַכקײַט, ווייסטו דאָך, איז אונדזער אָרעמקײַט, און אונדזער אָרעמקײַט איז אונדזער שוואַכקײַט. גאָטס פאָלק אָבער דאַרף זײַן שטאַרק, דאַרף עס זײַן רײַך אויך, יאָ, רײַך, זייער רײַך, — איז יוינאָסאָן אופגעפלאַמט און זײַן געוואָרן קאָל האָט א קלונג געטאָן ווי א מין וואָרענונג, — שלוימע האַמעלעך איז געוועזן דער גרעסטער און שטאַרקסטער קיניג אין דער וועלט, ווײַל ער איז געוועזן דער רײַכסטער אויך. רוים איז געוועזן אַן אבאָ קאָלוין, א קליין און אָרעם שטעטל, און נאָר די גרויסע רײַכקײַט, וואָס רוים האָט אָנגעזאַמלט, האָט זי געמאַכט פאַר דער הערשערן איבער דער גאָרער וועלט.

— און ווו איז גאָט? — האָט אבא פאַרכידעשט געפרעגט, — עס שטייט דאָך געשריבן, אַז אַלץ איז פון גאָט, ער גיט רײַכקײַט, און אַז אויך יעדע הערשאַפט פון די פעלקער איז זיי געגעבן געוואָרן פון גאָט, וואָרעם ער מאַכט דאָך קיניגן מעלאָכים און וואַרפט זיי אַראָפּ.

— עמעס, — האָט יוינאָסאָן געענטפערט, — אוואדע איז אלץ פון גאָט. און גאָט טוט זיך גאָרניט. גאָט צייכנט אָבער נאָר אָן, און וויאַזוי דורכצופירן גאָטס אָנצייכענונג איז שוין געוועדט אינעם מענטשן אליין. אין דעם שיידן מיר זיך אונטער פון די צדוקים, וואָס זאָגן, אז גאָט מישט זיך קלאל ניט אינעם מענטשנס פריוואטער טועכץ און אלץ איז געווענדט נאָר פון דעם מענטשן אליין. דאָס איז שיר ניט קיין אַפּלייקענען גאָט, זיין פירן די וועלט. גאָט האָט אויסגעווײלט דאָס פאָלק ייִסראָעל און דעם אָנגעצייכנט צו ווערן דער הערשער איבער דער וועלט, איבער אלע פעלקער. גאָטס פאָלק האָט אָבער ניט פארשטאנען זיין אָנצייכענונג און איז געגאנגען אף א פאלשן וועג, אפן וועג פון די גוים, פון די אווידע קויכאָווים. אונדזערע מעלאָכים האָבן געוואָלט דעראָבערן די הערשאפט מיט דער שווערד, וואָס גיט א מאכט ניט קיין שטאנדהאפּטיקע, אָן איבערגייענדיקע. די שווערד דאָס איז דער וועג פון נימרוידן, פון אייסעוון, פון נעווּכאַדנעצערן. די נעוויִעס האָבן זיי געוואָרנט, די פירער פון פאָלק האָבן אָבער ניט פארנומען זייערע רייד. אפילע שלוימע האמעלעך אליין, ווי נאָר ער האָט זיך גענומען אָנשפאָרן אף זיינע פערד און רייטוואָגנס, אף זיינע גילדענע פאנצערן אינעם לעוואנאָן, אזוי האָט ער פארלוירן זיין וועלט־הערשאפט און שוין פאר זיין טויט האָבן אַנדערע פעלקער גענומען באפאלן זיינע הייסע גרענעצן. אונדז האָט גאָט געגעבן אלס געווער ניט די שווערד, נאָר די טוירע, וואָס מיט איר זאָלן מיר דעראָבערן די הערשאפט, אָבער ניט קעדיי פארמערן דורך איר די פיינשאפט צווישן פעלקער. די טוירע — דאָס איז די גרויסע ליכט פון שאָלעם. און דער שאָלעם האלט זיך אף רייכקייט, אף ווילטיק. זאָלן די פעלקער זען ווי גוט אונדז איז, ווייל מיר היטן אפּ די טוירע, דעם שאָלעם, און זיי וועלן אויך לערנען פון אונדז מוירע צו האָבן פאר לעבעדיקן גאָט, ליב צו האָבן אים און גיין אין זיינע פרידלעכע וועגן.

— עס שטייט אָבער דאָך געשריבן, — האָט אבא געפּרוווט נאָכאמאָל דערווידערן, — גאָט איז א קריגסמאַן, זיינע קליידער זיינען רויט געפאַרבט פון בלוט?

— די ביסט דאָך ניט קיין פארגליווערטער צדוקי, — האָט יוינאָסאָן מיט א שמייכל געענטפערט, — נאָר א לעבעדיקער פּאָרוש. זיי, די צדוקים, שטייען נאָך אלץ אונטער דעם בארג סיניי, אין דעם מידבער. די טוירע אָבער איז געגעבן געוואָרן ניט צו שטיין מיט איר אין דעם מידבער. "אדוינאַי איש מילכאָמע" איז געזאָגט געוואָרן אין א צייט פון מילכאָמע, ווען דאָס פאָלק ייִסראָעל איז געווען ארומגערינגלט פון פיינט און האָט געמוזט דעראָבערן א באָדן אונטער די פיס. און אפילע דעמלט איז עס געזאָגט געוואָרן מער בעדערעך מאָשל... איצט זיינען מיר היפש ווייט אוועקגעגאנגען פון יענער צייט. איצט דארפן מיר טראָגן צו די פעלקער ניט די שווערד, נאָר גאָטס ליכט. אָבער קעדיי די ליכט זאָל לייכטן העל און ווייט, מוז מען האָבן א סאַך מענוירעס, א סאך גוטן בוימל. און דאָס קאָן מען דערלאנגען נאָר דורך רייכקייט. אונדזער היי‌ליק לאנד דארף זיין דאָס רייכסטע אין דער וועלט. דאַן וועלן די פעלקער אונדז גלייבן, וועלן זיך גלייכן צו אונדז. דו פארשטייסט?

— האָט ער אים שארף א קוק געטאָן אין די אויגן.

אבא איז געזעסן א ביסל צעטומלט, באראשט... יוינאָסאָן האָט ווידער גענומען ריידן מיט פלאם, היציק:

— אינעם אָרעמען שטיבל איז פינצטער, ליכטיק איז אין גרויסן פּאלאץ. אָט וואָס מע דאַרף געדענקען! דעם אָרעמאנס שטים איז א שטילס, מע הערט אים ניט און מע גלייבט ניט אין זיינע רייד. דעם רייכנס קאָל איז שטארק און מע הערט עס ווייט און יעדער גלייבט אין זיינע רייד. ווייסטו דאָך, אז דער אשמעדיי האָט פארוואָרפן שלוימע האמעלעך אין א ווייטער מעדינע, האָט שלוימע ארומגעוואנדלט מיט זיין גרויסער כאָכמע, ווי אַן אָרעמאַן מיט זיין טאָרבע, איבער דער וועלט. האָט געשריגן: "אני שלוימע", נאָר קיינער האָט ניט געוואָלט הערן זיין

כאָכמע, ניט געגלייבט אין איר און געלאכט פון שלוימען און פון זײַן כאָכמע, די כאָכמע פון אַן אָרעמאַן. גאָט האָט אונדז אָנגעטרויט א גרויסע שליכעס. אָבער א שאָליִעך פונעם מײלעך, און ווער רעדט נאָך פונעם מעלעך מאלכיי האמלאָכים, טאָר ניט ארומגיין אף דער וועלט צו טאָן זײַנע שליכעס ווי אַן אָרעמאַן. ווער וועט אים דעמלט גלייבן, אז ער איז געשיקט פונעם קייסער און ווער וועט דעמלט מוירע האָבן פאַרן קווּמערס געבאָט? ביזוואַנען מיר וועלן טאָן גאָטס שליכעס, ווי אָרעמע לײַט, וועט מען אונדז, אונדזער לערע, אונדזער טוירע אין די פרעמדע לענדער ניט פאָרנעמען, קאַלזמאַן מירן זײַן אין די אויגן פון די פעלקער אלס "בארבארן פונעם אינערלעכן לאנד", ווי אונדזערע פײַנט רופן אונדז מיט גרינגשעצונג, וועלן זײַן א פאָלק אָן אָרעמס, א פויערים־פאָלק, דערווײַטערט פונעם יאם און פון די גרויסע האנדלס־יאם־וועגן, וועט די פרייּדיקונג פון אונדזער עמעס און שאָלעם ניט דערגיין צו די אומעס פון דער וועלט!" פארשטייסט: מיר דארפן ווערן א רײַך פאָלק! און צו ווערן אזעלעכס דארפן מיר ארויסגיין צום יאם, באהערשן דעם האנדל אף דער יאבאָשע, אף די אינדזלען פון יאם. די צוירים זײַנען געווען א סאך א קלענער פאָלק פון אונדז, איז זע אָבער, וואָס דער נאָווי יעכעזקל זאָגט וועגן זיי. די גריכן זײַנען אויך ניט געווען גרעסער פאַר אונדז, און זייער הערשאפט האָט זיך פארשפרייט אף פיל לענדער. זיי האָבן אָבער ניט געהאט די טוירע, ווי מיר, און זייער הערשאפט איז דעריבער געווען ניט קיין אייביקע. מיר האָבן די טוירע — און מיר דארפן הערשן אייביק. די הערשאפט פון די גוייִם איז ניט קיין זיכערע. זי איז ווי איינער בויט א פעסטונג ניט אף א פעלדז, נאָר אף זאמד. מיר דארפן בויען אונדזער פעסטונג אף א פעלדז. אונדזער פעלדז איז די טוירע. אָבער דעם פעלדז דארף ארומנעמען א סאך האפנס, פולע מיט שיפן, וואָס טראָגן צו זיי די רײַכקײַט פון דער גאָרער וועלט. אזוי איז עס, מײַן פרײַנט. ווילסטו מיט אַן עמעס קריגן מאכט און גרויס מאכן דעם נאָמען פונעם פאָלק ייִסראָעל, דעם נאָמען פונעם הייליקן, געבענטשט זאָל ער זײַן, פעסטיקן די טוירע, דעם עמעס, דעם שאָלעם איבער דער גאָרער וועלט, איז ווער רײַך! גיב זיך אף שטענדיק א קער צום האנדל און ווער רײַך! דו הערסט? — האָט ער שיר ניט קיין געשריי געטאָן לײַדנשאפטלעך און ווי צאָרנדיק אפילע, — דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר? ווער רײַך, זייער רײַך!

יוינאָסאָן איז ניט ווי זײַן טעווע און געוווינהײַט ארויס פון זײַן רויִקײַט און באדאכטקײַט, האָט זיך צעהיצט, צעפלאמט, און עס איז אויסגעקומען, ווי ער רעדט ניט נאָר צו זײַן ייִנגערן כאַווער, נאָר אויך צו זיך אליין, און עפשער טאקע נאָר צו זיך אליין. און גערעדט האָט ער ניט, ווי דער שטייגער פון די פּרושים פון הילעלס שול, ווי מע רעדט צו א קראנקן, שטיל און מיט א געבעט, נאָר צאָרנדיק הויך, ווי א קאַנאָי, ווי איינער פון די היציקסטע טאלמידים פון שאמאִיס שול.

אבא איז געזעסן א בארוישטער און אים איז געוואָרן גוט פון די דאָזיקע רייד, וואָס זײַנען טיף אים ארײַן אין הארצן און אים באזיגט, און האנאָע האָט ער געהאט פון דעם, גלײַך עס וואָלט געווען דאָס, וואָס ער האָט אליין געטראכט, נאָר האָט ניט געפונען קיין ווערטער פאר דעם.

זײַן פאנטאזיע האָט זיך ווידער צעשפילט, ער האָט גענומען טרוימען צו ווערן דער רײַכסטער מענטש אין יערושאָלאיִם, אין גאנצן לאנד, אין דער גאנצער רוימישער מעלוכע. ער האָט זיך שוין געזען אלס הערשער פון מעלאָכים, געזען, ווי די מעלאָכים קומען צו אים צו בוקן זיך פאר אים און בעטן בא אים געלט, געזען, ווי אליין דער מעלעך האמלאָכים פון די פּארטער, ווי אליין דער רוסישער קייסער, איז ווי א שפילכל אין זײַנע כרייד הענט.

עמעס, די דאָזיקע צו צעהיצטע טרוימען האָבן ניט לאנג געבריט און געברענט זײַן מויעך, ער איז א ביסל אײַנגעהאלטן געוואָרן — דאָס האָט אים אונטערגעזאָגט זײַן פראקטישער כוש — און ער איז געוואָרן יוינאָסאָנס א שוטעף. ער איז גלײַך

געוועז צו א מענטשן, וואָס איז פּאַרמאַטערט פון דער גלוטיקער היץ אין א הייסן טאַמוז־טאָג און שפרינגט אַרײַן אין דער וואַסער פון קילן טײַך, טוקט זיך אונטער אין אים ביז איבערן קאָפּ. אבא בען באַטיאַך האָט זיך אזוי אַרײַנגעוואָרפן אינעם גרויסן האַנדל צו קילן זײַן גלוטיקן גלוסט נאָך קאָוועד, נאָך מאַכט, צו קילן די בראַנד, וואָס האָט נאָך אַלץ געפּרעסן זײַן צעווונדעטע האַרץ. ער האָט זיך אינגיכן אַרויסגעוויזן פאַר א געשיקטן און קלוגן סוחר. יויגאָסאָן האָט זיך ניט אָפּגענאַרט אין אים.

ווי זײַן שוטעף און וועגווײַזער יויגאָסאָן, איז אויך אבא בען באַטיאַך געבליבן אין זײַן רײַכקײַט טרײַ דער לערע און דער פּירעכץ פון די פּרושים פון הילעלס שול, געבליבן אומגעוואַקלט און האָט ניט אָפּגעקערט פון די אַלטע מינהאָגים, ווי דאָס האָבן געטאָן אייניקע זײַנע אַמאָליקע כאַווײרים, אַשטייגער, יויסעף בען מאַטיסיאָהו, וואָס איז פון די פּרושים געלאָפן צו די העלעניזירטע צדוקים, פון זיי צו די כסידים, צו די איסייער, און דערנאָך אַוועק אויך פון זיי, זיך אומגעקערט צו די פּרושים, האָט זיך אָבער געהאַלטן גרויס מיט זײַן גריכישער בילדונג, מיטן זײַן א קאָרעוו צום קיניג אַגריפּאַס, און האָט זיך געוואַקלט צווישן די פרומע פּרושים און די פרומע העלעניסטישע צדוקים, אָדער, אַשטייגער, ווי יוסטוס בען פּיסטאַ, וואָס האָט אינגאַנצן פאַרלאָזן אי די פּרושים, אי די צדוקים און האָט זיך געפירט ווי די אָנגעזעענסטע רײַכע און געלערנטע אַלעקסאַנדריער פאַרנעמע ייִדישע לײַט, וועלכע פלעגן זאָגן אף זיך, אז זייערע קליידער, זייערע רייד זײַנען גריכישע, אָבער זייער נעשאַמע, זייער געדאַנק זײַנען ייִדישע, די סאַמע עכטע, ריינסטע, אָן שום אָבערגלויבן און אָפּגעשטאַנענקײַט, ייִדישע.

אויסערלעך האָט אויסגעזען, גלײַך אבא בען באַטיאַך האָט ענדלעך געפונען זײַן אייגענעם וועג אין לעבן און איז געוואָרן באַרויִקט. צווישן מענטשן איז ער געווען פריילעך און מונטער, טומלדיק און ראַשיק. מע וואָלט געקאָנט מיינען, ער איז דער גליקלעכסטער און פריילעכסטער מענטש אין דער וועלט. אָבער אז ער איז געבליבן מיט זיך אַליין, איז ער געוואָרן פינצטער, פאַרצאַרנט. ער האָט אף קיין איין רעגע ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם גרויסן בראָך, וואָס האָט אים געטראָפן אין דער יוגנט, די אַנדערע דורכפאַלן אין זײַן ווײַטערדיקן לעבנסוועג. עס פלעג אים דאַן אַלץ אָפּטער באַפאַלן אַן אומעט, באַשלאָגן אַנגסטן, און ער האָט זיך געפילט עלנט, פאַרשפּילט אף אייביק זײַן גליק, אָפּגענאַרט אין אַלע זײַנע האָפענונגען. דער האַנדל, זײַן רײַכקײַט האָט אים ניט באַפרידיקט. ער האָט ניט אויפגעהערט מעקאַנע זײַן יויסעפן בען מאַטיסיאָהו און יוסטוסן בען פּיסטאַ, וואָס ער איז געווען פיל רײַכער פון זיי, האָט זיי ניט פאַרגינען זייערע שיינע ווײַבער, זייער רום און זייער גליק. ער פלעג זיך דעמלט וואַרפן און צאַפּלען פון ווייטיק גלײַך א שלאַנג וואָלט אים געביסן דאָס האַרץ, עס פאַרסאַמט און אָנגעפילט מיט גיפט. עס פלעג טרעפן, אז אויך אינעם ראַש און טומל צווישן מענטשן, אין די גרעסטע פריידיקע סימכעס האָט אים מיטאַמאָל א ביס געטאָן די שלאַנג, און ער פלעג שיקערלעך א בייזן ריטשע טאָן, זיך אָנגיסן מיט פינצטערניש און מיט צאָרן — זײַנע מיט־טרינקער פלעגן זיך דעמלט אָפּקערעווען פון אים, זאָגן: "דער שעד האָט זיך אופגעכאַפּט אין אים" און אַוועקגיין, זיך דערווײַטערן פון אים. ער פלעג בלײַבן זיצן אַליין ערגעץ אין א ווײַטן ווינקל און ווי א פאַרווונדעטע כײַע ברומען און ריטשען און אַרום אים איז געוואָרן אומהיימלעך און שרעקעוודיק פון דעם.

אז אים פלעג אָפּגיין דער צאָרן פון האַרצן, איז ער ווידער אויסערלעך געווען ליב און ווייך. אין זײַן אָנגעשטויסן זײַן אף מענטשן האָט ער דאָך זייער ליב געהאַט קליינע קינדער, יונגע מענטשן. ער האָט זיי ליב געהאַט, ווי אומצײַטיקע פּרוכט, עפּשער האָט ער זיי דערפאַר ליב געהאַט, וואָס זיי זײַנען געווען אומשולדיק קעגן אים, האָבן ניט געוווּסט פון זײַן בראָך און פון זײַנע דורכפאַלן. גאָר שטאַרק האָט ער ליב געהאַט יויגאָסאָנס קינדער. עדנען און יעהודען. אים האָט באַזונדערס

געצויגן צו עדנען, צו אַט דעם דאָזיקן יונג, צארט און איידל שטאַלטנע מיידעלע. סע האָט אים געצויגן צו איר מאַט־גרינבלעך, ווי א ניט־דײַפער עסרעג, דאָס קײַלעכדיקע, קליינע בראָדעווקעלע אף דעם רעכטן בעקל אונטער דעם אויג, וואָס איז ווי א פארגליווערטע טרער הענגען געבליבן אף דער צארטער הויט און האָט צוגעגעבן איר פּנעמל א שיין טרויעריקן אויסזען, און ער פלעג אָפּרײַסן ניט קענען זײַן צעפּלאַמטן בליק פון אַט דער פארגליווערטער קינדערשער טרער.

ער האָט ליב געהאט קושן עדנען אין דעם דאָזיקן טרערעלע און מיט דעם ארויסרופן בא איר עמעסע טרערן, נאסע, גרויסע. זי האָט דעמלט אויסערסט מוירע געהאט פאר זײַנע צעפלאַמטע אויגן און זיך מיט קוילע־קוילעס געריסן פון זײַנע הענט.

ער פלעג איר ברענגען שטענדיק מאַטאַנעס. מיט איר עלטער ווערן און וואקסן האָבן זיך אויך די מאַטאַנעס געענדערט — פון זיסע שפּײַזן און שפּילצײַגן ביז טײַערע קליידער און צירונג.

זי האָט פײַנט געהאט די דאָזיקע מאַטאַנעס. עפשער זײַנען זיי דאָס געווען די אורסיבעס פון איר ווידערגעפיל צו טײַערע קליידער און צירונג. מיט יאָרן איז געוואקסן איר רייץ און שיינקײַט. דאָס בראָדעווקעלע איז ניט געוואקסן, אָבער דער כיין, וואָס עס האָט צוגעגעבן עדנעס פּאָנעם, איז געוואָרן אלץ גרעסער און שענער. זײַן ליבע צו קינדער האָט געפונען אלץ מער דעם העכסטן אויסדרוק אין זײַן ליבע צו עדנען. ער פלעג צומאָל, ווי צופעליק, בלײַבן מער מיט א פּאָר טעג בא יוינאָסאָנען, קעדיי זײַן לעבן די צוויי קינדער, און שטענדיק מיט עדנען. ער פלעג פילן א מעשונע מאָדנע זעליקײַט דעמלט, די ווונד אין הארצן איז ווי פארשווונדן און ער האָט זיך געפילט גוט און בארויִקט, אליין ניט פארשטייענדיק איבער וואָס. זײַן ביז גאָר פרײַנטלעכע פארליבטקײַט אין דיביידע קינדער, באזונדערס אין עדנען, האָט געשמייכלט דעם פאָטער, אלע מענטשן אין שטוב. אָבער עדנע האָט ניט אופגעהערט מוירע צו האָבן, פלעג אנטלויפן פון אים, זאָגן מיט מוירע: ״ער וויל מיך אופעסן״. אלע האָבן געלאכט, און מער פאר אלעמען אבא אליין. אים פלעג זיך טאַקע צומאָל וועלן זי א כאַפּ טאָן, זי בײַסן, קנײַפּן, צעפליקן און צערײַסן און אופרעסן איר פריש פלייש מיטן הײסן בלוט, וואָס רינט פון דעם. ער פלעג זיך מוזן אָפּקערן, ער זאָל, ניט קענענדיק זיך אײַנהאלטן, טאַקע ניט אָנהייבן זי פּײַניקן. דאָן פלעג ער זיך קערן צו יעהודען, צו דעם לעבעדיקן הייסן יינגל, וואָס האָט קיינמאָל ניט גערוט, שטענדיק עפּעס געמײַסטרעוועט, געפירט מילכאָמעס, זיך געשלאָגן מיט די ״רוימישע סאָלדאַטן״. יוינאָסאָן האָט ניט ליב געהאט די דאָזיקע שפּילן, אים פארווערט זיי. דאָן פלעג אבא אים נעמען, זיך ארופזעצן מיט אים אפן מויליזל זײַנעם, א בייזע און שנעל־לויפנדיקע כײַע, און אוועקרײַטן ווײַט אין טאָל. אז די קינדער זײַנען ערגעץ אוועק זיך שפּילן און יוינאָסאָן איז ניט געווען אינדערהיים, פלעג אבא בלײַבן זיצן אין שטוב און געמיטלעך שמועסן מיטן אלטן יאנקעוו אָדער מיט כאנען, זיך פילן גוט און בארויִקט פון זייערע אלטע קלוגע רייד.

און אַט איז עדנע מיטאמאָל דערשינען פאר זײַנע אויגן א גרויסע, א געגלוסטע פרוי און זי אנטלויפט איצט ניט פון אים. ער האָט צום ערשטן מאָל זי געטראָפן אָפּט לעבן זיך, א נאָענטע, ווי אים האָט זיך געדוכט, א פרײַנטלעכע, אפילע עטוואָס פארטרוילעכע, גוט און ליב צו אים ווי קיינמאָל, ער האָט ניט אָפּגעריסן זײַנע צעפלאַמטע אויגן פון איר טרער, פון איר אומפארקאָטשעטע ליפּעלע, פון איר ווי פון העלפאנדביין געשניצטן האלדז, פון דעם בלוי אָדערל, וואָס האָט דאָרטן געשלאָגן, זיך אופגעהויבן און אראָפּגעלאָזט, און ער האָט געמוזט אָנטאָן א גוואלדיקן קויעך אײַנצוצוימען זײַן ווילד גלוסטעניש צו איר, און וועלן זי א כאַפּ טאָן אף די הענט, אַט ווי דעמלט, ווען זי איז נאָך גאָר א קליינינקע געווען, א פּוכלינקע און זייער גלאַטינקע, זי ארומגעטראָגן איבער דער שטוב און זי קושן,

קושן אָן אופהער. אים האָט זיך רעגעסווייַז געוואָלט ניט נאָר קושן זי, נאָר זיך אייַנבייַסן מיט די ציין אינעם טרערעלע, אינעם בלוי אָדערל, זיך אייַנבייַסן אזוי, אז עס זאָל א שפריץ טאָן הויך און ווייַט א דין הייס רויט שטרעמל און צווישן די ציין זאָל א כרישטשע טאָן א ווייך דיך ביינדל. אים אליין האָט א שוידער געטאָן פון דער דאָזיקער גלוסטעניש און ער האָט פארגאָסן אי דעם שוידער, אי די גלוסטעניש מיט שטארקן ווייַן, וואָס האָט אים אלץ מער באַרוישט, פארטומלט, צעצונדן און צעקאָכט זייַנע געבליטן...

אין טראקלין, אינעם עס־זאל, איז געוואָרן אלץ טומלדיקער, רוישיקער. די דינער זייַנען ארומגעלאָפן פארשמייַעטע, שוין ניט אזוי טאנצנדיק, ווי אין אָנהייב פון דער סודע, צווישן די טישן. בא די קליינע טישלעך האָט זיך שוין געהערט דאָ און דאָרט א שטילער, דערווייַל נאָך א דערעכערעצדיקער אייַנגעהאלטענער געזאנג.

עדנע און יעהודע האָבן זיך ארומגעדרייט ארום די געסט, ווי ניט די היגע, זייַטיקע און פארנומען מיט זיך. יוינאָסאָן האָט נאָכגעגעבן די געסט באם גרויסן טיש, וואָס האָבן פראָטעסטירט, לעמייַ ער שטייט די גאנצע צייַט אף די פיס, ווי אווראָהאָם אָווינו איבער די מאלאָכים, און באדינט זיי, און ער האָט פארנומען זייַן אָרט אויבנאָן באם טיש.

דער שמועס, וואָס האָט זיך פריער געפירט דאָ צופעליק און צעוואָרפן, האָט זיך אלץ מער צעוויקלט און זיך צונויפגעגאָסן אין איין גאנצן, הייסן וויקועך. מע האָט גערערט וועגן די לעצטע געשעענישן אין יערושאָלאיִם, וועגן דעם גרויסן קריג צווישן די קויהאנים־גדוילים־מישפּאָכעס, וואָס דערגייט אָפט פּאָשעט צו אָפענע געשלעגן אין די גאסן צווישן זייערע דינער און פרייַנט. מע האָט אויך גערעדט וועגן דעם אומרעכט, וואָס ווערט געטאָן די אָרעמע קויהאנים מיצאד די קויהאנים־גדוילים, וואָס נעמען צו מיט גוואלד פאר זיך דעם כיילעק מייסער, וואָס קומט צו פּאָשעטע קויהאנים. עמעצער האָט דערציילט, אז אין אנאָסויס איז די טעג איבער דעם געשטאָרבן אן אָרעמער קויהען פון הונגער. מע האָט דאָס שטארק באדויערט, שולדיק געמאכט אין דער דאָזיקער אומרעכט דעם קויהען־גאָדל כאנאניע בען גארוין. דאָס האָט ער דער ערשטער פאלש אויסגעטייַטשט דעם פּאָסעק אין דער טוירע, ווו עס רעדט זיך וועגן מייסער, און האָט געפּויעלט באם פּראָקוראטאָר, ער זאָל אים צופּאסקענען דעם גאנצן מייסער. אָף א ווייַלע האָט זיך צעפלאקערט א קליינער היציקער וויקועך איבער דעם טייַטש פון דעם דאָזיקן פּאָסעק, נאָר אלע האָבן סאָפּקאָלסאָף אייַנגעשטימט מיטן כאָכעם עליעזער, אז דאָס איז בעפּייַרעש אן עכט צדוקישער אויסטייַטש, א פאַלשער, וואָס דארף ווערן פארורטיילט און אָפּגעוואָרפן. מע איז אופגעבראכט געוואָרן אף כאנאניען, וואָס ברענגט מיט זייַנע גאזלאָנישע מייַסים צו כילעל־האשעם, צו פארשוועכן דעם קאָוועד פון דער קעהונע גדוילע און גיסט בוימל אפן פייַער פון דער אומצופרידנקייַט, וואָס ברענט אזוי אויך שטארק צווישן פאָלק אף די רוימער, אף די הירדאָסישע פרינצן, אף די רייַכע קויהאנים־גדוילים, ביכלאל, אף די גרויסע לייַט פון יערושאָלאיִם, וואָס קריוודעווען אליין דאָס אָרעמע פאָלק, אָדער טרעטן ניט ארויס שאַרף קעגן די, וואָס באאוולענען די אָרעמע מאסן. דאָס ברענגט נאָר דערצו, וואָס די נעקאָמענעמער, די קאנאָים און סיקאריער, ווערן אלץ מער מעפּורסעם און אָנגענומען באם פאָלק, ווי זייַנע איינציקע פארטיידיקער און באשיצער. דאָס האָט ארופגעפירט דעם שמועס אפן סאמע אָנגעווייטיקסטן, אף די אומרוען און מעהומעס, וואָס הייבן זיך אוף, פאלן אראָפּ, ווי דער צופלוס און אָפּפלוס פון יאם, נאָר הערן, ווי זיי, קיינמאָל אינגאנצן ניט אוף, און אדאנק אזא מענטשן ווי כאנאניע כאזערן זיי זיך קימאט מיט א פינקטלעכקייַט איבער פון צייַט צו צייַט.

דער שמועס איז געוואָרן אַלץ לײַדנשאַפטלעכער, היציקער, האָט שוין אָנגעהויבן קלינגען ווי א מאַכלויקעס, וואָס האָט אַלעמען פאַרכאַפּט.

אַליין אבא בען באַטיאַך איז אײַנער געזעסן אָנגעלענט אויף זײַן העסעבעט, ווי א זײַטיקער, און די טומלדיקע שאַרפע רייד זײַנען ניט דערגאַנגען צו אים אינגאַנצן, אָדער דערגאַנגען צו אים מער ניט ווי א טומלדיקע געגראַגערײַ פון א גרויסער טשאַטע פײַגלען, וואָס שרײַען און פּילדערן און קיין רייד הערט מען ניט. ער האָט זיך ניט צוגעהערט צום גערייד, און די קוילעס זײַנען געשוווּמען פאַרבײַ אים, ווי עפּעס אין א דרעמל, ערגעץ ווײַט, וואָס האָט צו אים קיין שײַכעס ניט. ער איז געווען פאַרדרייט און פאַרדולט פון זײַנע אײַנשיקערנדיקע באַגערן, אַרומגעכאַפּט פון א הייסן ווירבלענדיקן נעפּל, וואָס האָט אַלץ פאַרמישט פאַר זײַנע אויגן, רויטע פון ווײַן. זײַנע פאַרכאָלעמטע בליקן זײַנען געווען אָנגעשטעלט אין איין פּונקט, צו דער פאַרגליווערטער טרער אויף עדנעס מאַט־בלאַס געוואָרענעם פון מידקײַט פּאָנעם. א רעגע איז דער הייסער אַרומיקער נעפּל געוואָרן געדיכט, האָט זיך געוומען טיילן אין אײַנצלנע טראָפּעלעך, ווי טויעלעך אויפן גראָז און באַלד איז יעדער טראָפּעלע פאַרגליווערט געוואָרן אין א טרערעלע, אין אָן א שיר טרערעלעך, ווי האָגעלעך, וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון עדנעס באַק און וויכערדיק זיך געדרייט פאַר זײַנע אויגן, אָנגעפּילט דעם גאַנצן רוים פון זאַל. דאָס האָט געדויערט איין קליינע ווײַלע. מיטאַמאָל איז די זווּנג צערונען געוואָרן. די פאַרגליווערטע טרער־האָגעלעך זײַנען צעגאַנגען, דער נעפּל איז ניט געוואָרן. אים איז געוואָרן ליכטיק אין די אויגן און ער האָט דערזען אַרום זיך א פּוסטן כאָלעל, אין וועלכן עס האָבן געגראַגערט פאַרשיידענע קוילעס. עדנע איז אָפּ און אַלץ איז געוואָרן ליידיק, לאַנגווײַליק. ער האָט געוואַרט. אים האָט זיך געדוכט, עס איז אַריבער א גאַנצע אייביקײַט. א באַדינער האָט אים אונטערגעטראָגן א קילן געשמאַקן געטראַנק. ער האָט זשעדנע אויסגעטרונקען דעם קאָס, האָט זיך דערפילט א ביסל אויסגעניכטערט, דערמונטערט און אויפגעוואַכט ווי פון א פאַרצויבערונג. אין קאָפּ איז אים געוואָרן לויטערער. ער האָט געקאָנט טרינקען אָן א שיר און ניט שיקער ווערן אויף לאַנג און אויף פאַרגעסן זיך. אָבער באַרוישט איז ער דאָך נאָך געווען. אויפן האַרצן איז אים געווען גוט. ער איז געווען ניצאָכנדיק פריילעך. הײַנט האָט דאָס דאָזיקע ווונדערלעך מיידעלע אינגאַנצן און אויף שטענדיק אויפגעהערט צו שרעקן זיך פאַר אים, געוואָרן גוט און נאָענט צו אים אויף אייביק און אויף טאָמיד. דאָס האַרץ האָט אין אים געטאַנצט פאַר פרייד, פון גליק, פון שטאָלץ. ער האָט געוואָלט ראַשן, פּילדערן, זינגען, שרײַען אוןריידן, ריידן א סאַך און דערהויבן און אַלע זאָלן אים הערן און זײַן אַנציקט פון זײַנע רייד. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי אַן אויפגעוואַכטער פון שלאָף, אַרום זיך און האָט ווי נאָר ערשט איצט דערהערט דעם טומלענדיקן גערייד באַם טיש. ביסלעכווײַז האָבן פון דעם דאָזיקן גערייד אָנגעהויבן זיך אויסצוטיילן באַזונדערע שטימען, קלאַנגען, ווערטער און ער האָט דערהערט, ווי יוינאָסאָן טײַנעט מיט עמעצן אײַן:

— וואָס? וואָס הער איך? דו זאָגסט, האָסט געהערט פון א כאָכעם, וואָס האָט בעקאַבאָלע פון זײַן לערער, אַז די טוירע איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סינײַ און א שווערד איז אײַנגעוויקלט געווען אין איר? ווער איז דער דאָזיקער כאָכעם, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט צו ריידן אַזוינע שרעקלעכע רייד וועגן דער הייליקער טוירע, וואָס פאַרבאָט אַן אײַזן אָנרירן אפילע אינעם מיזבייעך, אין די שטיינער פונעם מיזבייעך, איז וויאַזוי זשע האָט זי געקאָנט פאַרלײַדן דאָס אײַזן לעבן אירע הייליקע אויסיעס? איך האָב אַזוינס ניט געהערט פון קיינעם. דאָס איז ניט קיין עמעס. דאָס איז אַן אויסטראַכטעניש פון די מוטוויליקע גאַליליייער פון יעהודע האַגלילי'ס טאַלמידים. ניט אַנדערש, ס'איז ניט עמעס!

— פאַרוואָס ניט עמעס? — האָט זיך אָפּגערופן שימען בען לייווי, יויכאַנאָן גושכאַלאַוו עלטערער ברודער, א שטיקל טאַלמיד־כאָכעם, א מיטעלער סויכער

און מעקלער פון בוייל. — די שווערד איז אוואדע געגעבן געוואָרן צוזאמען מיט דער טוירע. געגעבן געוואָרן צו פארטיידיקן זי!

— און ווער זאָגט עס, אַז נאָר צו פארטיידיקן זי? — האָט דער אלטער כאַכעם עליִעזער געזאָגט, — צוליב פאַרשפּרייטן די טוירע, גאָטס וואָרט, מעג מען אַמאָל אופהייבן די שווערד אויך. וואָלטן, ווי איר ווייסט, די ערשטער כאשמוינאִים דאָס ניט געטאָן, וואָלטן אונדזערע ברידער אינעם גאליל, אין עדוים און אין אַנדערע ערטער אדהײַעם אין דער טומע געווען אריוודיי קויכאווים אומאזאָלעס, געצנדינער!

די געסט האָבן זיך צעשיידט, און עדנע האָט מער ניט געקענט רײדן מיט יעהודען וועגן דעם, נאָר צערודערט און נאָך מער באַטריבט, ווי פריִער, איז זי שוין געווען די גאנצע צײַט. זי האָט געפילט אַ מין אומפארשטענדלעכע אופגעבראכטקײַט אַף שימעונען, וואָס אים שטייט ניט אָן צו זײַן בא איר א גאסט, גלײַך ניט זי וואָלט געשטאנען העכער פאר אים, נאָר ער פאר איר. זי האָט זיך געפילט באליידיקט און בייז איז זי געווען אַף זיך, לעמײַ דאָס פארדריסט איר. אייגנטלעך, וואָס קער זי זיך אָן מיט אים? און וואָס נעמט ער זיך אזוי איבער מיט זײַן גווּרע, מיט זײַן שיינקײַט? און זי האָט יעדעס מאָל זיך א כאַפּ געטאָן און ווי דערשראָקן: ווען דער טאטע ווייסט, ווי זי איז גאנצענע טעג און נעכט פארנומען אין געדאנק מיט א פרעמדן באָכער, א געוועזענער פאסטעך, אַז זי האָט אים אפילע פארבעטן אַף דער סודע אָן זײַן וויסן? ער וואָלט דאָס דאָך קיינמאָל איר ניט מויכל געווען, וואָלט ניט געגלייבט, אַז זײַן עדנע קען אַזוי נידעריק פאלן. און זי האָט זיך דערמאָנט, ווי דער פאָטער האָט איר און יעהודען שוין איינמאָל געגעבן אַ גרויסן פסאק פאר זיך כאוועֶרן מיט נידעריקע פון זיך קינדער. דאָס איז געווען אין גושכאלאוו. זיך דערוווּסט, אַז זי און יעהודע, טראָץ זײַן שטרענגן פארבאָט, לויפן יעדן טאָג אראָפּ צו די נידעריקע טעראסעס, איז טאָל אראָפּ, כאווערן זיך דאָרט מיט די קינדער פון די אָרעמע פויערים און מיט די פאסטעכער און זייערע קינדער, זיך דאָס דערוווּסט, איז דער פאָטער געוואָרן אויסער זיך, און נאָך מער פון דעם, וואָס דער דינער יאקאָוו האָט אים געזאָגט, אַז עדנע און יעהודע לערנען זיך אָפּ בא די פויערישע קינדער גראָבע רייד, נעמען איבער זייערע ניט שיינע מאנירן, טרײַבן צוזאמען מיט זיי די פויערישע שאָף און רינדער אין די בערג, צעשטעלן ווי די קינדער פון די פאסטעכער נעצן און כאפּן פייגעלעך, לערנען זיך בא זיי וואַרפן שטיינער, זיך ראנגלען, עסן מיט זיי טרוקענע פישלעך און היישעריקן, פארשימלטע קעזלעך, און אינדערהיים קלײַבן זיי איבער דאָס עסן און אַלץ געפעלט זיי ניט! דער פאָטער איז געווען אזוי אופגעבראכט דערפון! ער האָט אַף זיי געשריגן, זיי שטארק גַעמוסערט, גערעדט צו זיי הארבע שטראָף־רייד, געזאָגט, אַז זיי דארפן ניט פארגעסן, ווער זיי זײַנען און ווער יענע זײַנען און אַז יענע זײַנען ניט זייער גלײַכנס, זײַנען טמײִים, אומריינע, ווי אקום, ווי געצנדינער, און מע טאָר אפילע צו זייערע קליידער ניט צורירן זיך, יענע עסן דעמייז, ברויט, וואָס מע האָט ניט געגומען פון אים מייסער און טרומע, און ער האָט זיי פארזאָגט, זייער פוס זאָל מער ניט געדאכט זײַן אונטן בא די אמעראצים.

איר און יעהודען האָט דאָס שטארק באַטריבט און זיי האָבן פארשטיין ניט געקענט, פארוואָס דער טאטע זידלט אזוי יענע כעוורע, אזוינע ווּילע און פריילעכע, און זיי פלעגן שטילערהייט דאָך אמאָל זיך אראָפּכאפּן צו יענע קינדער און זיך שפּילן מיט זיי.

א צווייט מאָל איז צום פאָטער דערגאנגען, אַז יעהודע און עדנע דערציילן די דינער מײַסעס וועגן יעהודע האגלילין, וועגן זײַנע זין יאנקעוו און שימען, וועגן עליִעזער בען דינײַ און וועגן מיצרישן נאָווי יעשו; יעהודע און עדנע האָבן זיי אויך דערציילט, דאָס אין די אלטע ספאָרים שטייט געשריבן, אַז די פּערטע מעלוכע, דאָס מאלכוס עדוים, וועט אינגיכן אונטערגיין. דאָס דערהערט, איז דער

פּאָטער פּאַרציטערט און דערשראָקן געוואָרן, האָט דאָס מאָל ניט געשריגן אויף זיי, נאָר האָט זיי צוגערופן און מאָדנע שטיל, ווי ער וואָלט מוירע האָבן, עמעצער זאָל דערהערן זיינע ווערטער, געפרעגט:

— ווער האָט אייך דערציילט אזעלכע נארישע מייסעס?

יעהודע איז געשטאנען מיט אראָפּגעלאָזענע אויגן און געשוויגן, און זי האָט פאר ביידן געענטפערט:

— אקיווע. אקיווע, יויסעף דעם פאסטעכס יינגל. ער ווייסט אלץ. ער דערציילט אזויפיל שיינע מייסעס.

— ווי קומט איר צו יויסעפן דעם פאסטעכס יינגל? — האָט דער פּאָטער געפרעגט, — וויפל מאָל האָב איך אייך אָנגעזאָגט, איר זאָלט זיך ניט כאַווערן מיט יענע יינגלעך! — און ער האָט שטיל אָבער האַרט און שטרענג, נאָך שטרענגער ווי ער וואָלט שרייען, געזאָגט: — מער זאָל איך ניט הערן פון אייך אזוינע מייסעס, מער זאָלט איר זיך ניט באַגעגענען מיט אקיווען, מיט קיינעם ניט פון די קינדער פון טאָל און פון די נידעריקע טעראסעס!

אין דעם איז געקומען דער אלטער עליעזער. דער טאטע איז אריינגעגאנגען מיט אים אין א צווייטן כיידער און זיי האָבן דאָרט לאנג עפּעס גערעדט. און אז דער אלטער כאַכעם איז אוועקגעגאנגען, האָט דער פּאָטער צוגערופן יעהודען און האָט אים געזאָגט, אז מאָרגן וועט ער אים אָפּפירן צום אלטן כאַכעם עליעזער, וואָס וווינט אין יאַווּנע, און אז ער וועט לערנען בא אים טוירע.

"גענוג — האָט דער פּאָטער געזאָגט — ארומלויפן מיט פאסטעכער און מיט אמעראצים, טרייבן קעלבלעך און אייזלען. צייט ווערן אַ אָנשטענדיק יינגל!"

זי האָט שטארק געבענקט נאָך יעהודען, נאָך די קינדער אין טאָל, האָט זיך געגנודזשעט און געהאלטן אין איין וויינען. אינגיכן האָט דער פּאָטער אראָפּגעבראכט פון גאמלאָ איר אַם, די אלטע כאַנע, וואָס איז פון דעמלט אָן אויף שטענדיק פארבליבן בא זיי. כאַנע האָט איר פארביטן די מוטער, יעהודען. מיט אירע גוטע און ליבע רייד און מייסעלעך האָט זי איר אויך פארביטן אקיווען און די איבעריקע קינדער און זי איז ווידער געוואָרן מונטער און פריילעך ווי טאָמיד. זי האָט אָבער אויך איצט ניט אינגאנצן איבערגעריסן מיט יענע קינדער און פלעג מיט כאַנען אָפט אראָפּגיין אהין, גיין מיט איר קיין איינזייסים און זיך שפּילן מיט יעהודען. דאָס איז געווען זינט דער פּאָטער איז געוואָרן א סויכער און האָט די גאנצע וואָך פארבראכט אין קייסאריע און קומען אהיים נאָר אויף שאבעס.

אין א צייט ארום האָט דער פּאָטער אריבערגעפירט זיין הויז קיין קייסאריע. אין קייסאריע האָט זי זיך שוין מער קיינמאָל ניט באגעגנט מיט יענע קינדער פון דעם טאָל און פון די טעראסעס, מיט אָרעמע קינדער. די קייסאריער קינדער זיינען אליין גאָרניט געווען אזעלכע ווי אין גושכאלאוו. זי האָט געבענקט נאָך יענע כאַווריים און זיך ניט גערן באגעגנט מיט די קינדער פון די רייכע לייט פון קייסאריע. זיי זיינען איר געווען פרעמד. נאָר דער פּאָטער האָט אזוי געהייסן. דעם פּאָטערס געבאָט איז בא איר געווען הייליק, אפילע ווען דער געבאָט איז געווען איר אומפארשטענדלעך און ניט צום הארצן, געווען אָפּגעפרעגט בא איר, ווי א סאך זאכן דאָ אין קייסאריע, ווי עס איז בא איר אָפּגעפרעגט און ניט צום הארצן דער דאָזיקער און פרעמדער מאָלצייט, ווי עס איז איר דערווידער אבא בען באטיאַכס בליקן, מיט וועלכע ער נעמט זי יעדע ווײַלע אדורך און פון וועלכע זי האָט זיך געמיט דערווייטערן.

ענדלעך איז איר דאָס געלונגען.

אין דעם טומלענדיקן ־פארפלאָנטערטן און ראשיקן ווירוואר, וואָס האָט ארומגעכאפּט דעם זאל, האָט קיינער ניט באמערקט, ווי עדנע האָט א ציי געטאָן יעהודען בא דער האנט און אים אוועקגעפירט פון די טישן אין דער טיף פון די

מירמלזײַלן אין צווייטן עק, אין דעם קלענערן טייל זאל. דאָרט איז איצט קיינער ניט געווען. צווישן די לײַכטע זײַלעכלעך זײַנען דאָרטן געשטאַנען אויסגעשטעלט א סאך קליינע טישלעך פון זייער א טײַערן האָלץ אף געשניצטע און געטאָקטע דרײַ פיסלעך פון העלפאַנדביין, פון גאָלד און פון זילבער, טישלעך, געבראַכטע פון אלעקסאנדריע, פון רוים און פון די גריכישע אינדזלען. אף די טישלעך זײַנען אויסגעשטעלט געווען צום באַווײַזן און צום באַרימען זיך פאַר די געסט פאַרשיידענע קאָסטבאַרע און זעלטענע קיילים און ציר־זאכן, יידישע און פרעמדלענדישע. צווישן די אלע זאכן האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט דער גאָלדענער ווײַנשטאָק, די גרויסע פון זייער קינסטלעכער ארבעט מענוירע, די נײַסטע פּרויען־צירונג, די גאָלדענע שטאָט יערושאָלאַים, א קאָפּ־צירונג, וואָס יוינאָסאָן האָט באַשטעלט בא די גרעסטע מײַסטערס אין אלעקסאַנדריע און וואָס ער האָט געזאָגט, אז דאָס גרייט ער צו פאַר עדנען צו איר כאַסענע, ווען עס וועט קומען די צײַט. דאָ זײַנען אויך געווען אלערליי גאָלדענע, זילבערנע, גלעזערנע בעכערס, שאָלן, שיסלען און קרוגן. צווישן זיי איז געשטאַנען איינע א גרויסע און ברייטע מיט אראָפּגעבויגענע, ווי בלעטער, ראַנדן זילבערנע שאָל פון זייער א קינסטלערישער אלעקסאַנדריער ארבעט. די שאָל איז געווען פול אָנגעשאָטן מיט צײַטיקע מילגרוים־יאָדערן און באַרעמלט מיט א קראַנץ רויטע רויזן. די שאָל איז אזוי אוועקגעשטעלט געווען, זי זאָל זײַן צווישן ליכט און שאָטן. די דורכזיכטיקע פולע זאַפטיקע יאָדערן האָבן אנטקעגן דעם ליכט געשטראַלט און געפינקלט מיט א בלוט־רויטער שײַן ווי רובינען, פון וועלכע עס האָבן, ווי פּערל, אַרויסגעשײַנט פון אינעווייניק די עטוואָס העלערע קערלעך. דער שאָטן איז געפאַלן פון איין זײַט אפן בלאַנקענדיקן זילבער, אף די רויזן און אינגאַנצן האָט די שאָל פאַרגעשטעלט מיט זיך א וווּנדערלעכן געמיש פון פאַרבן, א שפּיל פון ליכט און שאָטן, א שיינקײַט, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג. דאָ אויך איז געשטאַנען איינע א גריכישע זעלטן־שיינע און זייער טײַערע וואַזע מיט ווונדערלעך־קינסטלערישע געמעלן אף איר, די ארבעט פון איינעם פון די גרעסטע גריכישע מײַסטערס, געבראַכט פון אטען. אין א באַזונדער ווינקל, לעבן דער דאָזיקער וואַזע, איז געשטאַנען בענדיניײַס שלאַנגען־אויוון, דער טאַנור שעל אכנאַי. דאָס איז געווען א קונציקער אויוון, געמאַכט פון זייער א טײַערער ליים, געמאַכט רינגענווײַז, ווי די רינגען פון א ריזנשלאַנג, מיט בלומען־געמעלן אף זיי. די רינגען האָט מען געקענט צונויפשליסן, פאַנאַנדערנעמען, זיי אויסרייניקן און דעם גאַנצן אויוון אַריבערטראָגן פון איין אָרט אפן אנדערן. צווישן די רינגען איז אָנגעשאָטן געווען ריין געוואַשענע זאַמד, און דער אויוון, אן אָנגעהייצטער, האָט געהאַלטן היץ א גאַנצן מעסלעס דאָס עסן, וואָס מע האָט שאַבעס אַרויסגענומען פון אים, פאַרגרייט פון ערעוו שאַבעס, איז געווען ווי נאָרוואָס פון זאָד, הייס און פריש. דער דאָזיקער נײַער אויוון איז געווען א סאך באַקוועמער, ריינער און אָן א מאָס שענער פון אלע אנדערע שאַבעסדיקע וואַרעם־קאַסטנס. ווי יעדער נײַע זאך אָבער, האָט אויך דער דאָזיקער נײַער אויוון געהאַט א סאך קעגנער, דערהויפּט צווישן די כאַכאָמים אין יערושאָלאַים, וואָס האָבן אים פאַרעפּנט פאַר ניט קיין פעסטן ביניען. און דעריבער דאַרף ער גערעכנט ווערן פאַר טאָמע, ווען אין אים פאַלט אַרײַן א שערעץ. בלויז איין גרויסער כאַכעם און זייער רײַכער מאַן עליעזער בען הורקנוס, איז געווען די מיינונג, בא וועלכער ער האָט זיך פעסט געהאַלטן, אז דער דאָזיקער אויוון איז ווי א גאַנצער ביניען און נעמט דעריבער ניט אָן קיין טומע פון א ווידמעניש. די פראַגע איז נאָך אלץ הייס דעבאַטירט געווען אין יערושאָלאַים און אין יאַוונע. יוינאָסאָן אָבער האָט געהאַלטן פאַר געוויס דעם גרויסן אווטאָריטעט פון עליעזער בען הורקנוס, און ער האָט דער ערשטער באַשטעלט באַם פּרומען מײַסטער בענדין פון טײַערן מאַטעריאַל דעם דאָזיקן אויוון פאַר זײַן הויז. דער אויוון איז ספּעציעל געמאַכט געווען באַזונדערס שיין. כאָנע אָבער האָט מוירע

געהאַט אים ניצן, און דער אויוון איז דערווײַל געשטאַנען אומגענוצט ווי א שיין מעבל־ציר.

עדנע און יעהודע זײַנען געשטאַנען הינטער דעם אויוון, ער האָט זיי אינגאַנצן פאַרשטעלט, עדנע איז געווען אינערלעך זייער אופגערעגט, נאָר זי האָט זיך געצאַמט, געמיט אויסצוזען רויִק און קאַלטבלוטיק. און קעדיי ניט ארויסצוּווײַזן פאַר יעהודען איר צעדרייטקײַט, האָט זי זיך אוועקגעשטעלט אין שאָטן לעבן דעם טישל, וואָס אף דעם איז געשטאַנען די טײַערע גריכישע וואַזע, האָט פאַרביסן די ליפּן, זיך פֿעסט אָנגענומען מיט ביידע הענט באַם טישל און נאָך א ווײַלע שווײַגן האָט זי א דורכדרינגענדיקן קוק געטאָן יעהודען אין די אויגן און שטיל געפרעגט:

— וואָס האָט דיר שימען דערציילט?

יעהודע האָט אזוי שטיל, ווי זי, געענטפערט:

— ער האָט מיר אינקורצן דערציילט, וואָס ער האָט גערעדט מיטן הייליקן מאַן. דער הייליקער מאַן האָט אים געזאָגט: די ערד, זאָלסטו וויסן זײַן, מײַן זון, שטייט אף מישקוילעס. עס קומט אַן גאָטס געריכט, יעדער איינער וועט אוועקגעשטעלט ווערן אף דער וואָגשאָל. ווער עס וועט ארופגיין אף איר מיטן פעסטן גלויבן, דער וועט איבערוועגן. דו, שימען, האָט דער הייליקער מאַן געזאָגט, דו וועסט זײַן א גרויס געוויכטל אף דער וואָגשאָל. מיר איז איצט אָבער שווער דיר צו זאָגן, צי דײַן געוויכטל וועט אריבערוועגן, צי עס וועט אראָפּגעוואָרפן ווערן פון דער וואָגשאָל, גלייב און גיי! דײַן גורל איז א באַשטימטער. נאָר מיר איז דער גורל ניט קלאָר. גיי, וווּהין דײַן הארץ און גלויבן וועלן דיך פירן.

האָט אים שימען געפרעגט, צי זאָל ער גיין איצט קיין באָוול? דאָס הארץ זאָגט אים, אז ער זאָל בלײַבן דאָ. דער הייליקער מאַן האָט אים געענטפערט:

— ניט אלעמאָל פאַרשטייט דער מענטש, וואָס דאָס הארץ זאָגט אים. די צײַט איז נאָך ניט געקומען, דו זאָלסט בלײַבן דאָ. די צײַט גייט מיט איר אייגענעם וועג. אונטערטרײַבן זי איז ניט אלעמאָל מעגלעך, בלײַבנדיק אף איין אָרט. גיי צו די ברידער קיין באָוול. די הילף וועט קומען דיר ניט פון מיצראַיִם, ניט פון אנדערע ערטער, נאָר פון באָוול. קעדיי גאָר שטאַרק ליב האָבן דאָס הייליקע היימלאַנד, שאַט אַמאָל ניט צו זײַן אין א גאָלעס־לאַנד. באָוול איז אָבער ניט נאָר א גאָלעס־לאַנד. באָוול איז די עלטערע טאָכטער פון דעם הייליקן לאַנד. זי האָט אויך איר אייגענע קדושע. דו וועסט אין באָוול טרעפן א סאַך פרײַנט. וועסט דאָרטן טאָן א גרויסע שליכעס, גאָט וועט דיר אפן וועג אונטערזאָגן, וואָס טאָן. צײַט איז נאָך דאָ. און ווי דו זאָלסט ניט זײַן, מײַן זון, האָט באַאַנאַ געזאָגט, וועט דײַן וואָכיק הארץ דערהערן דאָס קאָל פון פאָלק, וואָס רופט צו דיר. דאָס ווייס איך אף געוויס, גיי און גאָט זאָל זײַן מיט דיר! האָט דער הייליקער מאַן מיר געזאָגט און מיך געבענטשט, — האָט שימען פאַרענדיקט זײַן דערציילן און צוגעגעבן: — יעהודע, איך גיי מיט דיר קיין באָוול!

— אך, ווי גוט! — האָב איך אויסגערופן.

האָט יעהודע ווײַטער דערציילט, — און איך בין א גליקלעכער ארופגעפאַלן אים אפן האַלדז און מיר האָבן זיך ברידערלעך און הייס צעקושט.

— אך, ווי גוט! — האָט עדנע, א דערפרייטע און גליקלעכע, איבערגעכאַזערט יעהודעס ווערטער, האָט אים ארומגעכאַפּט און ליינדשאַפטלעך געקושט. יעהודע האָט אף איר א קוק געטאָן, האָט זיך געוווּנדערט אף דער פלוצלעכער פאַרענדערונג, וואָס איז אין איר פאַרגעקומען, און אף דער גרויסער שיינקײַט, וואָס האָט זי ווי א ליכטיק־שטראַלנדיק קלייד אײַנגעהילט. זי איז געווען מאָדנע פאַרבענקט־בלאַס און צאַרט, געגליט מיט עפּעס א קאַלט פײַער, וואָס האָט זי געמאַכט ציטערן און פלאַטערן. זי האָט געקוקט מיט אירע לענגלעכע אויגן, פולע

מיט בלוי־שווארצער שײַנונג, אף יעהודען און דורך אים ווײַטער, און האָט מיט אנציקונג זיך צוגעהערט צו זײַן ווײַטערדיק דערציילן וועגן דעם, וואָס ער האָט גערעדט מיט שימענען. איר האַרץ האָט זיך געכוואליעט, די ברוסט האָט זיך געהויבן, די נאָז־פליגעלעך האָבן געפלאַטערט און אינגאנצן איז זי געווען ווי איין ציטער.

מיטאמאָל האָט איבערן גאנצן טראקלין א דונער געטאָן אבא בען באטיִאכס הויכע און עטוואָס שיקערלעכע שטים:

— מײַן ברודער יוינאָסאָן! ווו זײַנען די יונגע באלעבאטים? יעהודע, עדנע, ווו זײַט איר?

דער דאָזיקער רוף האָט איבערגעשראָקן ביידע יונגע מענטשן, וואָס זײַנען געווען אזוי פארטיפט אין זייער פארבאָרגענעם שמועס, זיי האָבן זיך א כאפּ און א וואָרף געטאָן, עדנעס הענט האָבן אופגעציטערט, דאָס טישל אונטער זיי האָט זיך געגעבן א שאָקל, זיך אָנגעבויגן און די הויכע, שיינע און טײַערע קיילע האָט מיטאמאָל א פּראַל געטאָן אָפן דיל מיט א הילכיקן קלאַפּ און בראַזג, זיך צעבראָכן אף פּיץ־פּיצלעך און די קליינע שפּליטערס זײַנען זיך צעפלויגן ארום.

— א־א־א! — האָט זיך בא עדנען ארויסגעריסן א שרעק־געשריי. זי האָט זיך אָנגעכאפּט מיט די הענט פארן קאָפּ, זיך צוגעבויגן צו די שפּליטערס, וואָס זײַנען געלעגן איר צופוס, און איז געבליבן אזוי שטיין א פארגליווערטע אין איר שרעק: א שלעכטער סימען! א שלעכטער סימען! איז איר דורכגעלאָפן א שרעק־געדאנק און געפרוירן איר בלוט.

אפן קלאַפּ און געשריי זײַנען זיך צונויפגעלאָפן כאנע, יוינאָסאָן, אבא בען באטיִאך, אן אויסגעניכטערטער פונעם איבערשרעק, די דינער, געסט, זיי זײַנען צעטומלטע און פארלוירענע געבליבן שטיין ארום די צעשליידערטע טײַערע שערבלעך. כאנע, דערזען עדנען אין איר שרעק־צושטאנד, האָט זיך אויך דערשראָקן, איז צוגעלאָפן צו איר, זי אָנגעכאפּט און אויסגעשריִען:

— קינד מײַנס, וואָס איז מיט דיר?

די עטלעכע רירנדיקע ווערטער האָבן אן עפן געטאָן עדנעס האַרץ און אלץ, וואָס האָט זיך דעם אָוונט דאָרט אָנגעזאמלט, האָט א שטראָם ארויסגעטאָן מיט א ביטערן שלוכצנדיקן געוויין.

יוינאָסאָן איז צו צו איר, זי געגלעט און געקושט, באַרויִקט און געזאָגט:

— קיין גרעסערן שאָדן זאָלן מיר, מײַן קינד, ניט האָבן. זאָל דאָס זײַן א קאַפּאָרע פאר אונדז!

— אָמיין, — האָט דער אוילעם אונטערגעכאפּט און געגומען טרייסטן די קינדער, צעפּרעגן בא זיי, וויאַזוי איז דאָס געשען.

יוסטוס בען פּיסטא האָט אופגעהויבן א גרעסער שערבל, ווי א מייוון עס באטראכט און באַדויערט דעם בראָך פון דער קיילע:

— א שאָד, א שאָד, — האָט ער געזאָגט, — א גרויס מײַסטער־ווערק.

— ווײַזט אויס, — האָט שימען בען לייווי זיך א וויצל געטאָן, — ווײַזט אויס, די שיינקײַט פון עפּעס וויל ניט אײַנשטיין אין די געצעלטן פון שיים.

עמעצער האָט א לאַך געטאָן. דאָס האָט צעטריבן דעם שווערן אײַנדרוק, וואָס די צעבראָכענע קיילע האָט געמאַכט. דער אלטער כאָכעם עליִעזער האָט פרום געזאָגט, ווי אף אָפּצוּווענדן א שלעכטס:

— אזוי זאָלן צעבראָכן ווערן אלע דײַנע סאָניס, גאָט!

— אָמיין, — האָבן די געסט און די דינער אָפּגעענטפערט און זיך באַרויִקט.

נאָר איינער, דער אלטער יאנקעוו, האָט א פאַרזאָרגטער אומצופרידן א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט זקײנישן אווטאָריטעט שטרענג א זאָג געטאָן צו אבא בען באטיִאכן, ווי צו א היימישן אָנטרוילעכן מאַן:

— א שלעכטער סימען. מ'עט דארפן אָפּלייגן יעהודעס רײַזע.

אבא בען באטיאך האָט עפּשער אליין אויך, פילנדיק דאָס, וואָס דער אלטער יאנקעוו, נאָר קעדיי צו שטארקן זיך, בייז אָנגעשריגן אף אים:

— וואָס קראקעסטו, ווי א שווארצע ראָב, דו אלטער נאר! וואָס לייגסטו אויס צו שלעכטן. זאָלן די היידן זיך שרעקן פאר נארישע צייכנס, ייִדן דארפן זיך פאר זיי ניט שרעקן.

(ווי דער הייליקער באנוס, ווי שימען! — איז יעהודען דורכגעגאנגען א געדאנק און ער האָט זיך דערפרייט מיט אבאס רייד).

די דינער האָבן שנעל אָפּגעראמט די שערבלעך, האָבן אפן טישל אוועקגעשטעלט אן אנדער קיילע. אוואשאָלעם, קעדיי צו בארויִקן עדנען, האָט הויך געזאָגט, ער וועט צושיקן איר נאָך א שענערע און טײַערערע קיילע און זאָל זי זיך ניט נעמען צום הארצן פונעם שאָדן. אף אבא בען באטיאכס ווונק האָבן די מוזיקאנטן גענומען שפּילן א פריילעכן טאנץ, אבא האָט אָנגענומען יעהודען פאר דער האנט, אים א ציִ געטאָן צו זיך און געזאָגט:

— קום א טאנץ, יעהודע! איך האָב נאָך הײַנט מיט דיר ניט געטאנצט! — און ביידע, צו פארטויבן אין זיך די רעשטן פונעם שלעכטן געפיל פון דעם געטראָפּענעם, האָבן זיך געלאָזט אין א פײַערדיקן טאנץ, וואָס האָט אָנגעשטעקט אלע געסט און איינער נאָכן אנדערן האָבן זיי זיך אײַנגעשלאָסן צו זיי אין ראָד און עס האָט געדוכט, ערד און הימל טאַנצן מיט זיי.

עדנע האָט געזאָגט יוינאָסאָנען, זי פילט זיך מיד פונעם איבערשרעק און אים געבעטן איר דערלויבן גיין א ביסל צו זיך אין איר מיידל־צימער. דער פאָטער האָט גערן דאָס געטאָן און זי איז אָפּ מיט כאנען א צעמישטע, אין גרויס אנגסט און מיט א שווערן געפיל פון עפּעס א גרויסן אומגליק, וואָס דארף קומען. אין אירע אָדערן האָט נאָך געהילכט דער בראָך פון דער קיילע, ווי א מוירעדיקער ווייגעשריי, און פאר די אויגן איז אפן שיינעם מאָזאיִק־דיל געלעגן, ווי פגאָרים, שטיקער גרויסע און קליינע שערבלעך פון דער טײַערער וואזע. ארום איר איז געווען פאכעדיק שטיל און פוסט. דער טומל פונעם גרויסן עס־זאל איז אהער, צו איר מיידל־צימער, ניט דערגאן.

כאנע, אליין, א שטארק דערשראָקענע און צעטראָגענע, האָט זיך געמיט בארויִקן עדנען, האָט זי געטרייסט און געפּרוווט אויסטײַטשן דעם צייכן צו גוטן.

דער אלטער יאנקעוו איז ארײַנגעקומען אין צימער איבערצוריידן מיט די פרויען, זיי זאָלן ווירקן אף יוינאָסאָנען און אבאן אָפּצולייגן יעהודעס רײַזע אף א צײַט. ער האָט זקייניש פארצאָרנט און פאראקשנט אײַנגעטײַנעט מיט כאנען, אז די צעבראָכענע טײַערע קיילע, א פרעמדע, א גויִשע, איז א צייכן פון גאָט, אז ער צייכנט פאר עפּעס אף דעם הויז און אז מע דארף גלײַך גיין, איידער דער קאראוואן וועט ארויסטרעטן פון קייסאריע קיין יערושאָלאַיִם, ברענגען א קאָרבן צו גאָט און אים בעטן צו פארגעבן די זינד פונעם הויז און אָפּווענדן זײַן צאָרן פון דעם. מיט אזעלכע צייכנס, — האָט ער א וואָרן געטאָן צו כאנען מיטן פינגער, — שפּילט מען זיך ניט!

— צייכנס, — האָט ער, ווי א באר סאמכע אין אזוינע זאכן, געזאָגט, — צייכנס זײַנען פון גאָט. זינט די נעוויִע האָט זיך אָפּגעטאָן פון אונדז, רעדט גאָט אָפּט צו אונדז, ווי צו אלע פעלקער, דורך צייכנס. און דעריבער דארף מען זיי ניט גרינג שעצן. צי דען מיינט איר, — האָט ער געהיימניספול געזאָגט, — גאָט האָט אומזיסט אוועקגעשטעלט דעם רויטשטערן אפן הימל? דאָס איז א גרויסע וואָרענונג! און צי האָסטו פארגעסן די צייכנס אינעם בייס־האמיקדעש? אָדער דעם מערקווירדיקן פאַל מיטן קיניג אגריפּאס דעם גרויסן? דו ווייסט דאָך, ווי די מײַסע איז געווען. דער יונגער פּרינץ אגריפּאס, וואָס האָט זיך אופגעצויגן אין רוים אינעם קייסערלעכן

הויז, איז שטארק באַפרײַנדעט געוואָרן מיט קיי קאַליגולאַ. א קנעכט האָט אָנגערעדט אַף אים פאַרן קייסער טיבעריוסן, אַז דער פּרינץ אגריפּאַס ווינטשט אים דעם טויט, קעדיי זײַן פרײַנט זאָל פאַרנעמען זײַן אָרט און ווערן קייסער. טיבעריוס איז געוואָרן בייז און האָט אַרײַנגעזעצט אגריפּאַסן אין טפיסע. געבראַכט געוואָרן אַהין, האָט זיך אגריפּאַס געפילט אַראָפּגעוואָרפן פון הויכן באַרג אין א טיפער גרוב, האָט זיך צוגעשפּאַרט צו א בוים און געשטאַנען אַזוי א צײַט א דערשלאָגענער און דערנידעריקטער. און ווי ער שטייט אַזוי פאַרצאָרנט, האָט איבער זײַן קאָפּ אויפן בוים זיך באַוויזן א גרויסער נאַכטפויגל, א גערמאַנישער סאָלדאַט, אויך אַטאַפּוס, וואָס איז געשטאַנען דערבײַ, האָט זיך געווענדט צו אגריפּאַסן און אים געזאָגט: "זײַ ניט אַזוי פאַרצאָרנט. דו זעסט אָט דעם פויגל? דאָס איז א סימען, אַז גאָר אײַנגיכן וועסטו באַפרײַט און אַרויסגעלאָזט ווערן פונדאַנען און דו וועסט דערגרייכן צו דעם העכסטן גליק, נאָר ווייס, אויב דער דאָזיקער פויגל וועט זיך נאָכאַמאָל איבער דײַן קאָפּ באַווײַזן, וועט מיט דיר טרעפן א גרויסער אומגליק.

אגריפּאַס, וואָס איז בעטעווע געווען א זאָרגלאָזער און פרייליכער, ווייניק גלייביקער אין היידישע נאַרישקײַטן, האָט זיך אויסגעלאַכט פונעם סאָלדאַטס רייד. דאָך האָט ער עס פאַרגעדענקט אין זײַן האַרצן. אָבער באַלד ווי ער איז אײַנגיכן נאָך טיבעריוסעס טויט באַפרײַט געוואָרן און ווי פריער דערנענטערט געוואָרן צו זײַן פרײַנט קיי קאַליגולאַ, האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט אין א פריילעך פאַרשײַט לעבן און באַלד פאַרגעסן דעם צייכן מיטן פויגל און דעם גערמאַנערס וואָרענונג. אָבער דער גערמאַנער האָט דאָך עמעס אים פאָרויסגעזאָגט. אין אַזעלכע זאַכן זײַנען די היידן מער באַהאַוונט ווי מיר. דאָס איז א מין נידעריקע נעוויעס, לעהאַוודל, וואָס דער היילִיקער, געבענטשט זאָל זײַן נאָמען זײַן, האָט אָפּגעטיילט פאַר די אומעס האָוילעם.

— מיר אַלע, — האָט דער אַלטער יאַנקעוו זיך א ווענד געטאָן צו עדנען, וואָס האָט אים מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם צוגעהערט און מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אים אין מויל אַרײַן, — מיר אַלע זײַנען דאָך געווען לעבעדיקע אייִדעס פון דעם. דער קיניג אגריפּאַס, וואָס האָט ניט ערנסט אָנגענומען גאָטס וואָרענונג און זי גלײַך פאַרגעסן, איז גרויס געווען בא זיך. איינמאָל איז ער געקומען קיין קייסאַריע. ווי זײַן שטייגער איז געווען, אין די היידישע שטעט, האָט ער אַרויסגעוויזן פיל כסאָדים די אײַנוווינער און אײַנגעאָרדנט פאַר זיי גרויסע היידישע שפּילערײַען, אין וועלכע ער אַליין האָט זיך באַטייליקט. אָף איינער אַזאַ שפּיל איז ער געקומען אין טעאַטער אָנגעקליידט אין אַן אויסטערליש־וווּנדערלעך קלייד, א פאַרוועבטס אין גאָלדע זילבערנע פעדעם. דאָס קלייד האָט אַף אים געשײַנט און געבלאַנקט אַף דער זון, אַז קוקן אַף דעם איז געווען ניט מעגלעך. אין טעאַטער איז געוואָרן א גרויסער זשום. די רוימער און גריכן, וואָס זײַנען מעקאַנע געווען אין זײַן גרויסקײַט, די קיניגלעכע גיירים, וואָס האָבן אים שטענדיק געכאַנפעט צו באַקומען פון אים וואָס א גרעסערע גאָב, אַלע פאַלשע מענטשן און כניפעניקעס האָבן גענומען אויסרופן: "קיניג אגריפּאַס! דו ביסט ניט קיין באָסאַר מאָ דאָם! דו ביסט א גאָט! א גאָט!.." די אַלע פאַרזאַמלטע האָבן אונטערגעהאַלטן דעם רוף, ווער מיט אַן עמעס, ווער מיט א שפּאָט און פאַלש, דער קיניג האָט פאַרנומען די נידעריקע גאָטלעסטערנדיקע רייד און אויסרופן, האָט געלאַכט און, מיסטאַמע, אין האַרצן האָנאָע געהאַט אויך דערפון. דאַן האָט ער דערזען איבער זײַן קאָפּ יענעם נאַכטפויגל. דער קיניג האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אין דעם סאָלדאַטס וואָרענונג, און ער האָט זיך איבערגעשראָקן, כאַראָטע געהאַט אַף זײַן נאָכגעבן זיך די כניפע־רייד פון די פאַרזאַמלטע. עס איז שוין אָבער געווען שפּעט. מע האָט דעם פויגל פאַרטריבן, נאָר דער קיניג האָט זיך דערפילט ניט גוט, און מע האָט אים אַוועקגעטראָגן אַהיים. אין דרײַ טעג אַרום איז ער אין גרויסע ווייטיקן

געשטאָרבן. איז וויאַזוי זשע, — האָט דער אלטער יאנקעוו אויסגערופן, — קען מען לאכן פון א צייכן, פון גאָטס עפּעס אן אָנווייז און זיך ניט צוהערן צו איר? עפּשער האָבן מיר אויך מיט עפּעס זיך פאַרזינדיקט פאַר גאָט, האָט ער אונדז געוואָרנט. איז ניט לאכן דאַרף מען, ווי אבא בען באטיאַד, נאָר טשוּווע טאָן דאַרף מען, זיך רייניקן, אַרופגיין אין גאָטס הויז, ברענגען א קאָרבן און אים בעטן צו פאַרגעבן אונדז די זינד. און דערווייל טאָר מען ניט לאָזן יעהודען גיין אין ווייטן וועג!

---

**טורקמעניע האָט זיך באפרייַנדעט מיט ייִסראָעל**

די ייִדישע ספּעציאַליסטן אין געביט פון טראָפּישער באוואסערונג האָבן אָנגעהויבן זייער ארבעט אין טורקמעניע. דאָס איז מעגלעך געוואָרן אדאנק דעם קאָנטראַקט, וועלכער איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דעם מיניסטעריום פאַר לאנדווירטשאפט פון טורקמעניע און דעם אנאלאָגישן מיניסטעריום פון ייִסראָעל. פאַר א רעפּובליק, ווו עס ווערן יערלעך "פאַרזאלצעוועט" הונדערטער העקטארן ערד, וועט אזא מיטארבעט ברענגען פיל נוץ. אין העסקעם מיטן אָפּמאך וועלן די ייִסרעיילים איינגלידערן די סיסטעם פון טראָפּישער באוואסערונג און באארבעטונג פון גרינס־קולטורן אף צוויי הונדערט העקטארן אין א סאָווירט פונעם גיאורער ראיאָן. עס ווערט גאראנטירט א העכערונג פון דער גערעטעניש, מינימום אין צוויי מאָל מער. דער קאָסט פונעם פּראָיעקט באטרעפט 6 מיליאָן דאָלארן.

# דרײַ באַלאַדעס

## דער זאָקן און דער מאַלכאַמאָוועס

ס׳איז האַרבסט געווען,
און, ווי עס טרעפט,
די העלע זומערדיקע טעג זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען,
ווי גלײַך זיי וועלן ניט אַוועקגיין קיינמאָל שוין פונדאַנען.
אַזוי־אַ גאַנצע טעג, אַף דורך און דורך,
דער הימל איז געוואָרן בלוי און בלויער...
אין סאָד דער זאָקן האָט פאַרפלאַנצט אַ בוים
און דאָ דער מאַלכאַמאָוועס הינטער אים
און שעפּטשעט אַפן אויער
מיט כניפע און מיט שפּאָט,
דערבײַ אַ גאַליק שמייכעלע אַוויזן:
״וואָס האָרעוועסטו אַזוי, דו נאַרישער פאַרשוין,
מיינסט אַפּאַנעמעס פון דעם בוים זײַן פּרוכט געניסן?״

געאָטעמט האָט די ערד אין אייביקן געבורט,
מיט אויבסט אַ פולע,
מיט רײַפער פּרוכט,
ניט געטראַכט, ווײַזט אויס, איר טראַכט פאַרשליסן.
״זאָל זײַן, ניט איך וועל פון דעם בוים געניסן,
מײַנע אייניקלעך דערפאַר...״
צעלאַכט האָט זיך דער זאָקן,
און זײַן געלעכטער,
ווי ברעקלעך רויט
צעכאַפּט האָט גלײַך אַ טשאַטשע פייגל מיט די מײַלער
און שטיקערווײַז,
פאַרטראָגן ווײַט ערגעץ,
הינטערן האָריזאָנט...

געפּלעפּט געבליבן איז דער מאַלכאַמאָוועס פון די ווערטער,
ניט געהערט האָט ער אַזוינס,
אַזאַ געלעכטער,
און פונקט אַזוי, ווי ניט באַמערקט אַהער געקומען,
איז ער אויסגערונען.

דער האַרבסט איז גיך אוועק,
דער ווינטער איז אַריַין,
און אויכעט גיך דער ווינטער איז אַנטלאָפן.
עס איז געווען שוין שפּעט,
שוין טיפע נאַכט,
דער זאָקן אָבער איז נאָך ניט געשלאָפן —
געדרייט זיך הין־און־הער.
זיַין אייניק האָט געהוסט,
געאָטעמט שווער,
זיך צוגעקילט אַפּסניַי, דער שקאָץ, ניט אַנדערש,
אין קאָפּ באַם אַלטן די געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט.

ער האָט געטראַכט —
דעם זומער וועט ער אויף אוראַל צום אורייניקל פאָרן,
וויי, ווי ס׳לויפן היַינט די יאָרן...
דאָס אורייניקל שוין אַ גרויסער אויף געוויס,
און ייִנגל־שיין מיסטאָם אַצינד געוואָרן.
און פאָרן וועט דער זיידע ניט מיט פּוסטע הענט,
מאַטאָנעס פאַרן באָכער צוגעגרייט ניט איינע:
אַ שייניק זייגערל,
וואָס ער נאָר, דאַכט זיך, קריגן האָט געקאָנט,
אַ טאַשן־ראַדיאָ,
און העמדלעך פיַינע, דזשינסן, וואַרעם גרעט...
נאָר ווי אַ גאַנעוו —
דער מאַלכאַמאָוועס לעם זיַין בעט...
די רעציכע ברענט אין אים.
הערנדיק אַזעלכע רייד, עס טוט אים קאַרבן:
ווי געפעלט איַיך,
דער אַלטער קלײַבט זיך גאָר ניט שטאַרבן...

דער מאַלכאַמאָוועס אָן ראַכמאָנעס הייבט זיַין דראָשע אָן:
״גענוג!
ציַיט צונויפנעמען די אַלטע ביינער,
ביסט באַ מיר, פאַרשטייסטו דאָך, ניט איינער.
און אַרבעט האָב איך, גאָט צו דאַנקען, אָן אַ שיר,
איך האָב קיין ציַיט ניט וואַרטן לאַנג אויף דיר!״

״יאָ, איך פאַרשטיי, —
געענטפערט האָט דער זאָקן אים, —
כקירעגן איז מיט דיר דאָך אַלעמאָל אומזיסט,
בלײַבסט דער גערעכטער שטענדיק.
ס׳איז ניט קיין נײַס פאַר קיינעם,
ניט פאַלן כ׳וועל צו דיַינע פיס,
פאַר דיר ניט וויינען,
זאָלסט זיך דערבאַרעמען אויף מיר, ראַכמאָנעס האָבן,
נאָר כ׳וועל דיר זאָגן:
איין באַקאָשע כ׳האָב צו דיר,
איינגאַנצן איינע,
טו אַ טויווע מיר אַ קליינע.
דער שאָכן מיַינער,
וואָס אין קריג, נעבעך, האָט פאַרלוירן ביידע פיס,

דו ווייסט מיסטאמע ניט, ווי יענעם איז ניט זיס,
כ׳האָב צוגעזאָגט אים העלפֿן —
אין שטוב זייַנער א דאך א נייַעם דעקן.
דו מיינסט איך דארף א סאך?
שענק מיר צוויי־דרייַ טעג, עס וועט מיר קלעקן!״

״גוט, דו האָסט געפּויעלט בא מיר! —
געטאָן א ריטשע האָט דער מאלכאמאָוועס, —
איך שענק דיר נאָך דרייַ טעג...״
און אויסגערונען מיטאמאָל, גלייַך ניט געוואָרן...

ס׳איז נאכט געווען,
און אין איין רעגע (מ׳דארף עס קאָנען!)
דער מאלכאמאָוועס איז צוריק שוין דאָ,
און לעבן וועמען?
לעבן דעם אייניק,
וואָס איז געלעגן קראנק, פאר קיינעם ניט געדאכט,
און קיינער האָט אין שטוב די נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט.
און איידער
דער מאלכאמאָוועס האָט ארויסגעכאפּט זייַן כאלעף,
דער זאָקן איז שוין לעבן אים,
עס האָט דער מאלכאמאָוועס ניט דערקענט אים,
און אָנשטאָט דעם אייניק,
וועמען טייטן ס׳האָט דעם מאלכאמאָוועס זיך געגלוסט,
געטראָפן האָט דער כאלעף גלייַך דעם אלטן אין דער ברוסט.

געלעגן איז דער זאָקן רויִק, צונויפגעלייגט די הענט,
געלעגן שטיל,
גלייַך ווי געשלאָפן.
צוגענומען האָט בא אים דער מאלכאמאָוועס אלץ,
אלץ, וואָס נאָר געקאָנט —
דאָס לעבן,
נאָר דער מאלכאמאָוועס האָט געברענט,
געביסן זיך די הענט,
דאָס אייך־און־איינציקסטע —
דעם שמייכל פון די ליפּן בא דעם זאָקן צונעמען האָט ניט געקענט!

גאנצפרי
דאָס אייניקל איז שוין געזעסן אף דער מאמעס הענט,
דערנאָך א גאנצן טאָג ארומגעלאָפן.
ס׳איז הארבסט געווען,
און יעדעס ביימל דאָ און דאָרט אין גין־און־גאָלד עס האָט געברענט,
און ס׳ייִנגעלע —
אף אלע ביימער, דאכט זיך, אויסגעקראָכן.
דער מאלכאמאָוועס — אלט, צעבראָכן,
האָט מוירע
צוגיין צו דעם אייניק נאָ׳נט.
דאָס ייִנגעלע האָט זיך צעלאכט,
אזוי געלאכט...
און זייַן געלעכטער,
ווי ברעקלעך ברויט

צעכאפט האָט גלײַך א טשאטע פייגל מיט די מײַלער
און שטיקערווײַז
פארטראָגן ווײַט ערגעץ,
הינטערן האָריזאָנט!

# מוישע דער זייגערמאכער

מוישע אלעמאָל טוט דעם שפאקול אָן אפן אויג
און זיך פארנייגט
צום טיש, ווו זייגערס ליגן אָנגעלייגט אזויפיל, —
איז ער געגליכן צו א רויפע.
אָט טראָגט ער צו א זייגער צו דעם אויער,
ווי ס׳טראָגט א רויפע צו דאָס טרײַבל צו דעם הארץ,
ער הערט זיך אײַן,
און גלײַך באדויערט —
דער דויפעק פונעם זייגער ניט געפעלט,
און באלד שוין, ווי דער שטייגער,
ער פאָרעט זיך אין די געדערעם פונעם זייגער.
אָט א רעדעלע ער נעמט ארויס,
א רעגע עס באטראכט
און אפן אָרט צוריק באלד שטעלט ארײַן,
און אזוי ביז טיפער נאכט,
טאָג־אויס, טאָג־אײַן.
ניט באמערקט פאר זײַנע אויגן
מיט דעם טיק־און־טאק
דאָס לעבן איז אדורכגעפלויגן...
באגעגענענדיק אלעמאָל רעב מוישען אין דער גאס,
פאר יויצע־וועגן,
דער פראָוויזאָר נידעריק פאר אים פארנייגט זיך.
דער אלטער דאָקטער, וואָס איעדער קען אים גוט,
פרײַנטלעך גריסנדיק זיך,
נעמט אראָפּ פאר אים זײַן הוט.
פון שול דער לערער, וואָס איז שטענדיק פול מיט זאָרגן,
טראָגט אנטקעגן יעדעס מאָל אים דעם גוט־מאָרגן.
ווי דער טאָג איז גרויס,
טאָג־אײַן, טאָג־אויס
פארטאָן מיט רעדעלעך און שרײַפעלעך אזויפיל,
ניט באמערקט די צײַט האָט מוישע,
ניט באמערקט איר לויפן...
און זי, די צײַט, האָט קיינמאָל ניט געקלעקט אים,
אָן אן עק
געברענט,
ווי א זשמעניע וואסער
אויסגערונען אלעמאָל בא אים פון אונטער די הענט...
ווען איז דאָס געוועזן? — גיט א טראכט אמאָל אזוי זיך מוישע, —
ווען,
דען ניט נעכטן?

ווי יונג זי איז געווען, ווי שיין איז זי געווען, זײַן נעכע!
אים טעכטער דרײַ געבראכט, דרײַ בילדער — אלע שיין אין פּאַנעם
און, קיין אײַנהאָרע, אלע קוקן שוין ארויס הײַנט אף כאסאנים.
אין קאָפּ בא אים גדראנקען פלאָנטערן זיך, פלעכטן,
ער אליין...
ער אליין איז שוין ניט דער, בארעכן...
די ריע קאליע איז, דער קאָפּ אינגאנצן ווײַס שוין,
צו וואָס דערציילן עס, צו וואָס? עך, פוסטע מײַסעס...
ווען ער זאָל קאָנען, — גיט אזוי א טראכט בא זיך רעב מוישע, —
ווען ער זאָל קאָנען,
און דערבײַ זיך ניט אנטוישן,
ווען ער זאָל קאָנען ניט קיין סאך, איין קונץ באווײַזן:
א דריי טאָן אף צוריק די יאָרן זײַנע,
ווי אפן ציפערבלאט אזוי דעם ווײַזער,
אויב ניט קאָנען אים א דריי טאָן אף צוריק,
ער זאָל אזוי ניט לויפן
און ניט אײַלן,
איז א קאפעלע כאָטש אים פארהאלטן...
נאָר אז מוישע גיט א טראכט דערפון
אין אלע אייוורים מיטאמאָל ווערט קאלט אים,
דערבײַ איבערן לײַב בא אים לויפט דורך א ציטער:
ניין, ניטאָ איז אף דער צײַט
קיין שליטע...

# זיסל דער פײַערלעשער

קינד-און-קייט האָבן אין שטעטל אלעמאָל געלאכט:
ווי נאָר א סרייפע,
פאר קיינעם ניט געדאכט,
קומט זיסל מיט זײַן פעסל וואסער,
ווען לעשן, אייגנטלעך, איז שוין ניטאָ וואָס,
אלץ האָט אָפּגעברענט,
האָלאָוועשקעס נאָר פארבליבן,
פונקט ווי די סרייפע איידעס וואָלט געלאָזט...
איר זאָלט אָנקוקן זיסלען:
א נידעריקער, מיט צעלאָזטע אויערן,
פליישיקע ליפן און דערצו שוין צופיל א ביסל לענגער די נאָז.
ווי מע זאָגט — פון ערשטן בליק
האָט ער אין בערל דעם שנײַדערס טאָכטער זיך פארליבט.
פארליבט? —
פארלאָרן דעם קאָפּ!
שיר פון זינען ניט אראָפּ!
נאָר איידער וואָס-ווען
האָט א יונגאטש פון ערגעץ-ווו זי אויסגעכאפּט בא אים
פון אונטער די הענט.
זיסל האָט געברענט,
אין הארץ דאָס פײַער לעשן ניט געקענט,

אלעמאָל, ווען ער פלעגט דורכפאָרן מיט זיַין פאס
לעבן בערל דעם שניַידערס שטוב,
וואָס איז, ווי אים אפצולאָכעס, געשטאנען אינמיטן גאס,
פלעגט ער פארדרייען דעם קאָפּ
און צו זיַין פערדל, נעבעך, אויסלאָזן דעם קאס,
און יענץ, מישטיינס־געזאָגט, פונעם בײַטשל ניט באשיצט,
ניט געקאָנט האָט באנעמען מיטן פערדישן קאָפּ,
פארוואָס, אייגנטלעך, קומען אים אזויפיל שמיץ...

איר ווילט וויסן, וואָס איז וויַיטער געוואָרן?
ווי דאָס וואסער פון זיַין פאס,
אויסגערונען זיַינען ניט באמערקט די יאָרן,
זיַין יוגנט האָט גיך אָפּגעברענט,
עמעס, זיסל האָט כאסענע געהאט,
און קינדער, קיין איַינהאָרע, איינס נאָך איינס,
זיַינען ניט אראָפּ פון זיַינע הענט,
נאָר ס׳פיַיערל,
יענץ פיַיערל, שטעלט איַיך פאָר, האָט אלץ געברענט...

איצט איז זיסל שוין א פענסיאָנער,
און ווי א סאך אזעלכע אלטע לײַט
גאנצע טעג באם טעלעוויזאָר זיצט פארקלערט,
און ווען ס׳טרעפט, אז א סירענע ער דערהערט,
וואָס א טויטן, דאכט זיך, אופצוועקן קען,
און זעט דערבײַ דורכן פענצטער א מאשין, רויט ווי א ראק,
לויפט אדורך פײַל־אויסן־בויגן, א סרייפע ערגעץ לעשן, —
דאן אין געדאנק עס קערן זיך צוריק צו אים די יונגע יאָרן,
און א טרער אין אויג בא אים צעגייט...
עס טוט א שטעל פאר אים זיך בערל דעם שניַידערס טאָכטער
אין איר וויַיס זיַידן־קלייד
און ווי מיט שפיזן
אף דורך און דורך
שטעכן אים, ווי אמאָל, אירע שווארצע קארשן־אויגן.
דאכט זיך, אזויפיל יאָרן שוין אדורכגעפלויגן...
וויי,
אזויפיל סרייפעס זיסל האָט געזען,
און דאָך —
פון אלע סרייפעס
קאָן ער ניט פארגעסן איינע,
יענע, וואָס פארלעשן קיינמאָל האָט ער ניט געקענט,
וואָס — ער?
לעשן אזא מין דערווײַל האָט זיך ניט איַינגעגעבן
קיין איין פיַיערלעשער אף דער וועלט...

# נײַע דערציילונגען

## דער זיקאָרן

אין די זומערדיקע טעג באַם װעלדל, ניט װײַט פֿון טײַך, קאָן מען טרעפֿן אויף א שפּאַציר אַן עלטער פּאָרפֿאָלק: א הויכן מאַנצבל, א הינקעדיקן, און אַן עלטערע פֿרוי, אינגאַנצן א גרויע, א נידעריקע, דאָך א קרעפּטיקע. זי פֿירט אים אונטער דער האַנט און האַלט אין איין טײַנען צו אים. און ער, א פֿאַרטראַכטער אין זײַנע ראַיזינעס, ענטפֿערט איר פֿון צײַט צו צײַט מיט א קאַרגער פֿראַזע און קערט זיך װידער אום צו זײַן כאַלעם. עס שאַפֿט זיך אַן אײַנדרוק, װי מיט זײַנע געדאַנקען װאָלט ער אינגאַנצן ניט װי געװען, נאָר אין אַנדערע װעלטן. דאָס איז דער היגער באַװוּסטער דאָקטער אַרקאַדי ראַפּאַילאָװיטש מיט זײַן לעבנס־באַגלייטערן סטערע מאַרקאָװנע. דאָס פֿירט זי אים שפּאַצירן, קעדײַ אָפּװענדן פֿון די שװערע געדאַנקען.

באַטראַכטנדיק זײַן איצטיקע לאַגע, קאָן ער ניט אָפּזוכן אין איר קיין סיבעס אויף דײַגעס און איבערלעבונגען. פֿאַרקערט, ער האָט קיינמאָל, װי איצטער, ניט געלעבט אַזוי פֿרײַ, געמיטלעך, פֿון קיינעם ניט אָפּהענגיק.

זיי ביידע, ער און די אַלטינקע, באַקומען פּענסיע, מע לעבט אין אַן אייגענער שטוב, ס'איז דאָ א סאָד מיט א גאָרטן. דער זון מיט זײַן מישפּאָכע װױנען אין מאָסקװע, מע איז גוט אײַנגעאָרדנט. די טאָכטער איז א פּיאַניסטקע, לעבט מיט איר מישפּאָכע אין מינסק. זומערצײַט קומען די קינדער אין אורלויב.

די אַרומיקע לײַט, איבערהויפּט זײַנע געװעזענע פּאַציענטן, באַציִען זיך צו אים מיט אָפּשײַ. פֿאַר די פֿיל יאָרן, װאָס אַרקאַדי ראַפּאַילאָװיטש האָט געאַרבעט, האָט ער הונדערטער מענטשן געהיילט, פֿיל פֿון זיי מאַמעש פֿון טויט לעבעדיק געמאַכט, דערהויפּט, װען ער איז געװען אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, װוּ, ניט פֿאַרמאָגנדיק קיין נייטיקע כירורגישע אינסטרומענטן און מעדיקאַמענטן, איז אים אויסגעקומען מאַכן שװערע אָפּעראַציעס מיט א האַק און מיט א מעסער, און דאָך פֿלעגן זיך מערסטנטייל די דאָזיקע אָפּעראַציעס פֿאַרענדיקן מיט גוטע רעזולטאַטן. אים איז אײנמאָל אויסגעקומען מאַכן א טרעפּאַנאַציע פֿון שאַרבן בא א זייער שװער פֿאַרװוּנדעטן פּאַרטיזאַנער, זי איז דורכגעגאַנגען, װי עס דאַרף צו זײַן. דער דאָזיקער געראַטעװעטער האָט נאָכדעם ניט געװוּסט, װי צו דאַנקען אים. און פֿאַר אַרקאַדי ראַפּאַילאָװיטשן איז געװען די בעסטע באַלוינונג, װאָס דער פּאַציִענט איז לעבן געבליבן און האָט זיך אויסגעהיילט. אַזעלכע פֿרײַנט פֿאַרמאָגט ער ניט װייניק.

זײַענדיק איצט אויף פּענסיע, שטייט ער ניט אָפּ פֿון לעבן. ער איז אין קורס פֿון אַלע פּאָליטישע געשעענישן. אים אימפּאָנירן די מאָסמיטלען פֿון דער דעמאָקראַטיזאַציע. ער איז צופֿרידן, װאָס ער האָט דערלעבט צו דער צײַט, װען ס'איז אויפֿגעשװוּמען דער עמעס װעגן די שװידערלעכע פֿאַרברעכנס, װאָס עס האָט אָפּגעטאָן דער אַזױגערופֿענער "פֿאָטער פֿון די פֿעלקער". אַרקאַדי ראַפּאַילאָװיטש איז נאָך פֿריִער כוישעד געװען, אַז אַלע צאָרעס און פּלאָגן גייען פֿונעם דאָזיקן מערדער, נאָר ער האָט װעגן דעם מוירע געהאַט צו זאָגן אַפֿילע דער פֿרוי, װאָס איז אים איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן און איז גרייט נעמען

אָף זיך אַלע אַנגסטן, וועלכע זײַנען באַשערט איר מאַן. איצט איז ער זיכער, אַז מער וועלן זיך אַזעלכע פּלאָגן ניט איבערכאַזערן.

דוכט זיך, אַלץ איז גוט. נאָר שווערע געדאַנקען קומען אים אָפּט אױפן זינען און מאַטערן זײַנע נערוון, צעשרויפטע אין די יאָרן פון מילכאָמע. קולט פון יאָכיד און סטאַגנאַציע־פּעריאָד. צו אַלץ נאָך האָט אים די נאַטור באַשענקט, צי באַשטראָפט מיט אַ גוטן זיקאָרן. באַשענקט — ווײַל אַדאַנק דעם האָט ער אין דער קינדהײַט, שטאַמענדיק פון אַן אָרעמער מישפּאָכע אין פּריציִשן פוילן געענדיקט אַ גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענער מעדאַל, און טאַקע דערפאַר איז ער אויפגענומען געוואָרן אין אַ מעדיציניִשן אינסטיטוט, פאַרענדיקט אים און פולקום באַרעכטיקט זיך אַלס דאָקטער. באַשטראָפט — ווײַל ער געדענקט מיט אַלע פּיטשעווקעס די שוידערלעכע לײַדן און שווערע פאַרלוסטן, וואָס ער האָט איבערגעטראָגן אין די יאָרן פון מילכאָמע, די רעדיפעס און אומאָנגענומלעכקײַטן מיצאַד אײניקע זײַנע נאַטשאַלניקעס פאַר די צענדליקער יאָרן, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן דער אַרבעט אַלס רויפע.

אין אָנהייב פון דער מילכאָמע, ווען דער מיליטערישער טייל, אין וועלכן ער האָט געדינט, האָט זיך אַרײַנגעפּאַקט אין אַן אַ אַרומרינגלונג הינטער סמילאָוויטש, איז אים מיט נאָך מיליטערלײַט געלונגען אַרויסרײַסן זיך פון דער פּאַסטקע. אָבער שוין נאָכדעם, אין אָקופּירטן מינסק, האָט אים ניט געמינערט אײנע פון די אָבלאַוועס, און ער איז מעגולגל געוואָרן אין קאָנצלאַגער טראָסטיאַנעץ. דאָרט איז ער דורכגעגאַנגען שיווע מעדורע גענעם. מע האָט זיך איזדיעקעוועט איבער די קריגס־געפאַנגענע, ווי נאָר מע האָט געוואָלט. אַרקאַדי ראַפאַילאָוויטש האָט איבערגעטראָגן הונגער, קעלט, שווערע האַרעוואַניע און דערצו סאַדיסטישע איזדיעקערײַ. ביז איצט קאָן ער זיך ניט מויכל זײַן, פאַרוואָס ער האָט מיטן לאָם ניט צעבראָכן דעם שאַרבן דעם פאַשיסטישן מעטורעף, וועלכער האָט אים, דער פאַרמוטשעטן הונגעריקן מאַרטירער, געצוווּנגען דעם צווייפּודאָוון שטיין האַלטן אָף דער פּלײיצע, ביז מע וועט אים דערלויבן אַראָפּוואַרפן די לאַסט אָף דער ערד. איצט וווּנדערט אים, פונוואַנען האָבן זיך באַ אים גענומען דאַן קויכעס אויסצושטיין מיט דער דאָזיקער מאַסע אַ מינוט צוואַנציק, אויב ניט מער. נאָר דאָס האָט זיך נאָך געדעכנט מיט כעסעד בענעגייע די אַכזאָריעס, וואָס ס'איז אויסגעקומען אויסצושטיין אַנדערע געפאַנגענע. הײַנט וויפל האָט מען צעשאָסן אָפן אָרט גלאַט אַזוי זיך פון פאַרווײַלונגס וועגן! ווען ס'גיט זיך ניט אײַן אַנטלויפן פון דאָרטן, וואָלט שוין לאַנג קיין זייכער פון אים ניט פאַרבליבן.

דער האַס צו די היטלעראָווצעס האָט מאַמעש אין אים געקאָכט. און נאָכדעם, ווען ער איז געווען אײַנגעשלאָסן אין פאַרטיזאַנישן אָטריאַד "איסקראַ", וואָס איז אַרײַן אין באַשטאַנד פון דער בריגאַדע אָף קיראָווס נאָמען, האָט ער דירעקט ניט געקאָנט נעקאָמע נעמען איבער די פאַשיסטישע מענוווואָלים, ווײַל ער איז געווען דער אײנציקער דאָקטער אין אָטריאַד. און מע האָט אים ניט דערלויבט אָנטײלנעמען אין שלאַכט־איניאָנים. ער האָט נאָר באַדאַרפט געבן הילף די פאַרווונדעטע פאַרטיזאַנער. אַפילע קײן אײן פאַשיסט ניט אוועקגעשיקט אָף יענער־וועלט... און אָט שווימען אים אַרויף אױפן געדאַנק די נאָענטע און ליבע, וועלכע די מערדער האָבן אומגעבראַכט...

דאָס ווײַב גיט אים אַ צי פאַרן אַרבל, ער טוט אַ צאַפּל, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן שלאָף.

— זע נאָר, ווי בושלען קרײַזן איבער דעם טשערעט, — סטאַרעט זי זיך אָפּווענדן אים פון די שווערע געדאַנקען, — דאָס זײַנען שוין האַיאָריקע, יונגינקע. מע זעט עס פון דעם, ווי זיי קרײַזלען, וויגנדיק זיך... די פליגלען זײַנען נאָך ניט פאַרקרעפטיקטע.

אַרקאַדי ראַפאַילאָוויטש שטעלט זיך אָפּ, שפּאַרט זיך אָן אױפן שטעקל און קוקט אינדערהייך.

— יאָ, — ענטפערט ער, — ס'איז טאַקע אַזוי.

— וואָס הייסט אַזוי? — סטאַרעט זי זיך אַרײַנפירן אים אין אַ שמועס

— זיי זײַנען נאָך יונגינקע, און די פליגלען זײַנען נאָך ניט פּאַרפעסטיקט, — ענטפערט ער און קוקט מיט אינטערעס אף די בושלען.

דאָס געפעלט איר... ס'הייסט, אז איר גיט זיך פּאַרט איין אָפּווענדן איִם פון די שווערע מאכשאָוועס.

— וויפיל גאָר וואָס? לאָמיר זיך צוזעצן, — קומט איר ארוף אפן געדאנק, — אָן סטארטושען צווײ פּניאָקעס, ווי מע וואָלט זיי ספּעציעל פאַר אונדז צוגעגרייט.

און אָט זיצן זיי שוין, ווי די טויבן, איינער קעגן צווייטן.

די זון האָט זיך שוין אָפּגעוויַיטערט אף מײַרעוו־זײַט. דאָך ווארעמט זי נאָך גאַנץ היציק, קימאַט ווי פריִער. דאָס פּאַרל באַדעקט דער שאָטן פון א צעצווײַגטער אָלכע, וואָס שטייט אנטקעגן און זעט אויס, ווי א גוואלדיקע מענורע.

א פרייש ווינטעלע האָט א צי געטאָן פון טײַך.

— אַך, ווי פריש איז דאָ די לופט! — זאָגט זי ארויס מיט היספּײַלעס.

— יאָ, — באַשטעטיקט ער, צייכענענדיק מיטן שטעקל איבערן גראָז.

זי הערט זיך א רעגע איַין.

— הערסט, ווי די צוויטשערלעך גרילצן אין די קוסטעס? פּונקט ווי זיי רופן זיך איבער צווישן זיך מיט עפּעס א ניגן.

— יאָ, ס'איז טאַקע אינטערעסאַנט, — באַשטעטיקט ער.

— וואָס איז אינטערעסאַנט? — סטארעט זי זיך ניט לאָזן איִם אומקערן זיך צו די שווערע מאכשאָוועס.

— וואָס די צוויטשערלעך רופן זיך איבער.

און דאָ דערמאָנט ער זיך, אז פּונקט אזוי האָבן די צוויטשערלעך געגרילצט אפן הויף פון שפּיטאָל, ווו ער האָט די ערשטע צײַט נאָך דער מילכאָמע געארבעט אלס הויפּט־דאָקטער. נאָך יעדן פּסאַק, וואָס דער פּאַרוואַלטער פון ראַיאָנעם אָפּטייל פון געזונט־פאַרהיטונג פלעגט איִם דערלאַנגען דורכן טעלעפאָן דערפאַר, וואָס אַרקאַדי ראַפּאַילאָוויטש האָט ניט צוגעשטעלט צו דער מינוט עפּעס א פּאַפּירל אָדער פאַר אַן אנדער קלייניקייט, פלעגט ער ארויס אין הויף און פאַרקלײַבן זיך אין א שטיל ווינקעלע, קעדיי קומען צו־זיך, ער זאָל נאָכדעם קאָנען רויִק אויסהערן די קראַנקע, אָדער געבן זיי די נייטיקע הילף. דײַגעס האָבן בא איִם געסטײַעט — ער האָט געהאַט א וועלט מיט ארבעט. איִם און זײַן קאָלעקטיוו איז געלונגען דעראָבערן מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלע באַדינגונגען אף צו היילן און באַדינען די קראַנקע. אויך אף די קראַנקן־שוועסטער האָט מען זיך ניט געקאָנט קלאָגן. סײַ זיי, סײַ די דאָקטוירים האָבן ערלעך אויסגעפּילט די שוועע, וואָס זיי האָבן געגעבן היפּאָקראַטן. די סאַניטאַרקעס האָבן אויך ערלעך געארבעט, די קראַנקע האָבן גענפּילט אף זיך א זאָרגזאַמע באַציִונג. ס'האָט פאַר זיי ניט געפעלט די נייטיקע רעפּועס. אָבער דעם פאַרוואַלטער פון געזונט־פאַרהיטונג האָט עס ווייניק באַפרידיקט. ער האָט געהאַלטן אין איין זוכן כעסרוינעס אפן הויפּט־דאָקטער, קעדיי געפינען א צוטשעפּ אף צו באַפרײַען איִם פון דער ארבעט. ער איז אפילע ניט קעגן געווען, ווען עמעץ שרײַבט אָן אפן הויפּט־דאָקטער עפּעס א רעכילע. נאָר קיין אָנקלאָגעס זײַנען אף אַרקאַדי ראַפּאַילאָוויטשן ניט אָנגעקומען...

דאָך האָט דער נאַטשאַלניק געפונען א מאָמענט אף דו פאַרווירקלעכן זײַן פאַרלאַנג: דאָס איז געשען דאַן, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַזויגערופענע קאַמפּאַניע קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם. אַרקאַדי ראַפּאַילאָוויטשן האָט מען באַפרײַט פון זײַן שטעלע אָן קיין שום סיבעס. מע האָט איִם אפילע ניט געוואָלט איבערלאָזן אלס פּאַשעטן דאָקטער אין דעם דאָזיקן הייל־אַנשטאַלט, נאָר ס'האָבן זיך אײַנגעשטעלט פאַר איִם די געוועזענע פאַרטיזאַנער, וועלכע ער האָט געהיילט, און די איצטיקע פּאַציִענטן זײַנע.

הײַנט װיפֿל צאָרעס האָט ער איבערגעטראָגן, װען ס'האָט זיך אָנגעהױבן דער שװידערלעכער פּראָװאָקאַציאָנעלער אינױען בענוגייע די אזױגערופֿענע "מערדער אין װײַסע כאַלאַטן"! װי פֿיל אַנדערע, איז ער געװען זיכער, אַז ס'איז אַן אױסגעטראַכטע פּראָװאָקאַציע, און ער האָט געציטערט, אַז אױף אים קאָן מען אױך אױסטראַכטן אַזאַ מין ענלעכן בילבל. און ס'האָט שױן טאַקע געהאַלטן דערבײַ. נאָר, צום גליק, האָט באַם הױפּט־רעכילעסניק און מערדער געפּלאַצט דער מױעך, און ס'האָט זיך געביטן דער פּאָליטישער װעטער, און די פּראָװאָקאַציע בענוגייע די דאָקטוירים איז באַטל געװאָרן.

נאָך דעם האָט די נאַטשאַלסטװע סײַװי זיך באַצױגן צו אים שלעכט, און דאָס האָט זײער געװשטערט אין דער אַרבעט. צװישן די דאָקטוירים האָבן זיך אױך געפֿונען כאַניפֿעניקעס, װאָס פֿלעגן אונטערלעקעריש אונטערהאַלטן די העכערע נאַטשאַלסטװע:

— אױ, זע, װאָס עס טוט זיך דאָרטן, באַם טײַך! — שאָקלט אים דאָס װײַב פֿאַר דער פֿלײצע, — די װילדע ענטעלעך מיט זײערע װיװאָדקעס שװימען אום פֿרײַ און האָבן ניט מוירע פֿאַר מענטשן. אַמאָל, באַמערקנדיק אַ מענטש, פֿלעגן זײ זיך פֿון אים אױסבאַהאַלטן. איז עס דען ניט קײן עכטער סימען, אַז דער מענטש איז געװאָרן בעסער. מע געטרױט אים.

אַרקאַדי ראַפֿאַילאָװיטש פֿאַרקוקט זיך אױף די ענטלעך און קװעלט. די פֿלױנעסטע איז צופֿרידן, װאָס אים געפֿעלט עס.

— איצט קוק אינדערהײך. זע, װי די שװעלבעלעך יאָגן אַרום. זײ זעען אױס, װי שװעבנדיקע שערעלעך, װאָס שערן די בלױקײַט.

— טאַקע, — באַמערקט ער, — אַ געלונגענער פֿאַרגלײַך... אױף דער עלטער ביסטו געװאָרן מאַמעש אַ פּאָעטעסע.

— און װאָס מײנסטו, אַזאַ שײנקײַט אַרום. בעמײלע װעקט עס צו דיכטונג... בײס דו האָסט געאַרבעט און ביסט טעג און נעכט געװען פֿאַרנומען, האָסטו די װײַסע װעלט ניט געזען... אַ גאַנץ לעבן אָפּגעהאָרעװעט. האָסטו איצטער די פֿולע רעכט גענײסן פֿון דער נאַטור און פֿון אַלץ. קוק זיך גוט צו, װעסטו באַמערקן, װעלכע סוידעס זײַנען פֿאַרבאָרגן פֿון דיר, װאָס דו האָסט װעגן דעם אַפֿילע קײן אַנונג ניט געהאַט. איז װאַרף אַרױס פֿון קאָפּ אַלע בײזע מאַכשאָװעס, און לאָמיר גענײסן פֿון דער נאַטור.

גרינג צו זאָגן, אין דער װירקלעכקײַט באַקומט זיך ניט אַזױ.

און דאָ קומען אים אַרױף אױפֿן געדאַנק די שװערע כאַלאָים פֿון טובדיספּאַנסער, װוּ ער האָט די לעצטע יאָרן געאַרבעט אַלס הױפּט־דאָקטער. אױך, װי זײ האָבן געהאָפֿט אױף זײַן הילף! און ער האָט זײ, אַזױנע װױלע און יונגע, ניט געקאָנט אַרױסרײַסן פֿון די העגט פֿונעם מאַלכאַמאָװעס. װי ליכט זײַנען זײ אױסגעגאַנגען. און ביז דער לעצטער מינוט האָבן זײ געהאָפֿט, אַז ער װעט זײ ראַטעװען.

— װאָס קרימסטו זיך אַזױ? — פֿרעגט בײַ אים דאָס װײַב. — עפּשער איז דיר קאַלט? אומזיסט האָסטו ניט געװאָלט דעם פּידזשאַק אָנטאָן.

— װאָס עפּעס קאַלט? אין דרױסן איז דאָך הײס מאַמעש...

און װי אַפּצולאָכעס גראַדע די, װעמען ער האָט יאָ געהאָלפֿן, מע קאָן זאָגן, אַרױסגעריסן פֿונעם טױט, קומען אים ניט אַזױ אָפֿט אין געדאַנק, װי די, װעלכע ס'האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אַרױסראַטעװען. און דאָ לעבט אױף אין זײַן דערמאָנונג די יונגע ציגײַנערן אַדעלינע, באַ װעלכער דער טובערקוליאָז איז אױף אַזױפֿיל געװען פֿאַרלאָזן, אַז קײנע מיטלען האָבן ניט געװירקט. זי איז געװען אױף אַזױפֿיל אױסגעדאַרט, אַז נאָר הױט און בײנער זײַנען אױף איר פֿאַרבליבן. הײַנט ניט דער הײגער גלאַנץ אין אירע אױגן...

— קום, לאָמיר װידער גײן זיך דורכשפּאַצירן, — רופֿט אים סטערע מאַרקאָװנע, װעלכע האַלט אין אײן זוכן מיטלען אױף אָפּװענדן אים פֿון די געדאַנקען, — מיר װעלן באַאָבאַכטן,

ווי די לאַרכן קאַרמענען זייערע יאָרשים, די הולטייַעס, וועלכע האָבן שוין אַליין געקאַנט דעראָבערן שפּייַז און וואָלטן געדאַרפט צורו לאָזן די איסגעמאַטערטע עלטערן.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט בא אַ יאָדלע און האָבן געקוקט, ווי אַף אַן אָנגענייגטער צווייַג זייַנען געזעסן דרייַ פּיקערלעך און האָבן מיט אַנטבלויזטע שנאָבעלעך געהאַלטן אין איין קליאַנטשען, אַז די עלטערן זאָלן צוטראָגן שפּייַז. און די עלטערן האַלטן אין איין אַרומפֿליִען הין און צוריק. און יעדעס מאָל שטופּן זיי אַרייַן אין אַ שרייַענדיקן שנאָבל אַ נאַשערייַ, און מע פֿליט ווידער עפּעס אויפֿזוכן פֿאַר די פּיקערלעך...

— אוי, אַ כּיעס אין זייערע קעפּעלעך! — רייַסט זיך אַרויס בא סטערע מאַרקאָוונע

— בא זיי איז דאָך פּונקט, ווי בא אונדז, מענטשן.

אַרקאַדי ראַפּאַיִלאָוויטש איז לאַנג שטיין אַף איין אָרט שווער. די פֿיס טוען וויי.

די אַלטע לאָזן זיך ווידער צום טייַך און גייען לענגויס דעם ברעג.

די ווילדע ענטעלעך קאָפּאָשען זיך באַם ברעג און צופּן דאָס גראָז.

— אוי ווייַ, פֿאַרגעסן איבערלאָזן פֿאַר זיי אַ שטיקל ברויט, — דערמאָנט זיך סטערע מאַרקאָוונע. — אָבער גיב אַ קוק, ווי די מעוועס זייַנען זיך קעסיידער טויִול אין וואַסער. ניט אַנדערש, ווי זיי כאַפּן אַרויס קליינע פֿישעלעך.

די פּירט דעם מאַן הין און צוריק, האַלטנדיק אים שטייַף פֿאַרן אָרעם. און פּלוצלינג פֿאַרטראַכט זי זיך אַליין. און ס׳איז קיין ווונדער ניט. זי איז דאָך אויך אַ מענטש פֿון זעלבן דאָר און האָט אויך דורכגעמאַכט זייער אַ שווערן לעבנסוועג.

## מירע

**ד**ער שלאַס־זאַווולעק געפֿינט זיך אַפֿן ראַנד פֿון אַ הויכן בארג. אונטן זעט מען נאָר די דעכער פֿון די גאָרנדיקע הייַזער און די קרוינען פֿון דיביימער. און ווייַטער זעט מען די פֿעלדער, אַף וועלכע די טוווע האָט שוין איבערגענומען דעם זוניקן קאָליר. און דאָס ניט צו וויסן, אַז עס גייט צו שניט־צייַט. און טאַקע אָן־אָן אין דער ווייַט איינס פֿונעם אַנדערן אַף אַ קליינעם שטעטעך שווימען, ווי שיפֿן איבערן יאַם, דרייַ קאָמבייַנען. יעדערן באַגלייט אַ לאַסטמאַשין, אין וועלכער עס שיט זיך די טוווע. נאָר ס׳איז אַזוי ווייַט, אַז ס׳דערגייט אַהער ניט דאָס הודערייַ פֿון די קאָמבייַנען און מאַשינען. און נאָך ווייַטער פֿאַרשטעלט דעם האָריזאָנט אַ געדיכטער סאָסנע־וואַלד.

און דאָ, אין זאַווולעק, פֿילט זיך, ווי דו וואָלסט געווען ניט אין שטאָט גופֿע, נאָר ערגעץ אין אַן אָפּגעווייַטערט דערפֿל. די הייַזער הילצערנע. נאָר זיי זייַנען אייַנגעזונקען טיף אין הויף. און יעדער גיטהויף איז באַצוימט מיט אַ שיטערן פּאַרקן. דורכן פּאַרקן זעט מען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין הויף און אין סעדל. פֿון די פּאַליסאַדניקעס בא די פֿענצטער דערטראָגט זיך אַ גערוך פֿון ליליִעס, פֿלאָקסן, בלומען־טאַבעק און רויזן. דער דאָזיקער אַראָמאַט פֿאַרשיקערט אַזש.

אונטערן בארג איבער די דעכער פֿון שטאָקיקע געבייַדעס שוועבן אַרום שוועלבעלעך. און אַזוי פֿלינק, אַז קוים וואָס מע דערזעט זיי מיטן אויג. און דאָ, אין זאַווולעק, אין קרוינען פֿון די קאַשטאַן־ביימער הערט זיך אַן איבערוף פֿון שפּערלעך.

איך זיץ אַף אַ פּניאַק און כ׳קאָן זיך פֿון אָרט ניט רירן. דער גערוך פֿון די בלומען און די שיינקייט פֿון אַרומיקן פּייזאַזש האָט מיך מאַמעש צום אָרט צוגעקאָוועט. כ׳וואָלט דאָ שאָענווייַז געזעסן. און דאָך דאַרף מען גיין, מיר שטייט פֿאָר אַ טרעפֿונג מיט דער געוועזענער פֿאַרטיזאַנקע, טאַניע יאָסעליעוונע. דורכן טעלעפֿאָן האָב איך זיך מיט איר דערעדט, אַז איך וועל צו איר קומען פֿיר באַטאָג, און איצט איז אַרום דרייַ.

— ווי טרעף איך פונדאנען אף דער שלאָס־גאַס? — פרעג איך בא אַן עלטערער ייִדענע, וואָס איז אַרויס פון א הויף מיט א קאָשיק עפּל, פרישע, ערשט פון בוים. ניט אַנדערש, ווי זי טראָגט עס פאַרקויפן.

זי שטעלט אוועק דעם קאָשיק און באַטראַכט מיך. נאָכדעם גייט זי צו צום ראַנד באַרג:

— אָן איז זי, די גאַס, — ווייַזט זי מיר אָן אַף אונטן.

איך הייב זיך אויף פון אָרט, טו א קוק אונטן: טאַקע א גאַס.

— איז וווּ ווינט דאָרט טאַניע יאַסעליעוונע?

— אָן אין יענעם הויז, — ווייַזט זי מיר אָן אַף א פירשטאָקיקן ווייַסן מויער.

— איז ווי לאָזט מען זיך אַהין אַראָפּ?

— קוק נאָר אַפּן העלדז! — זאָגט זי מיר, — מע וועט ניט קאָנען אייַערע ביינער צונויפקלייַבן. אויב איר וועט פונדאַנען זיך אַראָפּלאָזן, קעדיי טרעפן אַף דער שלאָס־גאַס, דאַרף מען זיך אומקערן צוריק, פונוואַנען איר זייַט געקומען, און אַז איר וועט דערגייַן ביזן צענטער פון שטאָט, וווּ עס קומען זיך צונויף די ראָגן פון פיל גאַסן, וועט איר גרינג אויסגעפינען די דאָזיקע גאַס לויטן טאָוול־ברעט, וואָס הענגט אַפּן ראָג. דאָס הויז געפינט זיך קימאַט אף יענער זייַט עק גאַס. פונדאַנען כאַפּט עס בא א קילאָמעטער. האָט איר צעקייַט?

— צעקייַט.

— אייצטער זאָגט מיר, מיין טייַערינקע! וואָס פאַר א רעב שמעלקע זייַט איר מיט טאַניען, וואָס איר פרעגט זיך נאָך איר אַזוי נאָך?

— קיין שום רעב שמעלקע. איך וויל זיך מיט איר באַקענען.

די ייִדענע פאָטאָגראַפירט מיך אָפּ מיט די אויגן פון אויבן אַראָפּ, הייבט אויף דעם קאָשיק און שפּאַנט אין דער זעלבער ריכטונג, וווּ מיר שטייט פאָר צו גייַן.

קעדיי צו באַפרייַען זיך פון פיל דאָקוטשליווע פראַגעס, וואַרט איך שוין אָפּ א קליינע צייַט, ביז זי וועט זיך דערווייַטערן.

א מינוט דרייַסיק האָט בא מיר געדויערט דער גאַנג, ביז איך האָב זיך דערקליבן צו דער געגאַרטעטער שטוב.

איך האָב אויפגעהויבן די אויגן צום באַרג און דערקענט דאָס אָרט, פונוואַנען איך האָב זיך אַהער געלאָזן גייַן.

די דירע האָט זיך געפונען אַפּן דריטן שטאָק. איך קלינג אָן. עס עפנט מיר א רונדפּנעמדיק מיידעלע. ווי א געוועזענער לערער האָב איך באַשטימט, ניט אַנדערש, ווי זי איז א שילערן פון דריטן קלאַס.

— די באָבע איז אינדערהיים? — פרעג איך בא איר.

— ניטאָ. אוועק מיטן טאַטן ברענגען די קאַרטאָפל פון מאַגאַזין.

פון זייַטיקן צימער באַווייַזט זיך א יונגע פרוי, א שוואַרצכיינעוודיקע מיט העל־בלויע עטוואָס פאַרומערטע אויגן און מיט אַן אָנגענעמען שמייכל אַף די ליפּן.

זי גריסט זיך מיט מיר און לייגט פאָר אַרייַן אין אופנאַם־צימער.

— זיצט בא אונדז, — זאָגט זי צו מיר. — דאָ, באַם טיש, וועט אייַך זייַן באַקוועמער. איר וועט דאָך דאַרפן שרייַבן.

און אַליין זעצט זי זיך באַם אָפענעם פענצטער.

— אייגנטלעך אַנטשולדיקט, וואָס אייַך קומט אויס וואַרטן, — האָט זי פאַר מיר זיך פאַרענטפערט. — די מוטער האָט ניט אויסגערעכנט, אַז איר קאָנט קומען פריער, פאַר דער צייַט. צוואַנציק מינוט איז נאָך פאַראַן ביז פיר. אַזוי אַז איר האָט געקאָנט פאַרברענגען אַפּן באַרג נאָך א מינוט פופצן... ווען איך קום אַהין, קאָן מען מיך מיט גוואַלד פון דאָרטן ניט אַרויסשלעפּן. מאַמעש פון גאַניידן.

— פונוואַנען ווייסט איר, אַז איך בין געווען אויפן באַרג? — פרעגט איך מיט וווּנדער. — ניט שוין זשע האָט איר פונדאַנען געקאָנט מיך דאָרטן באַמערקן?

דער שמייכל פון די ליפּן האָט זיך צעשײַנט אויך אויף די שמאָלע שניי־ווײַסע באַקן און האָט זיך דערקליבן אַזש צו די כיין־גריבעלעך. מער ניט די העל־בלויע אויגן זײַנען געבליבן ווי געווען עטוואָס פאַרומערט. סאַראַ וווּנדערבאַרע שיינהײַט די דאָזיקע פרוי איז! אַ שאָד, וואָס מע ווייסט ניט וועגן איר אין דער הויפּט־שטאָט. זי וואָלט דאָך געוויס באַקומען דעם ערשטן פּריז אויפן קאָנקורס פון שיינהײַטן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי איז פּאַשעטנע פאַרקעמט און טראָגט אַ פּאָשעטנע קלייד, וואָס טיילט זיך ניט אויס ניט לויט דער מאָדע און ניט לויטן שטאָף. ס'דוכט, ווען זי וואָלט זיך באַפּוצן אויף היינטיקן מאָניר, וואָלט איר שיינקייט פון דעם מער פאַרלאָרן איידער געווונען.

— כ'האָב עס ניט באַמערקט, נאָר דערפילט פונעם וווּנדערלעכן גערוך פון די פלאַקסן, שאַבעק־בלומען און פון די רויזן, וואָס מיט אײַער קומען האָט איר אַהער אַרײַנגעטראָגן: אַזאַ צונויפגוס פון אַראָמאַטן פילט זיך נאָר אויפן באַרג.

— איבּ אַזוי, וווּנדערט מיך שטאַרק אײַער פילבאַרקייט צו גערוכן.

אויף דער דאָזיקער באַמערקונג ענטפערט זי ניט און זעצט פאָר:

— הײַנט דער איבערוף פון די שפּערלעך און דאָס צוויטשערײַ פון די שוועלבעלעך און דער שוואַכער גערוך פון די זאַנגען, וואָס די ווינטן דערטראָגן פון די ווײַטן, און דער דינער איבערוף פון די הענדעלעך — דאָס אַלץ רופט אַרויס אויפן געדאַנק פיל סטראָפעס פון פּושקינס, נעקראַסאָווס און יעסענינס פּאָעזיע. און אויך פון טאַטיאַנאַ סמערטינאַ, וואָס געהערט צו די הײַנטצײַטיקע דאָרפישע פּאָעטן.

— ניט אַנדערש, ווי איר האָט זייער ליב פּאָעזיע.

— און איר האָט ניט ליב? — פרעגט זי מיט פאַרוווּנדערונג. — אפילו מײַן מאַן, וואָס איז אינגאַנצן אַ פּראָזאַאישער מענטש מיט אַ ניכטערן קוק אויפן לעבן, האָט אויך ליב הערן, ווען איך לייען אים לידער. און איבערהויפּט געפעלן אים די פּאָעטן, וואָס זײַנען ביז איצט געווען אין אומגנאָד, איך מיין די פּאָעזיע פון צוועטאַיעוואַ, אַכמאַטאָוואַ, גאַליטש. און מער פון אַלע געפעלט אים יעסענינס פּאָעזיע. און איך האַלט, אַז דער סאַמע בעסטער פּאָעט פון די הײַנטצײַטיקע איז יעווגעני יעווטושענקאָ.

— ניט אַנדערש, ווי איר זײַט אַ לערערין פון ליטעראַטור.

זי קערט אָפּ דעם קאָפּ צום פענצטער און פאַרטראַכט זיך.

— אַהאַ! כ'האָב געטראָפן.

— צום באַדויערן, ניט, — ענטפערט זי מיט פאַרדראָס און זעצט פאָר, — ווײַבאַלד איך האָב געמאַכט אויף אײַך אַזאַ אײַנדרוק, שעם איך זיך שוין צו דערציילן, מיט וואָס איך פאַרנעם זיך אינדערעמעסן. איר וועט זיך אַנטוישן אין מיר. אויסער דעם, וועט אײַך ניט זײַן אָנגענעם פאַרן טאָעס, וואָס איר האָט געהאַט אין מיר.

פּלוצלינג ווערט זי אַנשוויגן, הערט זיך אײַן, ווי זי וואָלט אויפגעכאַפּט עפּעס קלאַנגען, וואָס דערגייען נאָר צו איר.

אינגיכן דערהער איך, ווי אין אַרײַנגאַנג־צימער עפנט זיך די טיר.

— אַנטשולדיקט, — ווענדט זיך צו מיר די יונגפרוי און גייט אַוועק אין פאָדער־צימער.

— וואָס? צעאַמפּערט זיך שוין אין אַ נאָווינע? — הער איך איר שטים. — וואָס האָט זיך געטראָפן?

— גאָרנישט איז ניט פאָרגעקומען, — הער איך אַ פרויען־שטים, וואָס איז זייער ענלעך אויף דער שטים פון דער שוואַרצבייניקער.

— ווען עס דערציילן אַנדערע און ניט מיר, לויט אײַערע טריט אויף די טרעפּ האָב איך דערפילט, אַז איר זײַט ביידע צערודערט.

וווּנדערלעך. ניט אַנדערש, אַז די שיינקייט הערשט מיט עפּעס אַ קישעף. ניט אומזיסט האָט זי אַזאַ אויסזען, ווי זי וואָלט געווען ניט קיין ערדישע. און טאַקע. ערשטנס, האָבן זיך ניט געהערט קיין שום טריט, און צווייטנס, וויאַזוי קאָן מען לויט טריט באַשטימען אַ מענטשנס צושטאַנד?

— וואָס איז געשען? — איז זי פּעסט געשטאַנען אויף אירס.

און דאָ האָט זיך דערהערט אַ מאַנצבלש קאָל.

— וואָס? דו קענסט ניט דײַן מאַמע? זי האָט...

זײַן שטים האָט זיך גלײַך איבערגעריסן און איז אַריבער אויף שעפּטשערײַ. ניט אַנדערש, אַז די שיינהייט האָט אים געוואָרנט, אַז אין אָפּנאַם־צימער זיצט אַ זײַטיקער מענטש.

— וואָס? ער איז שוין דאָ? — דערגייט צו מיר איר מוטערס שטים.

וואָס איז פאָרגעקומען ווײַטער, איז צו מיר ניט דערגאַנגען. אין אַ קליינער צײַט אַרום האָב איך נאָר דערהערט, ווי ס'האָט זיך געעפנט און פאַרמאַכט די אַרײַנגאַנגס־טיר. ניט אַנדערש, ווי דאָס פּאָרפאָלק איז אַוועק אויסקלאָרן די סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן שוואָגער און שוויגער.

אינגיכן האָב איך דערזען פאַר זיך אַ נידעריקע דאַרע פרוי שוין ווײַט ניט קיין יונגע, נאָר אַ זשוואַווע און מיט טשיקאַווע לעבעדיקע אויגן. דעם קאָליר פון די אויגן האָט שטאַרק באַטאָנט די בלויע קלייד, וואָס איז געלעגן אויף איר ניט צו דער מאָס: אַ פאַרלענגערט, אַ פאַרברייטערט. קאָנטיק, אַז דאָס איז דער טאָכטערס. ס'האָט זיך געפילט, אַז די פרוי איז צערודערט.

— אַנטשולדיקט, וואָס אײַך איז אויסגעקומען וואַרטן, — האָט זי געזאָגט און זיך צוגעזעצט אויפן שטול באַם פענצטער, ווו פריער איז געזעסן איר טאָכטער.

— איר האָט זיך ניט וואָס צו אַנטשולדיקן. איר זײַט געקומען צו דער צײַט. — ענטפער איך, אָנווײַזנדיק אויפן זייגער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער טומבאַטשקע בײַ דער וואַנט.

— כ'מוז אײַך אָנערקענען אָפנהאַרציק, — האָט זי אָנגעהויבן מיט מיר אַ שמועס, — אַז די איבערלעבונגען, וואָס מיר איז אויסגעקומען איבערטראָגן אין צײַט פון דער מילכאָמע, זײַנען גלאַט מיר ניט דורך. איך בין אַזוי נערוועז, אַז יעדער קלייניקייט ערגערט מיך אויף אַזוי פיל, אַז איך קאָן זיך ניט באַרויִקן, איך האָב זיך אַ ביסל צעאַמפּערט מיטן איידעם... כ'ווייס, אַ קלייניקייט... נאָר כ'קאָן ניט קומען צו־זיך.

ס'האָט זיך געפילט טאַקע, אַז ס'איז אַזוי. און קעדיי אָפּווענדן זי פון די שווערע געדאַנקען, פאַרפיר איך מיט איר אַ שמועס וועגן איר טאָכטער.

— זי האָט באַדאַרפט אָנטיילנעמען אין אַ קאָנקורס פון שיינהייטן, — זאָג איך איר.

— יאָ. מיט דעם האָט איר גאָט ניט אָבידיעט, נאָר בעסער וואָלט געווען, ווען זי האָט צו דעם מער מאַזל און וואָלט געווען צו מענטשן גלײַך.

— וואָס? וואָס פעלט איר?

— איר רעדט עפּעס! זי זעט דאָך די ווײַסע וועלט ניט.

— נו, דאָס איז דער גורל פון דער מערהײַט פרויען, — סטאַרע איך זיך באַרויִקן זי. — באַטאָג אויף דער אַרבעט, און נאָכדעם ביז שפּעט אין דער נאַכט איז מען פאַרנומען מיט דער היימישער באַלעבאַטישקײַט. אַרבעט סטײַעט איבערן האַלדז. אַזוי אַז בעמיילע זעט מען ניט די ווײַסע וועלט.

— וואָס גלײַכט איר מײַן מיידעלע צו יענע? זי זעט ניט די ווײַסע וועלט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט.

— וואָס הייסט? — פרעג איך מיט וווּנדער.

— גאָט איז מיט אײַך! צי דען האָט איר ניט באַמערקט, אַז זי איז אינגאַנצן אַ בלינדע? פון געבוירן אָן, נעבעך...

פאר מיר איז עס געווען אזוי אומדערוואַרט, אַז איך האָב בעשום־אופן ניט געקאָנט זיך צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז ס'איז טאַקע אַזוי. און ווי זשע? די אויגן זײַנען בײַ איר קלאָרע און באַוועגלעכע. זי גייט גלײַך, ספּאַטיקעט זיך ניט און ווייסט, וואָס ווו עס געפינט זיך אין שטוב, זי ווייסט די צײַט פון מעסלעס פּינקטלעך לויטן זייגער. אויסער דעם איז זי אַן אָנגעלייגנטע און איז שטאַרק באַהאַווּנט אין פּאָעזיע.

ווען איך האָב אַרויסגעזאָגט פאַר טאַניע יאָסעליעווּנע די אַלע אַרגומענטן, האָט זי מיר געענטפערט:

— ניט איר אַליין זײַט אין אַזאַ טאָעס. אַלע, וועלכע זעען מײַן מירעלע דאָס ערשטע מאָל, גלייבן ניט, אַז זי איז בלינד, און דאָס, וואָס זי איז אַזוי אָנגעלייענט, איז אָן דאַרטן, אָף דער וואַנט הענגען גאַנצע פּאָלקעס מיט ביכער, וועלכע דרוקן זיך ספּעציעל פאַר בלינדע.

און דאָ האָב איך טאַקע דערזען אויף דער וואַנט פּאָלקעס מיט גראָבע ביכער, וואָס גייען אַרויס אויף ספּעציעל פּאַפּיר, אויף וועלכע עס זײַנען אָנגעשטאָכן די אויסיעס.

— אַ מאַגניטאָפאָן מיט קאַסעטעס איז בײַ אונדז אויך פאַראַן, — האָט צוגעגעבן טאַניע יאָסעליעווּנע.

ערשט איצט איז צו מיר דערגאַנגען, פאַרוואָס די שיינהײַט איז באַשענקט פון דער נאַטור מיט אויסערגעוויינלעכן געהער און גערוך. די מערהײַט בלינדע זײַנען מיט דעם אָנגעטיילט. דאָס קאָמפּענסירט בײַ זיי די ריע.

— בײַ איר האָט געקאָנט זײַן אַ מאַן אַ פולקום זעענדיקער, זייער אַ געבילדעטער און מעגלעך שוין אפילו אַ באַוווּסטער. דאָך ניט באַשערט איר צו האָבן אַזאַ. נאָר זי איז אַליין שולדיק. זי האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, און בעשום־אופן ניט געוואָלט מיט אים כאַסענע האָבן.

— ניט אַנדערש, ווי אַ פּראָשטשעליגע.

— וואָס רעדט איר? אַ שטילינקער, אַ צוגעלאָזענער. שטאַמט פון אַ קליין שטעטל, וואָס הייסט איצט אַרבעטער־ישעווּו. ער האָט זיך דאָן געלערנט אין מינסקער פּעדינסטיטוט, און אַהער האָט מען אים געשיקט אויף פּראַקטיק, איז ער אין דעם אַנטקעגנדיקן הויז אײַנגעשטאַנען אויף קוואַרטיר. ווי ער האָט דערזען מירעלען, האָט ער זיך גלײַך אין איר פאַרליבט. און מירעלע האָט שוין דאַן אין מינסק פאַרענדיקט די שול פון בלינדע און האָט שוין דאָ געאַרבעט אַלס אַ נאַדאָמניצע, זי האָט געשטריקט וואָלענע טיכער, אין די פרילינגדיקע אָוונטן פלעגן זיי פאַרברענגען אין סקווער. פון אים האָט זיך בײַ איר פאַרקאָכט די ליבע צו פּאָעזיע. ער פלעגט אויסגיין נאָך איר. אויף אַזויפיל האָט ער זי ליב געהאַט. ער האָט זיך געוואָלט מיט איר אָפּשײַדן. אַ קאַרג יאָר איז אים געבליבן ביז ענדיקן דעם אינסטיטוט. נאָכדעם וואָלט ער אַהער געקומען אויף שטענדיקער וווינונג. אַזאַ פּלאַן איז בײַ אים געווען. האָט מירע זיך אײַנגעשפּאַרט, אַז זי וויל פאַר אים ניט כאַסענע האָבן. ניט ווײַל זי האָט אים ניט ליב געהאַט. פאַרקערט, ווען ער פלעגט אין אָוונט ניט קומען אויף אַ זעונג, פלעגט זי שטאַרק איבערלעבן. פאַר מיר האָט זי געמאַכט אָנשטעלן, אַז דאָס איז איר ניט. נאָר אַ מאַמעס האַרץ קאָן מען אין אַזאַ פאַל ניט אָפּנאַרן. האָב איך איר געזאָגט:

— אויב דו בענקסט נאָך אים אַזוי, איז פאַרוואָס ווילסטו זיך מיט אים ניט אָפּשײַדן? ווערדליק ס'איז באַוווּסט, האָט ער אַ שטיף־מוטער, וואָס וואָלט גערן זײַן, ווען זי ווערט פון אים פּאָטער, און זײַן מאַמע מישט זיך ניט אין אַזעלכע זאַכן. עלע, וואָס דען, האָסט מוירע זײַן אַן אָבוזע פאַר אים. איז עס דאָך ניט אַזוי, ווי דו טראַכסט. קאָלזמאַן איך לעב, וועל איך בײַ אײַך פירן די באַלעבאַטישקײַט, נאָכדעם ווען אײַערע קינדער אונטערוואַקסן, וועלן זיי אײַך ניט פאַרלאָזן אײַך. און מאַטעריעל ביסטו ניט שלעכט באַזאָרגט. צום פאַרדינסט פון דער אַרבעט באַקומסטו פּענסיע. קאָנסט שיילן קאַרטאָפל, צוגרייטן אַ וואַרמעס. מער ניט צו דער פליטע האָב איך מוירע דיך צולאָזן...

דוכט זיך, איבערצײַגעוודיק האָב איך מיט איר גערעדט. ערשט ווו? זי האָט גאָר ניט געוואָלט הערן.

דער יאָט האָט אַף אַזויפיל איבערגעלעבט, אַז צוליב איר איז ער אַפילע דעם טערמין פון פּראַקטיק ניט אָפּגעוועזן, אַוועקגעפאָרן פאַר דער צייט. דאָס האָט זי אים צו דעם דערפּירט.

ווען ער איז נעלעם געוואָרן, איז זי אומגעגאַנגען כּוישעך, ווי די ערד. באַנאַכט פּלעגט זי ניט קאָנען איינשלאָפן און אַלץ טאַפּן דאָס זייגערל, דערוויסן זיך צי ס'איז טאָג, זי זאָל שוין קאָנען אופשטיין און זעצן זיך שטריקן, קעדיי פאַרטרייבן די געדאַנקען.

א צייט האָט אַזוי געדויערט. אַוואַדע א האַלב יאָר. דערנאָך איז זי אַוועק אַרבעטן אַפּן זאַוואָד, אין צעך פאַר די בלינדע און שלעכט זעענדיקע. זי מאַכט דאָרט די פילטערס, דאָרטן האָט זי זיך באַקאַנט מיט איר איצטיקן באַשערטן. אויך א בלינדער, נאָר אין קינדהייט געווען א זעענדיקער. פון עפּעס א קרענק איז ער בלינד געוואָרן. האָט זי שוין ניט געקוקט, ווער ער איז און וואָס ער איז. בין איך גערן געווען, וואָס זי האָט סאָפּקאָלסאָף כאַסענע געהאַט. אויסערלעך זעט ער אויס גאַנץ נישקאָשע: א הויכער, א דאַרלעכער און פּאַרדינט ניט שלעכט. און צו דעם באַקומט ער פּענסיע. און בּיכלאַל איז ער א לעבעדיקער, האָט ליב שפּאַסן. הערט זיך גוט איין, ווען זי לייענט אים א בוך. נאָר איין כאַלאַס האָט ער: אים ציט צום ביטערן טראָפּן. אַפילע איצט נאָכן אוקאַז אויך.

עמעס, איצטער טרינקט ער שוין ניט אַזוי ווי פריִער, נאָר ווען אים מאַכט זיך א צופאַל, אַז ער קען מאַכן א לעכאַיִם, לאָזט ער ניט דורך. אַנדערע אונטערן גלעזל זיינען לוסטיק, פריילעך. און ער — פאַרקערט. ער ווערט מאָלע רעציכע. איצטער ניט אַזוי, נאָר ס'זיינען געווען צייטן, ווען ער פלעג אַפילע מירעלען ניט שוינען אין אַזעלכע פאַלן. ער פלעגט זי שלאָגן און מיך זידלען מיט די לעצטע ווערטער. אָבער איך פלעג אים אויך ניט שוויַיגן...

מיט א יאָר דריי צוריק, ווען זייער טעכטערל און מיַין איניקל אָלינקע איז שוין אַלט געווען זעקס יאָר, איז ער אַוועק אַף אַן אָרדנטלעכן מעדיצינישן דורכקוק. ס'האָט אים באַטראַכט אַן אָנגעפאָרענער פּראָפעסאָר און האָט אים געראָט, ער זאָל פאָרן אין אָדעס מאַכן אַן אָפּעראַציע אַפּן לינקן אויג. וועט ער דאַן עטוואָס אָנהייבן זען אַף אים. האָב איך גענומען אוועלדיב אַפּן אייגענעם כעזשבן, און כ'האָב אים, דעם טאַנע־בּאַרע, אָפּגעפירט קיין אָדעס. דאָרטן האָב איך אים איבערגעלאָזן.

אין אַנדערהאַלבן כאָדאָשים אַרום איז ער אַליין געקומען צוריק. אינדערפרי איז עס געווען, מידע איז געווען אַף דער אַרבעט, און אָלינקע — אין שול. נו, איב ער איז אַליין געקומען, איז עס שוין א גוטער סימען. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, מיט ביידע הענט מיך אָנגענומען פאַרן קאָפּ און צוגעצויגן צו זיך, אָפּגעשטויסן און א זאָג געטאָן:

— אָט אַזא האָב איך זיך טאַקע איַיך פאָרגעשטעלט.

האָב איך דערפילט אין דעם אַן אָבידע.

— אַך, דו פּאַסקודניַאַק! — האָב איך אים א זאָג געטאָן, — איך האָב אַלץ געוואָרפן און אַוועקגעפירט אים אין אָדעס, איך האָב זיך געקליבן די טעג פאָרן ברענגען אים צוריק, נאָר ער איז, גאָט צו דאַנקען, אַליין געקומען. האָב איך זיך דערפרייט, וואָס ער זעט כאָטש א ביסל, און ער קריוודעט נאָך מיך מיט זיינע שטעכווערטלעך.

איר מיינט, אַז ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן. ווו האָט איר געזען? שטייט און לאַכט צופרידן, וואָס ער האָט געהאַרגעט א כאָכמע, און אַליין לעבן געבליבן, ווי אַמאָל פלעגט מען זאָגן אין אַזעלכע פאַלן. דאַך האָב איך אָנגעקלונגען אַפּן זאַוואָד און געהייסן איבערגעבן מיַין טאָכטער, אַז איר באַשערטער האָט זיך אומגעקערט, און ער זעט שוין א ביסל. איז זי גלייך געקומען אהיים.

דערפאַר אָבער, ווען ער האָט זיך אין איר איַינגעקוקט און צום ערשטן מאָל דערזען זי, איז ער געפאַלן איר צו די פיס און האָט בא איר מעכילע געבעטן פאַר אַלע אוולעס, וואָס ער איז זיך מיט איר באַגאַנגען, און האָט זיך געשוואָרן, אַז ער וועט זי מער קיינמאָל ניט באַליידיקן. אים האָט זיך ניט געגלייבט, אַז אַזא שיינהייט איז אים באַשערט האָבן פאַר א ווייַב, און טאַקע פון דעמלט האָט ער איר קיינמאָל קיין קרום וואָרט ניט געזאָגט. און פאָלגט

איר אין פּײַער און אין וואַסער. נאָר איצט איר ער זייער אײַפערזיכטיק צו איר, ווען זי רעדט אויס א וואָרט מיט א יונגנמאַן, ווערט ער דערציטערט. לויט איר פאַראָרדענונג האָט ער זיך גענומען אָפּהאַלטן פון טרינקען. נאָר גראָדע הײַנט, ווי אַפּצולאָכעס, ווען מיר זײַנען שוין געגאַנגען מיט די קאַרטאָפל אַהיים, האָט ער זיך אין מיר אײַנגעזויגן, איך זאָל אים געבן אַף א האַלבן ליטער. א נאָענטער כאַווער דאַרף צו אים קומען פון דאָרף, ווייל ער אים אָפּנעמען ווי עס דאַרף צו זײַן. האָב איך אים ניט געוואָלט געבן. ניט דערפאַר, וואָס איך זשאַלעווע די מייע. כאָטש ס׳איז ניט ווייניק געלט. איך האָב מוירע, ער זאָל זיך ווידער ניט אַרײַנציִען אינעם טרינקען. האָט ער מיך אַזוי ראַסטראָיעט, אַז איך קאָן צו־זיך ניט קומען. ס׳איז מיר...

דאָ האָט זי איבערגעריסן דעם שמועס. מאַכמעס אין פּאָדער־צימער האָט זיך דערהערט, ווי די טיר האָט א סקריפּע געטאָן.

— אַז מער האָב איך ניט, וואָס צו דערציילן, — איז טאַניע יאַסעליעוונע גלײַך אַריבער אַף א נײַער טעמע. — נו, איך בין טאַקע געווען אין געטאָ. פון דאָרטן אַנטלאָפן, געטראָפן צו די פּאַרטיזאַנער אין בעלסקיס אָטריאַד. אין שלאַכטן און אין דורכפירן דיווערסיעס ניט אָנטיילגענומען. איך האָב דאָרטן געאַרבעט אין קאָמבינאַט אַלס שנײַדערקע. כ׳האָב געניייט מאַלבושים פאַר די פּאַרטיזאַנער. און דאָס איז אַלץ. איך קאָן אײַך העלפן נאָר מיט דעם, וואָס איך וועל אײַך געבן אַדרעסן פון לײַט, וואָס זײַנען געווען סײַ אין געטאָ, סײַ אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד און האָבן אָנטיילגענומען אין שלאַכטן. פון זיי וועט איר זיך דערוויסן מער פּאָדראָבנאָסטן איידער פון מיר.

אין אָפּנאַם־צימער איז אַרײַן מירע.

— נו, וואָס? ער האָט שוין בא דיר אויסגעפּירט? — ווענדט זיך צו איר די מוטער.

אַף דער פראַגע האָט מירע ניט געענטפערט, און בא מיר האָט זי געפרעגט:

— נו, איר זײַט באַנוגנט מיטן מאַטעריאַל, וואָס איר האָט געקראָגן בא מײַן מוטער?

אין דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך געפילט אַן אָנדײַט.

— וואָס פאַר א מאַטעריאַל? — האָט די מוטער זיך גענומען פאַרענטפערן, — איך האָב ניט, וועגן וואָס צו דערציילן.

— א שרײַבער געפינט אומעטום וועגן וואָס צו שרײַבן, — האָט מירע אַף דעם געענטפערט.

— א שרײַבער איז ניט קיין זשורנאַליסט, — האָב איך איר דערקלערט, — ווען אים קומט אויס שילדערן בילדער פון אינטים לעבן, איז ניט אומבאַדינגט אָנווײַזן די עמעסע נעמען און פאַמיליעס פון די פּראָטאָטיפּן, דאָס הייסט, פון די פּערזאָנען, וועגן וועלכע ער שרײַבט.

— אָט דאָס טאַקע האָב איך געוואָלט פון אײַך הערן, — האָט זי מיר געזאָגט.

אָט די דאָזיקע ווערטער אירע האָב איך אָנגענומען, ווי א ביטע, און כ׳האָב זי אויסגעפילט.

## דער לערער שור

אנידעריקער, א גראָבטשינקער, מיט א העל רונד פּאָנעם און בלויע גוטמוטיקע אויגן, מיט א קעסיידערדיקן שמייכל, וועלכער דריקט אויס, וואָס אַפן האַרצן טוט זיך. לויטן שמייכל קאָן מען באַשטימען, ווען ער איז אויפגעלייגט אָדער אומעטיק, ווען ער איז ניט צופרידן מיט עמעצן אָדער פאַרקערט. אָט אַזא האָט זיך מיר פאַרגעדענקט דער לערער פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור איאָסיף סאָלאָמאָנאָוויטש שור, מיט וועלכן איך פלעג זיך טרעפן אין סלוצק אין דער צווייטער העלפט פון די דרײַסיקסטע יאָרן, ווו איך האָב אונטעריכט יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, נאָר אין אַן אַנדער שול.

מיר איז ניט אויסגעקומען צו באזוכן זײַנע לימודים, נאָר ווערליק מע האָט דערציילט, פלעגט יעדער לימעד זײַנער מאַמעש שאַפן א יאָמטעוו פאַר די שילער. אין שטאָט האָט מען אים געהאלטן פאַר א טאלמיד־כאָכעם. ס׳איז טאקע געווען א מעכײַע מיט אים צו פאַרברענגען. און אויסער אלץ, אף יעדן פאַל פלעגט ער ארויסברענגען א צוגעפּאסטן מאָשל מיט א טיפן באַטײַט. א פּינקטלעך צוגעפּאסטן צו דעם, וועגן וואָס עס גייט א געשפּרעך. א סוואָרע, אז אייניקע מעשאָלים פלעגט ער אליין צוטראכטן, מאַכמעס פריִער זײַנען זיי קיינעם ניט געווען באַוווּסט. אגעוו, זײַן פּרוי בוניע, א לערערן פון די אָנפאַנג־קלאסן, פלעגט שטרענג בעסאָד אויסדערציילן, אז ער פאַרפאַסט לידער און דערציילונגען, נאָר ער וויל ניט, אז מע זאָל וועגן דעם וויסן. דעם דאָזיקן סאָד האָט זי אײַנגערוימט פיל לערער, וועלכע האָבן געהאלטן וואָרט, און קיינעם וועגן דעם ניט מיטגעטיילט. דאָך איז עס אלעמען געווען באַוווּסט, א סוואָרע — פון איר אליין.

אין סלוצק איז מיר אויסגעקומען איבערטראָגן די־סאַמע שווערע צײַטן פון סטאַלין־קולט. איך בין געקומען אהין אין סאַמע פלאַם פון דרײַסיק זיבעטן יאָר. צו אלץ איז עס געווען דאָס לעצטע יאָר פון דער עקזיסטענץ פון די יידישע שולן. געקומען בין איך אהין ניט צופעליק. נאָכן ענדיקן דעם פּעדאגאָגישן אינסטיטוט האָט מען מיר געוואָלט ארויסגעבן א פרײַען דיפּלאָם, איך זאָל זיך קאָנען אײַנאָרדענען אין א רעדאקציע ערגעץ אין מינסק. איך בין שוין דאַן געווען א מיטגליד פונעם שרײַבער־פאַריין, האָט מען געהאלטן, אז מער נוץ וועט פון מיר זײַן, ווען איך וועל ארבעטן אין א רעדאקציע. נאָר די רעדיפעס און די מאַסן־ארעסטן האָבן אף מיר שטארק געווירקט, האָב איך באַשטימט אוועקפאָרן פון מינסק, זײַן ווײַטער פונעם פײַער. וועט עפּשער רוִיקער זײַן אפן געמיט און אויך פאַרזיכערן פון ארײַנפאַלן אין די יעזשאָווע הענטשקעס, ווי דאַן האָט עס געהייסן, ווײַל אין די ויכערקײַט־אָרגאַנען האָט דאַן פאַרנומען דעם אויבנאָן יעזשאָוו. אין פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון בילדונג האָט מען מיר פאָרגעלייגט פאָרן קיין סלוצק אונטעריכטן ליטעראַטור און שפּראַך אין א יידישער שול. האָב איך גערן אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאָג.

ארבעטנדיק שוין אין סלוצק, האָב איך, ווי אלע לערער, זיך געסטאַרעט אויסמײַדן געשפּרעכן אף דער טעמע, וואָס יעדערן פון אונדז האָט מאַמעש געעגבערט. דער לערער שור, ווי מע האָט אים געערט, מאַכמעס אין די יידישע שולן איז דאַן ניט אָנגענומען געווען אָנרופן דעם לערער לויטן נאָמען און פאָטערנאָמען, האָט זיך אויך אָפּגעהאלטן קאָמענטירן די שוידערלעכע געשעענישן, וועלכע סלוצק האָט אויך דאַן ניט געמינערט. אפילע קיין מעשאָלים פלעגט ער ניט ארויסברענגען, וואָס האָבן געקאָנט אָנשטויסן אף דער דאָזיקער טעמע.

בלויז איין מאָל, געדענק איך, אף א באַראַטונג פון די שטאָטישע לערער, האָט דער פאַרוואַלטער פון בילדונגס־אָפּטייל אופגעוואָרפן די לערער, אז זיי באַרײַכערן זיך ניט מיט פּאָליטישער זעלבסטבילדונג און ציטירן ניט די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם. גלײַך איז אופגעשטאַנען דער לערער סימאָנאָוויטש מיט א ווידערשטעלונג:

— ווען קאָנען מיר דערלערנען די מאַרקסיסטישע וויסנשאַפט, אז מיר זײַנען אף אזויפיל איבערגעלאָדן מיט דער פּעדאגאָגישער ארבעט? אז עס איז ניטאָ קיין צײַט אפילע אין א צײַטונג ארײַנקוקן?

— הייסט עס, אז אפילע קיין צײַטונגען לייענט איר ניט! — איז אף אים אָנגעפאַלן דער פאַרוואַלטער פון בילדונגס־אָפּטייל. — פײַן זעט איר אויס אלס א לערער! קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, וויִאזוי איר פירט דורך די פּאָליט־מאַסעווע ארבעט צווישן די שילער.

דער לערער שור, וואָס איז געזעסן לעבן מיר, האָט מיר ארײַנגערוימט אין אויער:

— מיט סימאָנאָוויטשן קומט אויס, ווי אין יענעם אנעקדאָט: "נאַראָנים, פון באָד ארויס!" איר ווייסט דאָך, מיסטאָמע, דעם אנעקדאָט? דער בעדער גייט ארײַן אין באָד און שרײַט אויס: " נאַראָנים, פון באָד ארויס!" לויפט צו אים צו איינער מיט טײַנעס: "וואָסי, מײַן געלט

איז קיין געלט ניטו? איך האָב דאָך אויך אָפּגעצאָלט, ווי אַלע?" פּונקט אַזוי באַקומט זיך מיט סימאָנאָוויטשן.

איך האָב זיך שטאַרק צעלאַכט. אין פּרעזידיום האָט זיך אויפגעהויבן א פּרוי, וואָס האָט געאַרבעט אַלס אינסטרוקטאָר פון ראַיקאָם, און איז אָף מיר אָנגעפאַלן:

— ניטאָ פון וואָס צו לאַכן! דאָ איז אַייך ניט קיין באַלאַגאַן, דאָ ווערט גערעדט וועגן ערנסטע איניאַנים, וואָס טראָגן א פּאָליטישן כאַראַקטער. אַזוי אַז זעט, ניט זאָל זיך ניט באַקומען, אַז לאַכן לאַכט דער, ווער עס לאַכט דער לעצטער, — און צום פּאַרוואַלטער פון בילדונגס־אָפּטייל, — ווי מע זעט, האָט איר זיי שטאַרק פאַנאַנדערגעלאָזן. אַזוי אַז ס׳וועט אויסקומען ערנסט זיך פאַרנעמען מיט אַייערע פּעדאַגאָגן.

באַ מיר האָט זיך אָפּגעריסן אַלץ אינעווייניק. איך בין שוין געזעסן, ווי אין געהאַקטע וווּנדן ביזן סאָף פון דער באַראַטונג.

איינמאָל באַ א באַגעגעניש האָט שור, ווי אַגעוו אורכע, באַ מיר א פרעג געטאָן:

— איר האָט געקענט דעם דיכטער אַרן יודלסאָן?

— איך האָב אים א שטויס געטאָן פאַרן עלנבויגן, ער זאָל ריידן שטילער. מאַכמעס יודלסאָנען האָט מען אַרייַנגעזעצט, נאָך איידער דער דרייסיק זיבעטער יאָר איז באַגינען. די רעפּרעסירטע האָט מען ניט געטאָרט אַפילע דערמאָנען.

— איך האָב אים געקענט פונדערווייַטן, — האָב איך געענטפערט, — א שוואַכער דיכטער.

דער שמייכל אָף שורס פּאָנעם האָט אין דעם מאָמענט אויסגעדריקט פאַרצווייפלונג.

— צו אַזאַ אויספיר זייַט איר געקומען, נעמענדיק אין אַכט, וואָס מע האָט אים אַרייַנגעזעצט? — האָט מייַן מיטשמועסער באַ מיר מיט ביטל א פרעג געטאָן.

כ׳האָב עס אופגענומען, ווי א שטאָך־וואָרט און אים ניט געענטפערט. און ביכלאַל איז מיר אויסגעקומען עפּעס מאָדנע: וואָס האָט ער זיך פאַנאַנדערגעפרעגט דאַפקע וועגן יודלסאָנען?

סאָף זומער 1938, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון אָפּרו, דערוויס איך זיך א יעדיע, פון וועלכער איך בין דערשטוינט געוואָרן: מע האָט אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרמאַכט אַלע יידישע שולן. ס׳האָט זיך אַפילע ניט געגלייבט. ווי קאָן עס זייַן? דאָס האָט אינגאַנצן ניט געשטימט מיט דער סטאַלינישער לערע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ראָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז טאַקע אַן עמעס. מיך האָט מען אַייַנגעאָרדנט אַלס פאַרוואַלטער פון לערנטייל און אונטעריכטער פון רוסישער שפּראַך אין א ניטפולער מיטלשול אין עק שטאָט.

א צייַט האָב איך פון דער דאָזיקער געשעעניש ניט געקאָנט צו־זיך קומען. מאַכמעס איך האָב שוין דאַן גוט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר רעזולטאַטן וועלן פון דעם זייַן אין צוקונפט. די יידן פון סאָוועטנפאַרבאַנד וועלן אינגאַנצן זייַן אָפּגעשיידט פון זייער שפּראַך און פון זייער קולטור. וועלן זיי שוין קיין יידן ניט זייַן.

כ׳וועל ניט לייקענען, אַז אויסער אַלץ, האָט עס מיך געעגבערט אויך צוליב פערזענלעכע סיבעס. כ׳האָב דאָך אַליין געהאַט א נאָענטע שייַכעס צו דער יידישער ליטעראַטור. כ׳בין געווען אין דער צאָל פון אירע שעפער. מייַנע לידער האָבן זיך געדרוקט אין די יידישע אויסגאַבעס. באַקומט זיך, אַז איך שאַף אָף א שפּראַך, וואָס וועט אינגיכן אינגאַנצן אומקומען. איז באַ מיר אופגעקומען א באַדערפעניש, מיט ווּעמען־ניט־איז דורכשמועסן זיך אָף דער טעמע. פאַרשטייט זיך, אַז אין יענע צייַטן איז געווען געפערלעך קריטיקירן די אָדער יענע מאָסמיטלען פון דער מעלוכע. נאָר ס׳האָט מיך אַזוי געעגבערט, אַז איך האָב מיט זיך אַליין ניט געקאָנט אויסקומען. האָט מיך א ציִ געטאָן צום לערער שור, וועלכער האָט דאַן אונטעריכטעט רוסישע ליטעראַטור און שפּראַך אין אַן אָוונט־שול. כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן אין אַן אָפּרו־האַג אין גאַס.

— נו, איר האָט זיך שוין אַקלימאַטיזירט אַפן נײַעם געגנשטאַנד? — האָט ער בא מיר געפרעגט. — איך זעלבסט פאַרגעס זיך אַמאָל אַפן לימעד און בראָק אַרײַן אַ ייִדיש וואָרט.

ווען איך האָב אים אויסגעדערציילט, וואָס קימערט מיך בענוגייע אונדזער קולטור, האָט ער מיר געענטפערט:

— מע קאָן ניט פאָרויסזען, וואָס וועט פאָרקומען אין יאָרן אַרום. וועהאַרײַע: מיט אַ יאָר צוריק האָט איר זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז גאָר אינגיכן וועט מען פאַרמאַכן די ייִדישע שולן? דאָס לעבן איז פול מיט סורפּריזן און רעטעניש. און דערהויפּט הײַנטיקע צײַטן...

אינגיכן האָט אונדז דער שיקזאַל צעשיידט. נאָך דער פאַרייניקונג פון מיזרעך־ווײַסרוסלאַנד מיט די מײַרעווודיקע קאַנטן, וואָס האָבן פריִער געהערט צו פוילן, און ווען די רעפּרעסיעס האָבן שוין ניט געטראָגן אַזאַ מאַסעוון כאַראַקטער, ווי פריִער, בין איך איבערגעפאָרן קיין מינסק און זיך אײַנגעאָרדנט אין אַ קינדער־צײַטונג. פון דעמלט ביז נאָך דער פאַטערלענדישער מילכאָמע האָב איך וועגן גאָרנישט געוווּסט. נאָר אין סאָף פון די פערציקער יאָרן, ווען די סטאַלינישע גזירעס האָבן זיך פאַרשטאַרקט, איבערהויפּט אויף די ייִדן, האָב איך אין מינסק, אין קראָם פון די בוקיניסטן, פּלוצלינג געטראָפן שורן. און כאָטש מיר האָבן זיך ניט געזען קימאַט ווי צוויי צענדליק יאָר, האָב איך אים גלײַך דערקענט. ווי פריִער אַ גראָבטשינקער, אַ נידעריקער, מיט אַ רונד שמייכלענדיק פּאָנעם, נאָר שטאַרק פאַרעלטערטן. מיך האָט ער לאַכלוטן ניט דערקענט, נאָר ווען איך האָב אים אָנגערופן מײַן פאַמיליע, האָט ער אַ ווײַלע געטראַכט און זיך דערמאָנט.

— אַ, — האָט ער מיר דערלאַנגט אַ האַנט, — כ׳געדענק, כ׳געדענק, נאָר אין זיקאָרן זײַט איר בא מיר פאַרקריצט אַזאַ, ווי איר האָט דעמלט אויסגעזען.

מיר זײַנען אַרויס פון ביכער־קראָם און זיך געלאָזט שפּאַצירן איבערן סטאַלינישן פּראָספּעקט, ווי דעמלט האָט די גאַס געהייסן.

— נו, און דאָס, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין די יאָרן זינט מיר האָבן זיך צעשיידט, האָט מען געקאָנט פאָרויסזען? — האָט ער מיר גלײַך געשטעלט אַ פראַגע, פון וועלכער איך האָב געמאַכט אַן אויספיר, אַז ער געדענקט אַלע אונדזערע געשפּרעכן. — איז דען ניט עמעס, אַז וואָס דאָס לעבן טראַכט אויס, קאָן דער גרעסטער כאָכעם ניט פאָרויסזען?

פון אונדזער שמועס האָב איך באַשטימט, אַז איצטער רעדט ער מער דרייסטער אויף פּאָליטישע טעמעס. כאָטש די געפאַר אויף געשטרויכלט ווערן איז ניט קלענער געווען ווי דעמלט, פאַר דער מילכאָמע, נאָר קאָנטיק, אַז פאַר די פיל יאָרן איז מען שוין אויף אַזויפיל געוווינט געוואָרן צו דער געפאַר, אַז מע האָט פאַרלאָרן דעם פּאַכעד צו איר.

— דאָך קימערט, וואָס וועט זײַן ווײַטער, — האָב איך אַרויסגעזאָגט, — זיי האָבן דאָך פאַרמאַכט אַלע ייִדישע אויסגאַבעס, ליקווידירט די מערהײַט פון די קולטורטרעגער. אויף אונדז אַלעמען הענגט דאָך דאַמאָקלס שווערד. צו וואָס וועט עס דערגיין?

אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ מאָשל.

— אַמאָל איז אַ יעשואָוניק געקומען פון דאָרף אין שטעטל אויף יאָמקיפּער, קעדיי אָפּדאַוונען דאָרטן דעם מעסלעס אין בעסמעדרעש. פון דאָרטן האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים אַן אומעטיקער. פרעגט בא אים דאָס ווײַב: ״וואָס ביסטו אַזוי געפאַלן בא זיך?״ ענטפערט ער: ״מע זאָגט, אַז אינגיכן וועט קומען מאָשיעך, וועט מען ניט באַדאַרפן קיין שום האָב און גוטס, און ניט קיין פּי, און ניט קיין גערטנער, און ניט קיין סעדער. מע וועט עס אַלץ איבערלאָזן, און מיר האָבן דאָך אויף דעם אַ לעבן אָפּגעהאָרעוועט״. ״דײַגע ניט, מײַן מאַן, — האָט איר אויף דעם געענטפערט דאָס ווײַב. — מיר זײַנען פּאָטער געוואָרן פון האַמענען, וועלן מיר פּאָטער ווערן פון מאָשיעכן אויך״.

איך האָב זיך פון אים דערוווּסט, אַז אין צײַט פון דער מילכאָמע איז אין געטאָ אומגעקומען זײַן פרוי בוניע מיט די קינדער. ער אַליין איז ניצל געוואָרן, מאַכמעס ער איז געווען אין אַרמיי און האָט געדינט אין סטראָיבאַט. נאָך דער מילכאָמע האָט ער אַ צײַט

געארבעט אין סלוצק. נאָכדעם האָט ער כאַסענע געהאַט מיט א פרוי, וועלכע לעבט הינטער מינסק, איז ער צו איר איבערגעפאָרן, ער אַרבעט אין א ביבליאָטעק.

אין יענער צײַט פלעגן מיר זיך טרעפן מיט אים זעלטן, נאָר בא יעדער טרעפונג פלעגן מיר באהאנדלען די געשעענישן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען פאַר דער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען.

אין סאָף פון די פופציקער יאָרן, ווען מע איז שוין טאַקע פאַטער געוואָרן פון דעם "מאַשיעך", אף וועלכן שור האָט אָנגעדײַט אין זײַן מאָשל, באגעגן איך אים מיט א פרוי נאָך אין די מיטעלע יאָרן, עלעגאנט געקליידט, נאָר לויט איר פּאָנעם האָט זיך געפילט, אז זי האָט ניט ווייניק צאָרעס איבערגעטראָגן אין לעבן.

— זײַט באקאנט! — האָט ער מיר א זאָג געטאָן, — ס'איז מײַנע א לײַבלעכע שוועסטער. זי איז בא מיר פון די רעאביליטירטע. היפש יאָרן אָפּגעמאטערט זיך אין פארשיקונג.

דערוויסנדיק זיך, אז איך בין א שרײַבער, שטעלט זי מיר א פראַגע:

— ארן יודלסאָנען האָט איר געקענט?

כ'האָב ניט באוויזן ענטפערן, ווי שור האָט מיך איבערגעיאָגט:

— אגעוו, זי איז ארן יודלסאָנס אלמאָנע.

ערשט דאן האָב איך פארשטאנען, פארוואָס ער איז אופגעבראכט געוואָרן, ווען אין סלוצק האָט ער מיר געשטעלט די זעלבע פראַגע, און כ'האָב אים געענטפערט, אז יודלסאָן איז געווען א שוואכער פּאָעט. און נאָך האָב איך פארשטאנען, פארוואָס ער האָט זיך צוגעײַלט וואָרענען מיך, אז זײַן שוועסטער איז יודלסאָנס אלמאָנע.

פון איר האָב איך זיך דערוווּסט, אז יודלסאָנען האָבן די סטאלינישע מערדער דערשאָסן, און ער איז רעאביליטירט נאָכן טויט.

ס'איז ווידער אדורך א שלאל מיט יאָרן, און מיר האָבן זיך איינמאָל געטראָפן מיט אים אפן וואָקזאל. ער האָט באגלייט א פלימעניצע, וועלכע איז מיט איר מישפּאָכע געפאָרן קיין יִיסראָעל.

— הונדערטער יאָרן האָט מען געהאָפט אף מאָשיעכן, — האָב איך אים געזאָגט, — און ניט דערווארט זיך אף אים. האָט מען באשטימט אָן זײַן הילף זיך אומקערן אין לאנד פון די אָוועס אווויסיינו. און עפשער גייט עס פון זײַן זכוס וועגן.

— ניין, — האָט ער מיר געענטפערט, — איך פארשטיי דאָס אנדערש. — און האָט געבראכט א מאָשל. — אינדערהייך, בא דער קיסע האמײַלע, האָט מען אופגעהויבן די פראַגע וועגן אונדזערע ייִדן. ווייניק, וואָס דער יִימאכשמויניק היטלער האָט מיט זיי אָפּגעטאָן, האָבן זיי זיך נאָך שטארק אָנגעליטן בימיי האוואַנץ, בימיי האפּליך און בימיי האברעמס. ביזוואנען ווארטן אף מאָשיעכס אויסלייזונג? שוין לאנג צײַט. רופט זיך אָפּ מאָשיעך: "איך קאָן צו זיי ניט קומען, מאכמעס זיי זײַנען אף אזויפיל זינדיק, אז מע קאָן ניט אָפּטיילן פון א יִידן ביז ניט קיין יִידן. אָן א קליינעם אויסנאַם געפינען זיי זיך פולקום אין רעשוס פון אשמעדײַ. ער האָט זיי דערפירט צו דעם, אז זיי הייבן גאָר ניט אָן צו וויסן פון מידעס, מינהאָגים און טפילעס. זיי היטן ניט אָפּ קיין שאבאָסים און יאָמטויוים. זיי ווייסן ניט און ווילן ניט וויסן זייער שפּראך, אפילע יִידיש, ניט ריידנדיק שוין וועגן לאָשנקוידעש. אָט צו וואָס דער אשמעדײַ האָט זיי דערפירט". איז מען אָנגעפאלן אפן אשמעדײַ: "וואָס האָסטו אָפּגעטאָן מיט מיליאָנען יִידן? אזוי ווײַט פארפירן, אז זיי האָבן אפילע פארגעסן, צו וואָס פאַר א פּאָלק זיי געהערן?" אף דעם האָט דער אשמעדײַ געענטפערט: "צו וואָס פאַר א פּאָלק זיי געהערן, האָבן זיי אינגאנצן ניט פארגעסן. מײַנע כעוורע גיבן זיי אָן אָנצוהערעניש וועגן דעם". "נו, איז וואָס איז פון דעם ארויס? צו יִידישקײַט קערן זיי זיך סײַווי ניט אום. אפילע קיין נויטווענדיקײַט צו דעם פילן זיי ניט. וועלן זיי קיינמאָל ניט אויסגעלייזט ווערן מיצאד מאָשיעכן". "דאַיגעט ניט, איך וועל זיי אויסלייזן, — האָט זיי בארויִקט דער אשמעדײַ. — כ'וועל זיי ברענגען אין דעם לאנד פון זייערע אָוועס אווויסיינו". און האָט אף זיי

אַנגערייצט די "פּאַמיאַט" און די פונקציאָנערן, וועלכע, שטרעבנדיק פון זיך אָפּוועגדן די שולד פאַר די צאָרעס, וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן, סטאַרען זיך אַרופוואַרפן אַלץ אויף די ייִדן. ער האָט אָנגערייצט אויף זיי די פאַלשע געלערנטע, און דער אוילעם האָט אָנגעהויבן לויפן פונדאַנען קיין ייִשׂראל. אָט פונוואַנען עס גייט די אַליָה. ניט דורך מאָשיעכן, נאָר דורכן אשמעדיי.

— איאָסיף סאָלאָמאָנאָוויטש, — האָב איך זיך צו אים געווענדט, — אָט די אַלע אייערע מעשׂהלים האָט איר באַדאַרפט פאַרשרייבן, וואָלט זיך באַקומען אַן אינטערעסאַנטער בוך. אומזיסט פאַרנעמט איר זיך ניט מיט דעם.

אויף דעם האָט מיר שור געענטפערט מיט אַ נײַעם מאָשל:

— איר האָט אַמאָל געזען, ווי אַ הינטעלע יאָגט זיך נאָך אַ פּאַיעזד? ער יאָגט מיט די לעצטע קויכעס און פאַרכלינעט זיך אַזש פון בילעריי. אָט, דוכט, וועט ער פּאַרט דעריאָגן דעם צוג, ערשט ניט. דאָך, יאָגט ער און יאָגט מיט אַזאַ בילעריי און מיט אַזאַ אימפּעט, ווי ער וואָלט אין קאָן געשטעלט זײַן גאַנץ לעבן. פרעגט זיך אַ קאַשע: נו, וואָס אַז ער וועט שוין יאָ דעריאָגן דעם פּאַיעזד? וואָס וועט ער מיט דעם אויספירן? אַזוי איז אויך מיט דעם, וועגן וואָס איר רעדט. נו, וואָס וואָלט געווען, ווען איך וואָלט אויף דער עלטער געהאָרעוועט מיט די לעצטע קויכעס און אָנגעשריבן אַזאַ בוך? אָפּדרוקן אים וואָלט געווען סײַווי אומעגלעך. און אַז מע וואָלט עס שוין יאָ אָפּגעדרוקט, איז ווייניק־וועגער וואָלט עס געקויפט, מאַכמעס כאָטש ס'האָבן זיך געשאַפן געזעלשאַפטן פון ייִדישער קולטור, נאָר לייענער פון ייִדישע ווערק קומען דערווײַל צו זייער ווייניק.

ער כאַפּט אַ קוק אויפן זייגער און שרײַט אויס:

— אוי וויי! כ'האָב זיך מיט אײַך פאַררעדט, און מײַנע קרויווים זיצן שוין ערגעץ דאָרטן אין פּאַיעזד.

ער האָט מיר אַרײַנגערוקט אַ האַנט און איז טייקעף נעלעם געוואָרן.

## אין פיל יאָרן אַרום

ר

עליזאַוועטאַ איוואַנאָוונאַ — אַ געזעצטע פרוי מיט אַ רונד פּאָנעם, האָט אַן אויסזען פון די פּרוויען־באַלעבאָסטעס, וואָס לויט די יאָרן זײַנען זיי נאָך ניט אַלט, נאָר זיי האָבן שוין פאַרלוירן דעם גאַנצן אינטערעס צו פּוצן זיך און אויסזען ייִנגער, איידער אינדערעמעסן. די שווערע אַרבעט אויף דער בויונג, די שטענדיקע קאָפּדרייעניש, וואָס קריגן אין מאַגאַזין אויף צו אָנקאָרמענען די מישפּאָכע, די אַגמעסנעפּעש, וואָס זי האָט פונעם מאַן, וועלכער ציט זיך אָפּט צום גלעזל — דאָס האָט געמאַכט זי גלײַכגילטיק צו אַלעס, וואָס גייט ניט אַרײַן אין קאָמפּעטענץ פון די אויבן אויסגערעכנטע איניאָנים.

און די יאָרן גייען און שאַפן אַלץ נײַע און נײַע זאָרגן, אַפילע איצט, ווען די צוויי קינדער אירע זײַנען שוין דערוואַקסענע און לעבן מיט זייערע מישפּאָכעס באַזונדער פון די עלטערן צוליב דעם, וואָס מע וואַרפט זיי אונטער די אייניקלעך, קומט אויס אַרבעטן מיטן מאַן אין פאַרשיידענע סמענעס. וואָרעם אַליין קאָן מען דאָס קליינוואַרג ניט לאָזן. זעט זי זיך מיטן מאַן נאָר אין די אָפּרו־טעג.

בייס די אייניקלעך זײַנען געגאַנגען אין קינדער־גאָרטן איז געווען לײַכטער מיט זיי איסעקן זיך. איצט, ווען זיי גייען אין שול, קאָן מען פרײַ זײַן פון זיי געציילטע שאָען, ווען זיי ווײַנען אויף די לימודים. קומט מען פון קלאַס, קערן זיי איבער די וועלט. און וואָס זיי ווערן גרעסער, ווערן זיי מער אײַנגעשפּאַרטער און פאָלגן ניט פונדאַנען אַהין. זי איז אַזוי פאַרנומען און פאַרדרייט, אַז ס'איז ניטאָ קיין צײַט צו טרעפן זיך מיט באַקאַנטע און מיט פרײַנט.

זי געדענקט אפילע ניט די צײַט, ווען זי איז מיט איר מאַן טאָליען געווען אין קינאָ אָדער אין טעאַטער. ניטאָ אפילע קיין רעגע, ווען קוקן דעם טעלעוויזאָר, כאָטש לעצטנס דעמאָנסטרירן זיך אינטערעסאַנטע פילמען, און מע גיט איבער וויכטיקע נײַעס.

אָט אַזוי איז זי שטענדיק פאַרדרייט און פאַרטומלט און זעט ניט די העלע וועלט. ניטאָ אפילע קיין מינוט דורכשמועסן זיך מיט א שכיינע.

די איינציקע, וועמ עס גייט צו איר אַרײַן, דאָס איז די פענסיאָנערקע נאַדעזשדאַ סטעפּאַנאָוונאַ, וואָס וווינט אפן דריטן שטאָק. לויטן פּאַך איז יענע א בוכהאַלטער, נאָר שוין לאַנג אף פענסיע. לעבט איינע אליין אין קאָמפּאַניע מיט א קעצישער מישפּאָכע: א מאַמע, א טאַטע מיט א זון. די קאָרמעט זיי מיט פיש און מיט מילכיקס, אין די אָוונטן פירט זי מיטן זון געשפּרעכן און דערציילט פאַר זיי אויס אַלע אירע אָבידעס. זי איז פולקום זיכער, אַז די קעץ פאַרשטייען זי און באַציִען זיך צו איר מיט מיטגעפיל. זי פילט יעדער פאַרלאַנג פון יעדער קאַץ און ווייסט זיי לויט די כאַראַקטערישע שטריכן.

איינמאָל האָט מיט איר געטראָפן א האַרץ־אַטאַקע, איז אָנגעקומען די גיכע הילף און אָפּגעפירט זי אין שפּיטאָל. בייס מע האָט זי געטראָגן צו דער מאַשין, זײַנען די קעץ נאָכגעגאַנגען און האָבן ביטער געמיאַוקעט. און אַז די מאַשין איז אַוועק, זײַנען זיי א צײַט געשטאַנען צעטומלט. ס'האָט זיך געפילט, אַז זיי האָבן פאַרשטאַנען, וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט זייער באַלעבאָסטע. די קעץ האָט מען פאַרשפּאַרט אין צימער, און די שכיינים לויט א ריי האָבן זיי געקאָרמעט, הײַנט סאַראַ פרייד ס'איז געווען בא די קעץ, ווען די באַלעבאָסטע האָט זיך אומגעקערט פון שפּיטאָל. זיי האָבן געלאַשטשעט אַרום איר און געלעקט אירע הענט.

אָט די דאָזיקע נאַדעזשדאַ סטעפּאַנאָוונאַ איז איינמאָל גאַנצפרי געקומען צו ליזען, וועלכע איז געווען אינדערהיים, מאַכמעס זי האָט געאַרבעט אף דער צווייטער סמענע, און האָט איר אָנגעזאָגט א מעשונענע נײַעס:

— זאָג מיר, וואָס האָסטו פאַר אייסאָקים מיט די היגע ייִדישע פרויען, וואָס האַנדלען אין מאַרק מיט גרינוואַרג? איך מיין סימע און זעלדע.

— קיינע אייסאָקים. איך האָב קיינמאָל מיט זיי קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. פונוואַנען האָסטו גענומען, אַז איך האָב מיט זיי אייסאָקים?

— נעכטן אין אָוונט בין איך געזעסן אין סקווערל, וואָס לעבן אונדזער הויז, גייען זיי צו מיר צו מיט עפּעס א פּינטיפּליושקע, א הויכע, א בלאָנדע, שיין געקליידט. שווער אײַנשטעלן, צי זי איז פון זײַער נאַציע אָדער ניט. פרעגט בא מיר זעלדע: "ווי לאַנג וווינט יעליזאַוועטאַ מענטאָוואַ אין דער שטוב, וווּ איר געפינט זיך". זאָג איך זיי: "נו, אויב איך וועל אײַך זאָגן, אַז זי לעבט שוין דאָ א יאָר צוואַנציק, איז וואָס פון דעם געדרונגען?" "מיט דער צײַט וועט איר זיך דערוויסן, — ענטפערט זי מיר, — און טאָמער ניט, מאַכט אויך ניט אויס, צו אײַך האָט עס קיין שום שײַכעס ניט. זאָגט מיר בעסער, ווו אַרבעט זי?" "אין בעקערײַ, — ענטפער איך, און דאָ האָב איך באַמערקט, ווי די פרויען האָבן זיך איבערגעקוקט. איז עס מיר ניט געפעלן געוואָרן. וואָס אינטערעסירט זיי דײַן אַרבעט? עפּשער האָסטו זיי מיט עפּעס דערגאַזעט? ווילן זיי אָנשרײַבן אף דיר א זשאַלאָבע און איבערשיקן אף דער אַרבעט. דערהויפּט קאָרטשעט זיי, אַז מע רופט זיי אָן "זשידי". דאָס האַלטן זיי פאַר דער גרעסטער באַליידיקונג. קאָנסט זיי זידלען, ווי דו ווילסט טשערפּען זיי. נאָר פאַרן וואָרט "זשיד" זײַנען זיי גרייט צעפּראַסקען די צורע. זיי האָבן א סאַך געליטן אין מילכאָמע־צײַט. די פאַשיסטן פלעגן אומברענגען די ייִדן פון גרויס ביז קליין. בא אונדזערע לעקן זיי אויך ניט קיין האָניק. מע געטרויט זיי ניט. מע דערלאָזט זיי ניט אף הויכע שטעלעס. בא אונדז לעבן זיי דאָ פון קאַדמוינים. קיין שלעכטס האָט מען פון זיי ניט געזען. מענטשן, ווי אַלע. צווישן זיי טרעפן זיך אויך אָבאָרמאָטן, ווי צווישן אונדזערע. איז צווישן וועלכע פעלקער זײַנען זיי ניטאָ? וואָס שײַעך סימען און זעלדען, האָב איך ניט

געהערט, אַז מע זאָל אַף זיי ריידן שלעכטס. נאָר וואָס ווילן זיי פון דיר? הייב איך ניט אָן צו וויסן. עפּשער האָט זיי דײַן אַנאַטאָל מיט עפּעס דערגאַזעט, אָדער ווער פון דײַנע קינדער?

— איז וואָס פאַר אַ שײַכעס האָט עס צו דעם, וויפל יאָר לעב איך אין דער דירע און ווו אַרבעט איך?

דאָ האָט זיך נאַדעזשדאַ סטעפּאַנאָוונאַ פאַרטראַכט.

— טאַקע יאָ, — האָט זי באַשטימט, — איינס פּאַרט זיך ניט מיט דעם אַנדערן. נו, מײַלע. מיט דער צײַט וועסטו זיך דערוויסן. וואָרעם ניט אַנדערש, ווי זיי וועלן נאָך צו דיר זיך ווענדן. זיי האָבן געפרעגט, ווען ביסטו הײַנט אינדערהיים. האָב איך געענטפערט, אַז דו אַרבעטסט אַף דער צווייטער סמענע. טאָמער וועלן זיי זיך אַרטאַטשען, ווען זיי וועלן זײַן בא דיר, זאָלסטו מיך אַרײַנרופן, איך וועל דיך אין אָבידע ניט לאָזן.

און טאַקע, אין אַ שאָ אַרום זינט נאַדעזשדאַ סטעפּאַנאָוונאַ האָט פאַרלאָזן יעליזאַוועטען, האָט זיך דערהערט אַ קלונג באַם טיר.

יעליזאַוועטע האָט געעפנט. אַנטקעגן איר איז געשטאַנען אַן אומבאַקאַנטע פרוי. אַ הויכע, אַ בלאָנדע, שיין געקליידט. ניט אַנדערש, ווי דאָס איז די פּינטיפּליושקע, וועגן וועלכער די שכיינע האָט איר דערציילט.

— דאָ לעבט יעליזאַוועטאַ מענטאָוואַ? — האָט זי געפרעגט מיט אַן אָפּגערעגטער שטים. זי איז געווען אַף אַזויפיל צעטומלט, אַז זי האָט מאַמעש שווער געאָטעמט.

— נו, און אַז דאָ, איז וואָס? — האָט געענטפערט יעליזאַוועטע, אַרויסגייענדיק אין קאָרידאָר.

די פרוי האָט אויפמערקזאַם זיך אײַנגעקוקט אין יעליזאַוועטעס פּאָנעם און האָט אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב זי געוואָלט זען.

— נו, איז אָט בין איך טאַקע יעליזאַוועטע. איר קאָנט אַף מיר קוקן.

די פרוי האָט זיך אײַנגעגעסן אין איר מיט די אויגן, און די ליפּן אירע האָבן געציטערט. האָט ניט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסריידן.

— וואָס זײַט איר אַזוי אויפגערעגט? — האָט בא איר אַ פרעג געטאָן יעליזאַוועטע. — פרעגט, וואָס אינטערעסירט אײַך, וועל איך ענטפערן.

ווען די פרוי איז געקומען אַ קאַפּ צו־זיך, האָט זי געפרעגט:

— ערשטנס, וואָלט איך וועלן וויסן, צי האָט איר זיך דערצויגן אין קינדערהיים הינטער פּוכאָוויטשי?

איצט האָט יעליזאַוועטע פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז עפּעס זייער אַן ערנסטע זאַך, וואָס איז פאַרבונדן מיט איר קינדהייט. ניט אַנדערש, ווי די פרוי זוכט איר קינד, וואָס האָט זיך פאַרלאָרן אין צײַט פון דער מילכאָמע.

— וואָס שטייען מיר אין קאָרידאָר? — האָט יעליזאַוועטע אַ זאָג געטאָן. — בײַטע, קומט אַרײַן אין שטוב.

די פרוי איז ניט דרייסט אַרײַן און איז געבליבן שטיין בא דער טיר.

— זעצט זיך, — האָט יעליזאַוועטע איר אָנגעוויזן אַן אָרט באַם פענצטער.

די פרוי האָט זיך געהאָרכזאַם אוועקגעזעצט.

— יאָ, — האָט יעליזאַוועטע באַשטעטיקט, — איך בין טאַקע געווען אין יענעם קינדערהיים, נאָר אַ קליינע צײַט, פון דאָרטן האָט מען אונדז איבערגעפירט אין כאַרקאָוו.

— יאָ, יאָ, טאַקע אין כאַרקאָוו, — האָט באַשטעטיקט די פרוי.

— ניט אַנדערש, ווי איר זוכט עמעצן פון אונדזערע דערצויגלינגען. נו, איז עפּשער קאָנט איר מיר אָנרופן ווער עמען?

— ליזכע איז איר נאָמען. שטיינמאַן איז איר עמעסע פאַמיליע. זי איז מײַנע אַ לײַבלעכע שוועסטער

יעליזאוועטע האָט א ווײַלע א טראכט געטאָן און האָט געענטפערט:

— אזא געדענק איך עפּעס ניט.

— ווי אלט זײַט איר געווען, ווען מע האָט אײַך אָפּאַרמעט אין קינדערהיים?

— דרײַ יאָר. שפּעטער, ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך שוין געוווּסט אלעמען פון קינדערהיים. ליזכע איז ניט געווען.

— ליזכע איז עס אף דײַטש. אף רוסיש הייסט עס ליזע.

"אַהאַ, ווזהין זי צילט, — האָט א קלער געטאָן יעליזאוועטע, — ניט אומזיסט איז זי טאקע אזוי אופגערעגט. אויב אזוי, דארף מען ארײַנטראָגן א קלאָרקײַט, זי זאָל ניט בויען קיין שום איליוזיעס".

— אין ליזע איז געווען אין קינדערהיים, דאָס בין איך. און מײַן פאמיליע איז ניט שטיינמאן, נאָר לעסנאיא. מײַן טאטע האָט געהייסן איוואן. אומגעקומען אין צײַט פון דער מילכאָמע. וויאזוי, ווייס איך ניט. און די מאמע איז אומגעקומען אין דער בלאָקאדע. איך בין שוין אין יענער צײַט געווען עוואקויִרט אין האָמעל, וואָס איז געווען באפרײַט פון די דײַטשן פריִער, איידער גאנץ ווײַסרוסלאנד איז באפרײַט געוואָרן. נאָך דער מילכאָמע האָט מען אונדזער קינדערהיים איבערבאזירט הינטער פּוכאָוויטשי, נאָכדעם — אין כארקאָוו. אָט דאָס איז אלץ. ווי איר זעט, איך האָב צו אײַער שוועסטערל קיין שום שײַכעס ניט.

— ווי האָט געהייסן אייער מוטער?

— דאָס געדענק איך ניט.

— און ווער האָט אײַך אָפּגעגעבן אין קינדערהיים?

— דאָס געדענק איך אויך ניט.

— אויב אזוי, וועל איך אײַך בעאריכעס דערציילן, וויאזוי מײַן שוועסטערקע האָט געטראָפן אין קינדערהיים. איך הייס עלזע שטיימאן, א געבוירענע בין איך פון פראנקפורט. אין דײַטשלאנד איז דאָ אזא שטאָט.

— זײַט איר, הייסט עס, א דײַטשקע?

— ניין, א ייִדישקע.

— אויב אזוי, קאָן איך אײַך זאָגן, אז אין קינדערהיים זײַנען בא אונדז געווען צוויי ייִדישע ייִנגעלעך. קיין מיידעלעך זײַנען ניט געווען.

— מײַן שוועסטערקע איז פּינקטלעך געווען אין דעם קינדערהיים, און איצט הערט, וויאזוי זי האָט אהין געטראָפן. די דײַטשן האָבן אונדז שטארק גערודיפט. נאָך איידער די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן. ווען זיי האָבן אָקופּירט ווײַסרוסלאנד, האָט מען די ייִדן פון דײַטשלאנד איבערגעפּאטרייִרט אין מינסק אין א געטאָ. אונדזער מישפּאָכע האָט מען אויך אהין ארויסגעפירט. זאלבעפינפט זײַנען מיר געווען: דער טאטע, די מאמע און דרײַ קינדער — אלע מיידלעך. די עלטערע שוועסטער, איך און אן אייפּעלע צוויי יאָר אלט. ליזכע האָט זי געהייסן. זי איז געווען אונדזער ליבלינג. האָבן מיר זי געהיט, ווי די אויגן אין קאָפּ.

עלזע איז אנשוויגן געוואָרן. זי האָט ארויסגענומען א טיכעלע פון סומאָטשקע און האָט אָנגעהויבן ווישן די אויגן. א ביסל בארויִקט זיך, האָט זי פאָרגעזעצט:

— דער פאָטער און די מוטער זײַנען אומגעקומען אין געטאָ... אין ערשטן פּאָגראָם. האָב איך מיט דער עלטערער שוועסטער געשטעלט זיך א ציל — ארויסראטעווען זיך פון דעם דאָזיקן גענעם. טאָמער וועט זיך אונדז ניט אײַנגעבן, איז כאָטש ליזכען ווי־ניט־איז אָפּגעבן עמעצן פון די ניט־ייִדן, קעדיי זי זאָל בלײַבן לעבן. אזוי האָבן אונדז פארזאָגט די עלטערן.

אין דער צײַט, ווען מע פלעגט אונדז פירן אף דער ארבעט, האָבן אין געטאָ די עלטערע לײַט אכטונג געגעבן אף די קינדער. איז ליזכע אויך געווען צווישן זיי. ווען מיר פלעגן זיך אומקערן, פלעגן מיר ברענגען עפּעס פאר איר אף איבערבײַסן און נאָר מיט דעם האָט זי זיך גענערט.

צווישן די דײַטשישע אָפּיצערן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער ארבעט, איז געווען איינער פון פראנקפורט, האָט ער מיך מיט דער שוועסטער געשטעלט אף גרינגע ארבעט און האָט צוגעזאָגט, אז ער וועט אונדז ארויסראטעווען. אין הארצן האָט ער אויך פײַנט געהאט די פאשיסטן.

אין געטאָ האָט זיך מיט מיר באפרײַנדעט א מינסקער פרוי יעליזאוועטע פּאָנעם. זי האָט געהאט א פארבינדונג מיט די פארטיזאנער. קורץ גערעדט, אונדז האָט זיך אײַנגעגעבן אײַנריידן דעם אָפּיצער, ער זאָל אף א לאסטמאשין ארויספירן פון געטאָ א גרופּע יידן צוזאמען מיט אונדז, און מיר וועלן אלע צושטיין צו די פארטיזאנער. דאָס אנטלויפן האָט זיך אײַנגעגעבן. די עלטערע שוועסטער צוזאמען מיט ליזכען זײַנען געבליבן אין דאָרף, וואָס האָט זיך גערעכנט אלס פארטיזאנישע זאָנע, און מיך מיט שולצן האָט מען אף אן אעראָפּלאַן איבערגעטראנספּאָרטירט קיין מאָסקווע. מיט שולצן זײַנען זיך אונדזערע וועגן פאנאנדערגעגאנגען. ווי מע האָט מיר דערציילט, האָט מען אים דאן איבערגעוואָרפן אף אונטערערדישער ארבעט. איך בין איבערגעפאָרן קיין ביראָבידזשאן. כ'האָב דאָרטן כאסענע געהאט. פון דאָרטן זײַנען מיר איבערגעפאָרן קיין ראָסטאָוו, מיר האָבן אויסגעהאָדעוועט צוויי קינדער. ביידע שוין כאסענע געהאטע. מײַנע שוועסטער האָב איך געזוכט, האָט מען מיר געענטפערט, אז זיי זײַנען אומגעקומען אין בלאָקאדע, וואָס די דײַטשן האָבן דורכגעפירט קעגן די פארטיזאנער.

דאָ ניט לאנג האָט זיך מיר אײַנגעגעבן אויסגעפינען יעליזאוועטא פּאָנעם, וועלכע האָט אָרגאניזירט דאָס אנטלויפן פון געטאָ. לויט מײַן ביטע איז זי אוועקגעפאָרן אין דאָרף, ווו איך האָב איבערגעלאָזן מײַנע שוועסטער. דאָרט האָט זי זיך דערוווּסט, אז די עלטערע שוועסטער איז טאקע אומגעקומען אין בלאָקאדע, נאָר ליזכע האָט זיך פארהיט. אין צײַט פון דער בלאָקאדע האָט זי זיך געפונען אין האָמעל, וואָס איז שוין געווען באפרײַט פון די דײַטשן. אין א קינדערהיים איז זי דאָרטן געווען. ווען מע האָט פארטריבן די פאשיסטן פון גאנץ ווײַסרוסלאנד, האָט מען דעם קינדערהיים איבערגעפירט קיין פּוכאָוויטשי, נאָכדעם האָט מען זיי איבערגעפירט קיין כארקאָוו. בין איך אהין אוועקגעפאָרן, און כ'האָב זיך דערוווּסט, אז דער פּאַטערנאָמען און די פאמיליע זײַנען בא ליזען באדינגלעכע, ווײַל קיינער האָט ניט געוווּסט איר עמעסע פאמיליע און וויאזוי ס'האָט געהייסן איר פּאָטער. דאָרטן, אין כארקאָוו, האָב איך זיך דערוווּסט, אז ווען ליזע האָט פארלאָזן דעם קינדערהיים, האָט זי א צײַט געארבעט אלס טראקטאָריסטקע אין א סאָווירט. דאָרטן האָט זי כאסענע געהאט און איז מיטן מאן אריבערגעפאָרן קיין אסטראכאן.

— ס'קאָן ניט זײַן! — האָט איר איבערגעשלאָגן יעליזאוועטע. — איר זײַט ניט אפּן ריכטיקן וועג. קיינמאָל וועל איך ניט גלייבן, אז איך בין א ייִדישקע און אײַערע א שוועסטער. ווען ס'וואָלט געווען אזוי, וואָלט איך דאָך געוויס עפּעס פארגעדענקט פון יענער צײַט. גלייבט מיר אף נעמאָנעס, אז גאָרנישט געדענק איך ניט, אבסאָליוט ניט. איך האָב קיין שום אנונג ניט, אז אין דאָרף איז מיט מיר געווען אן עלטערע שוועסטער. ווען איך האָב געלעבט אין דאָרף, בין איך שוין מער פון דרײַ יאָר אלט געווען. ניט שוין זשע וואָלט איך ניט פארגעדענקט?

— וווּנדערט עס מיך טאקע. און עפּשער פאסט דיר ניט צו אנערקענען... — איז זי איבערגעגאנגען מיט איר אף דו. — זאָג דעם עמעס... איך וועל עס פארשטיין. נאָר איך בין זיכער, אז דו ביסט ליזכע... מײַן שוועסטער.

— ניין, ניין, עס קאָן ניט זײַן, ס'איז א טאָעס. איך האָב קיין שום געפיל צו דיר ניט. איך קאָן אײַך שווערן באם גאָט יעזוס.

זי איז צוגעגאנגען צום ווינקל, ווו ס'איז געהאנגען אן איקאָנע, און האָט זיך אָנגעהויבן צײלעמען.

— הער אויף! — האָט אָף איר א געשריי געטאָן עלזע. — באַ אונדז, ייִדן, איז עס ניט אָנגענומען בוקן זיך פאַר אַן אָפּגאָט און ציילעמען זיך. ס׳איז א גרויסע זינד. אונדזערע עלטערן זײַנען געווען פרומע און זײַנען געגאַנגען מיטן וועג פון טוירע.

— אַנטיכריסטן זײַנען געווען דײַנע עלטערן און איך האָב צו זיי קיין שײַכעס ניט. איר וועט מיך ניט אײַנרעדן. די, וואָס האָבן אײַך אָנגעוויזן אף מיר, האָבן געמיינט, אַז איך בין אײַער שוועסטער. נאָר ס׳איז א טאָעס. אַזוי אַז וואַרפט עס אַרויס פון געדאַנק. ניט אַנדערש, אַז איר האָט שוין אַלעמען דאָ צעפּויקט וועגן דעם, וועט מען מיינען, אַז ס׳איז אָן עמעס, אַז איך באַהאַלט אויס וועגן מײַן ייִדישן אָפּשטאַם. דער פּלעק וועט פאַלן אף מײַנע קינדער אויך.

זי האָט זיך צעוויינט מיט ביטערע טרערן, און גלײַך האָט עלזע באַמערקט, אַז אין דער לאַגע איז זי זייער ענלעך אף דער מאַמען. די טרערן ווישט זי מיטן גראָבן פינגער פון אויבן אף אַראָפּ און דערבײַ קרימט זי מיט די ליפּן. די מאַמע פלעג אויך אַזוי וויינען. און די בלאָנדע האָר זײַנען באַ איר אויך געקרויזט ווי באַ דער מוטער און די שטים אירע איז פּונקט ווי באַ דער מומע פראַדע. אָבער גיי איבערצײַג זי וועגן דעם. דאָך דאַרף מען פאַרשטיין איר לאַגע אויך. איר איז דאָך קיינמאָל אפן געדאַנק ניט געקומען, אַז זי איז א ייִדישקע. און דערצו איז זי נאָך א גלויביקע און האָט שוין אָפּגעלעבט דאָס מערסטע העלפט לעבן. גוט, וואָס זי לעבט כאָטש און איז פאַראַן אף דער וועלט. אויסגעפּילט דעם פאַרלאַנג פון די עלטערן. אַרויסגעראַטעוועט זי פון מאַלכאַמאָוועס. אָבער ווי וואָלטן עס אויפגענומען די עלטערן, דערהויפּט דער טאַטע? אַיין קליינינקײַט, אַן אייניקל פון א ראָוו. נו, מיילע... אַבי זי לעבט...

— ערגערט זיך ניט, — האָט עלזע געזאָגט מיט א ווײַנערדיקן קאָל. — מיסטאָמע זײַט איר גערעכט. לעבט זיך אײַך, ווי איר פאַרשטייט. מער וועל איך אײַך ניט שטערן, און די פּרוּוען וועל איך זאָגן, איך האָב א טאָעס געהאַט. אַזוי אַז גאָרנישט וועט אײַך ניט שאַטן.

זי האָט פון האַלדז אַראָפּגעכאַפּט איר גאָלדענעם מעדאַליאָן, אַרײַנגעשאַפּט ליזען אין האַנט און א זאָג געטאָן:

— איר האָט עס פאַרדינט אפילע צוליב דעם, וואָס די עטלעכע טעג, בייס איך האָב זיך געריכט, אַז איך וועל זיך טרעפן מיט מײַן שוועסטער, בין איך גליקלעך געווען.

באַ די ווערטער איז זי גלײַך נעלעם געוואָרן פון שטוב, ווי ניט געווען.

די צוויי ווײַבער, מיט וועלכע זי האָט זיך דאָ באַקענט, האָבן געוואַרט אף איר אין סקווער.

— ס׳איז ניט זי, — האָט עלזע א זאָג געטאָן, ווישנדיק די טרערן.

— נו, איז מיילע. וועט איר זי אויסגעפינען אין אַן אַנדער אָרט. דעריקער ניט פאַרלירן די האָפענונג.

— מער וועל איך זי ניט זוכן.

— אויך גערעכט, — האָט זיך אָפּגערופן זעלדע, — ווו וועט איר זי געפינען נאָך אַזא מעהומע? אַזויפיל יאָרן דורך, ווער ווייסט, צי זי איז פאַראַנען אף דער וועלט? און אויב זי איז פאַראַן, לעבט זי ערגעץ אין אויסלאַנד.

עלזע האָט באַדאַנקט די ווײַבער פאַר דער טירכע, האָט זיך מיט זיי אָפּגעזעגנט און איז מיטן לײַנער אָפּגעפלויגן קיין ראַסטאָוו.

באַנאַכט איז זי שוין געווען אינדערהיים.

— אַזוי גיך זיך אומגעקערט? — האָט צו איר דער מאַן געטײַנעט. — ווי איך זע לויט דײַן פּאָנעם, מיט א ווייניקלעך געווינס: צי דו האָסט זי ניט אָפּגעפונען, צי מיט דיר האָט זיך עפּעס געטראָפן דאָרטן?

ווען זי איז געקומען צו־זיך און א ביסל זיך באַרויקט, האָט זי בעאַריכעס דערציילט, וויאַזוי איז פאָרגעקומען איר באַגעגעניש מיט דער שוועסטער.

— נו, מיילע. דארפסט זײַן צופרידן, וואָס זי לעבט כאָטש, — האָט ער געזאָגט, — דאָס איז דער איקער. אזוי, אז דארפסט זיך ניט ערגערן.

דאָך האָט עלזע א לאנגע צײַט ניט געקאָנט זיך בארויִקן. ערשטנס, וואָס איר שוועסטער איז זיך מיט איר אזוי שלעכט באגאנגען. צווייטנס, האָט איר געקאָרטשעט, וואָס זי האָט די שוועסטער שטארק צעבודאָראַזשעט. און ווער ווייסט, אין וואָס פאר א צושטאנד זי געפינט זיך איצט. בעסער וואָלט געווען, ווען זי וואָלט פון גאָרנישט געוווּסט און וואָלט געלעבט שטיל, רויִק ווי ביז איצט.

אף עלזען האָט די באַגעגעניש אזוי געווירקט, אז ס'איז געווען ניט צו דערקענען זי. ווו איז אהינגעקומען איר דרייסטקײַט, איר געפיל צו הומאָר? און די ציִונג צו טעאטער און קינאָ? אפילע בא דער ארבעט פארטראכט זי זיך אָפטמאָל און קאָן אזוי אָפּזיצן א צײַט. מע האָט געפילט, אז עפּעס איז פּאָרגעקומען אין איר לעבן און קיינער האָט ניט געוווּסט וואָס, ווײַל זי האָט זיך מיט קיינעם ניט געטיילט וועגן איר באַגעגעניש מיט דער שוועסטער.

דער מאן זעט, אז זי גייט מאמעש אויס, ווי א ליכט. איז בא אים אופגעשווומען א פּלאַן.

— ווייסטו וואָס? עס דערנעענטערט זיך דער גרויסער יאָמטעוו. פיר פרײַע טעג וועלן מיר האָבן. מאכמעס די יאָמטויוויִם־טעג פאלן אויס אף מאָנטיק און דינסטיק און פאר דעם גייען צוויי אָפּרו־טעג, שאבעס און זונטיק, איז לאָמיר ביידע א פלי טאָן קיין אסטראכאַן. האָסט דאָך, מיסטאָמע, פארגעדענקט די שטוב, ווו זי לעבט, וועלן מיר צוהיטן, ווען זי וועט פון דאָרטן ארויס, וועסטו זי כאָטש זען פונדערווײַט, וועט דיר אויך גרינגער ווערן אפן הארצן. אויב דו וועסט וועלן, וועל איך צו איר צוגיין און פרוּוון פארפירן מיט איר א שמועס. גלאַט אזוי זיך.

— ניין, ניין! בעשום־אויפן ניט! איך וועל אליין צופאָרן, איך וועל זי נאָר זען, וועל איך רויִק ווערן. וואָרעם ווער ווייסט, אין וואָס פאר א לאגע זי געפינט זיך נאָך אונדזער באַגעגעניש!

און אזוי איז טאקע געבליבן.

געקומען איז זי אין אסטראכאַן אינדערפרי. ס'איז געווען א קילבלעכער זוניקער טאָג. עלזע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין האָטעל, אפגיך אָפּגעפרישטיקט, פארכאַפּט מיט זיך א פּעקעלע און איז אוועק. זי האָט אויסגעפונען דאָס סקווערל, וואָס געפינט זיך אנטקעגן דעם הויז, ווו ס'האָט געלעבט איר שוועסטער.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט אף א באנק, פונוואנען מע זעט גוט דעם ארײַנגאנג אין הויז.

אין מעשעך פון א האלבער שאָ איז קיינער פון שטוב ניט ארויס, ארײַנגעגאנגען זײַנען צוויי יונגעלײַט. ווער ווייסט, עפּשער איינער פון זיי איז איר זון, עלזע האָט געוווּסט, אז בא איר שוועסטער זײַנען פאראן צוויי דערוואקסענע קינדער. א זון מיט א טאָכטער. נאָכדעם איז פון שטוב ארויס אן אלטער מאן, אָנגעשפּארט אף א שטעקן, און האָט פארקערעוועט אף רעכטס.

פלוצלינג האָט זי דערזען ליזען, נאָר ניט דאָרטן, פונוואנען זי האָט געוואָרט. זי איז געגאנגען צום סקווערל פון דער פארקערטער ריכטונג. ניט אנדערש, ווי פון קלויסטער. ס'איז דאָך זונטיק, ליזע איז געווען באפוצט. דער קאָפּ באדעקט מיט א שאַל. עלזע האָט זיך א הייב געטאָן פון אָרט, נאָר גלײַך זיך ווידער אוועקגעזעצט.

מיטאמאָל האָט ליזע מעכאניש א קער געטאָן דעם קאָפּ צו דער באנק, ווו ס'איז געזעסן עלזע, און איז געבליבן שטיין, ווי א געליימטע. עלזען האָט זיך א וואָרף געטאָן אין די אויגן — אף איר שוועסטערס האלדז דער גאָלדענער מעדאליאָן, וואָס זי האָט איר געשענקט. טרערן זײַנען בא איר אָנגעלאָפן אין די אויגן, נאָר זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, שטארק האלטנדיק זיך פאר דער באנק. נאָר ווען ליזע האָט געמאכט צו איר דעם ערשטן טראָט, האָט זיך עלזע אופגעהויבן פון אָרט. די שוועסטער האָבן זיך שטארק ארומגענומען, האָבן זיך צעוויינט הויך אפן קאָל.

— כ׳האָב געוווּסט... כ׳האָב געוווּסט, אַז אַזוי וועט זײַן, — האָט עלזע געטרײַסט. פאַרבײַגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן.

— לייג קיין אַכט ניט. — האָט געטרײַסט ליזע. — איך האָב געוואָלט צו דיר קומען, נאָר קיין אַנדערש האָסטו ניט איבערגעלאָזן ניט מיר, ניט די צוויי פרויען, מיט וועלכע דו האָסט זיך באַקאַנט. און צו דעם האָב איך ניט געוווּסט, ווי איז דײַן איצטיקע פאַמיליע.

— לאָמיר גיין אין רעסטאָראַן, — האָט פאָרגעלייגט עלזע.

— וואָס עפּעס אין רעסטאָראַן? איך האָב דען קיין היים ניט?

— און דער מאַן?

— טאָליע? ער ווייסט שוין אַלץ. ער זשוזשעט מיר די גאַנצע צײַט, פאַרוואָס בין איך זיך מיט דיר אַזוי באַגאַנגען. פאַר מיר איז עס געווען אַזוי אומגעריכט. כ׳האָב ניט געקאָנט צוגעוווינען זיך מיטן געדאַנק. און ווען דו ביסט אַוועקגעפאָרן, פלעג איך אין די נעכט סטאַרען זיך דערמאָנען. און ס׳האָט זיך טאַקע פאַרגעדענקט, ווי פרויען פלעגן אונדז, קינדער, באַהאַלטן און ניט לאָזן אין גאַס אַרויסגיין. ס׳האָט זיך דערמאָנט, ווי מיר זײַנען געפאָרן אין אַ מאַשין, און אַ פרוי האָט מיך געהאַלטן אויף די הענט און געטרײַסט צום שאָפער: "גיכער! גיכער!"

— יאָ, יאָ, אַזוי איז עס טאַקע געווען. דאָס האָב איך דיר געהאַלטן אויף די הענט. כ׳בין אַזוי אויפגערעגט געווען. יעדער מינוט האָט זיך געצויגן, ווי אַ שאָ.

— און וווּ זײַנען מעקאַבער געוואָרן אונדזערע עלטערן? — האָט געפרעגט ליזע.

— הינטער מינסק. דאָרט ליגן פיל דײַטשישע ייִדן. מיר זײַנען, מעגלעך, די איינציקע, וואָס זײַנען ניצל געוואָרן פון דער דאָזיקער האַריגע.

און דאָ איז ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן די שכײנע נאַדעזשדאַ סטעפּאַנאָוונאַ. זי האָט געטראָגן אין אַ צעלאָפאַנאָוון זעקל פיש, וואָס זי האָט אײַנגעקויפט פאַר די קעץ.

— איר געדענקט, ווי איר האָט מיר דערציילט, אַז צוויי ייִדישקעס מיט עפּעס אַ פינטיפּליושקע האָבן זיך נאָכגעפרעגט נאָך מיר, — האָט זיך צו איר געווענדט ליזע, — איז אָט די פינטיפּליושקע איז מײַנע אַ לײַבלעכע שוועסטער.

— וואָס פאַר אַ פינטיפּליושקע איז זי? ס׳איז דאָן גלאַט אַזוי געווען געזאָגט. ווײַל איך האָב ניט געוווּסט, ווער זי איז און ווי זי הייסט. אַזאַ קראַסאַוויצע. און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז דײַנע אַ שוועסטער. זע, אַז דײַן טאָליע זאָל זיך אין איר ניט פאַרליבן. אינטערעסאַנט, וויאַזוי האָט זי דיך אַרויסגעפונען?

— כ׳וועל אײַך אַן אַנדערש מאָל דערציילן.

— אויב אַזוי, וועל איך אײַך ניט שטערן.

— איין מאָמענט, — האָט זיך ליזע געווענדט צו דער שכײנע, — אָבער איר ווייסט, אַז מײַן שוועסטער איז דאָך אַ ייִדישקע.

— נו, איז וואָס דרינגט פון דעם אַרויס?

— אַז איך בין אויך.

— איך מיין, אַז אַנדערש, ווי דו ביסט, וועסטו פון דעם ניט ווערן.

— אָבער איך גיי דאָך אין קלויסטער.

— וועסטו גיין אין דער ייִדישער מאָלעלנע. גאָט איז איינער. בלויז די וועגן צו אים זײַנען פאַרשיידענע.

ס׳איז אַדורך ווינטער מיט שנייען און פראָסט. און אין פרילינג דעם נײַנטן מײַ זײַנען צום פאַרוואַקסענעם מיט גראָז קייווער הינטער מינסק, ווו ס׳זײַנען באַערדיקט די דײַטשישע ייִדן, געקומען די צוויי ניצל געוואָרענע שוועסטער מיט זייערע מישפּאָכעס און האָבן געלייגט בלומען אויפן קייווער, ווו ס׳זײַנען באַערדיקט די שוועסטערס עלטערן, פרײַנט און באַקאַנטע.

---

# א טאָג נאָך דער כאסענע...

שאבעס, דעם 21 יון 1941, האָבן פריידע און גערשן לערמאַן געפּראַוועט א כאסענע זייער ניַינצניאָריקער טאָכטער סוסאַנען. איידער די געסט וועלן זיך צונויפזאַמלען זיינען די קאַלע מיט איר כאָסן ליאָווע געזעסן אין אַלקער, זיך געשפּיגלט איינס מיטן אַנדערן, גערעדט און גערעדט. פאַרשטייט זיך, וועגן הייסער ליבע, וועגן געטריַישאַפט, וועגן גרייטקייַט אָפּצוגעבן איינער דעם אַנדערן די נשאָמע.

סוסאַנע האָט זיך געלערנט אין אינסטיטוט פון איסלענדישע שפּראַכן, ליאָווע האָט פאַרענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט, שוין געווען קימאַט א דאָקטער.

...ווען כאָסן־קאַלע האָבן דערהערט, אַז די געסט קומען זיך שוין צונויף, האָט סוסאַנע אים געזאָגט:

— די מאַמע האָט דאָך אונדז געהייסן באַגעגענען די געסט, קום, ליאָווע!

## די געסט קומען זיך צונויף

אין דעם גרויסן ליכטיקן צימער איז אויף די טישן געווען אָנגעשטעלט קיבעד פון קאָל האמינים שעהו. דער קאַלעס מאַמע, א צעראַשטע, מיט א פאַרפּלאַמטן פּאָנעם, האָט מיט אויפגערעגטע אויגן איַיליק געקאָמאַנדעוועט מיט אירע באַהעלפערנס.

סוסאַנע און ליאָווע האָבן ליבלעך באַגעגנט און באַגריסט די פאַרבעטענע געסט, מיט דאַנקבאַרקייַט גענומען פון זייערע הענט די מאַטאָנעס.

סאָליד שפּאַנענדיק, האָט זיך אַריַינגעשאַרט רעב יאַנקעוו, א שווערלייַביקער ייִד פון א יאָר זעכציק אין א געמיינעם צעקנייטשטן אָנצוג. ניט אָפּוועַנדנדיק די אויסגעגלאָצטע אויגן פון דעם שיין סערווירטן טיש, האָט ער מיַיסע היימישער מענטש א פּאַטש געטאָן צו דער באַלעבאָסטע:

— פריידעלע! דיַינע געפילטע פיש שמעקן אַזש ביז צום זעקסטן פּאָדיעזד, גאָט זאָל מיר אַזוי האַצלאָכע געבן! סוסאַנעטשקע, אַנו, באַקען מיך נאָר מיט דיַין באַשערטן, — האָט ער גוטמוטיק א פּיר געטאָן מיט די אויגן אויף ליאָווען. סוסאַנע האָט אים פאָרגעשטעלט איר כאָסן.

רעב יאַנקעוו האָט פאַרלייגט דעם קאָפּ אויף א זיַיט, מיט אינטערעס באַטראַכט ליאָווען. דערלאַנגענדיק אים די האַנט, האָט ער סאָליד זיך פאָרגעשטעלט:

— יאַקאָוו פּוקס! אויף פּאָשעטע ייִדיש הייס איך יאַנקל. איר זיַיט, ליאָווע, בעפיירעש טאַקע א שיינער כאָסן, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן! מיר דוכט זיך, ליאָווע, אַז איר כאַפּט דעם אָנבליק פון מענאַשע דעם שניַידערס א זון. איר וווינט אין דריטן פּאָדיעזד? ניין? האָב איך שוין ווידער זיך טויע געווען. מיילע! ס'איז באַ איַיך באַפּיירעש אַן אינטעליגענטנע פּאָנעם, ליאָווע. וואָס זיַיט איר, א פאַבריקמאַכער צי א פאָטאָגראַף?

— ניט קיין פאַבריקמאַכער און ניט קיין פאָטאָגראַף, — האָט ליאָווע גוטמוטיק געלאַכט.

— נו, האָב איך שוין ווידער א טאָעס געהאַט. איז נאָכאַמאָל מיילע!...

פאַרויס שאַרנדיק מיטן שטעקן, איז פּאַמעלעך אַרײַנגעקומען סוסאָנעס פּאַטער מוישע "מיראַזש", ער האָט באַגריסט סוסאָנען און ליאָוען, אָפּגעגעבן זײַן מאַטאָנע און איז צוגעגאַן צו רעב יאַנקעוון.

— א־א, מוישע! — האָט רעב יאַנקעוו אים האָפערדיק באַגעגנט, — פאַרוואָס זעט מען אײַך ניט עפּעס?

— דערפאַר, ווײַל פון זינט כ'האָב באַקומען אין די אויגן דעם מיראַזש, גיי איך זעלטן אַרויס פון דער שטוב.

אַרום די צוויי ייִדן האָבן זיך צונויפגעקליבן געסט.

— אין די אויגן א מיראַזש? — האָט זיך אָנגערופן א באַיאָרטע ייִדענע. — און איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז אײַער פאַמיליע איז מיראַזש.

— דער קלערט מיר אָבער, מוישע, וואָס איז דאָס, נעבעך, פאַר א כּאַלאַס אין אײַערע אויגן? — האָט רעב יאַנקעוו אויסגעפּאָנפּעט.

— וואָס פאַר א כּאַלאַס, פרעגט איר? — האָט מוישע אים באַטאַפּט מיט די אויסגעצויגענע הענט די ברוסט. — אָט קוק איך אָף אײַך, און פאַר מײַנע אויגן שווינדלען צוויי יאַנקלען, מיט צוויי פּענעמער, מיט פיר אויגן, צוויי נעזער און צוויי מײַלער. טו איך א פּינטל מיט די אויגן — פאַרגייט דער מיראַזש. פון די צוויי יאַנקלען ווערט צוריק איין יאַנקל. אין א רעגע אַרום — ווידער צוויי יאַנקלען...

— באַהיט גאָט! — האָט זיך אָנגערופן די ייִדענע. — צוויי נעזער, צוויי מײַלער און וואָס נאָך איז בא אים צוויי?..

די געסט האָבן זיך פריילעך צעלאַכט.

מוישע האָט פאָרגעזעצט:

— די אויגן־דאָקטערשע האָט מיך גוט באַטראַכט און געפּאַסקנט: "ס'איז בא אײַך אַן אויגן־קרענק אָף דער נערוונע פּאַטשווע". פרעג איך בא איר — עס שווינדלט מיר אין די אויגן דערפאַר, וואָס ס'איז בא מיר א נערוונע פּאַטשקע? לאַכט זי. "ווער האָט אײַך דען געזאָגט א נערוונע פּאַטשקע? איך האָב דאָך געזאָגט: אָף דער נערוונע פּאַטשווע. ניט די נירן, נאָר די געהירן זײַנען בא אײַך קראַנק געוואָרן". ווען די דאָקטערשע האָט מיר מיט צוויי מײַלער דאָס געזאָגט, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, אַז מײַנע געהירן זײַנען אַראָפּ פון דער ספּאָנטאַליקע. נאָר די גרעסטע צאָרעס האָב איך פון מײַן ווײַב. אַזויפיל יאָרן האָט זי אָף מיר געשריגן מיט איין מויל, איצט שרײַט זי שוין אָף מיר מיט צוויי מײַלער!..

זײַנע ווערטער האָבן אַרויסגערופן בא די געסט א פריילעכן געלעכטער, און מוישע האָט אויך א קאַרגן כּיכיקע געטאָן.

רעב יאַנקעוו האָט אַן ערנסטן פּאָנעם געטאָן:

— אַז דעם ייִסבאָרעך האַשעם פאַרגלוסט זיך עמעצן אַראָפּפירן פון דער ספּאָנטאַליקע, שיקט ער אָף אים אַן א מיראַזש אין די אויגן. ניט אומזיסט זאָגט דאָך דער פּאָסעק: "וואהי האיומים"...

באַם טיש האָט די באָבע נעכע גײַציק געקוקט אָף די געשמאַקע מײַכאָלים, — זיך פאַרמאָסטן מיט די אויגן אָף די געפילטע פיש. זי האָט אומגעדולדיק אויסגעפּרעפּלט:

— יאַנקל! זאָל שוין זײַן ווייניקער מיט א פּאָסעק, פאַרצי ניט דעם מאָלצײַט.

די געסט האָבן ווידער זיך צעלאַכט. נאָר רעב יאַנקעוון האָבן דער אַלטער נעכעס ווערטער באַליידיקט:

— אַז איך רעד, האָב איך מעסוקן פײַנט, ווען מע שלאָגט מיך נאָכאַלנע איבער.

— אַז ער רעדט! א קלייניקײַט, די קאַץ וואַשט זיך! — האָט די באָבע נעכע זיך שפּאָטיש פאַרקרימט. — פריידעלע, צײַט צו פאַרבעטן די געסט צום טיש. ס'איז זיי שוין, נעבעך, אומעטיק אין מויל!..

— אוואדע צײַט די ליבע געסט צום טיש, — האָט די מעכוטענעסטע געשמייכלט מיט די צעטומלטע אויגן. — טײַערע אָרכים, מאכעטייסע, זעצט זיך צו די טישן און געניסט פון די געשמאקע מײַכאָלים. דערקוויקט זיך די נעשאָמעס. דער טאמאדא וועט זײַן רעב יאנקעוו!

רעב יאנקעוו האָט א באפעלערישן ווונק געטאָן צו די קלעזמער.

די קאפעלע האָט פון אלע קיילים א ראשיקן שפיל געטאָן א פריילעכן וויוואט.

די מעכוטאָנים און די אונטערפירער האָבן ארויסגעפירט דאָס שײַנענדיקע גליקלעכע פּאָר, זיי באזעצט איבנאָן. דער אילעם האָט פריילעך געראשט, ווארפנדיק פארינטערעסירטע בליקן צו די טישן מיט דעם אָנגעשטעלטן קיבעד און מאשקע.

רעב יאנקעוו האָט זיך אוועקגעשטעלט לעבן כאָסן־קאלע, א פאָך געטאָן מיט דער האנט צו די קלעזמער, זיי זאָלן דערווײַל אופהערן שפּילן.

ווען ס'איז שטיל געוואָרן און אלע בליקן האָבן זיך געווענדט צו רעב יאנקעוון, האָט ער אָנגעשטעלט זײַנע אויסגעבײַלטע אויגן אין ווײַטע רוימען, און מיט זעלבסטווירדע אויסגעפּאָפּעט:

— כאָשעווע, הויכגעשעצטע ראבויסײַ! אין דער געמאָרע זאָגט דער לאמדן: "דעם מענטשנס געזיכט איז א שפּיגל פון זײַן נעשאָמע". טוט זשע, כ'בעט אײַך, א קוק אף סוסאנעס און ליאָוועס ליכטיקע פּנעמער, וועט איר, כ'לעבן, אין זיי דערזען זייערע בענימעסדיקע, קאָשערע נעשאָמעס! ווען מיר טאקע צווינטשן דעם גליקלעכן פּאָר און זייערע עלטערן, אז זייער מאזל און האצלאָכע זאָלן אזוי שײַנען, ווי עס לײַכטן זייערע שיינע פּנעמער! איז אין א גוטער, גליקלעכער שאָ, און לעכאַים, ראבויסײַ! קלעזמאָרימלעך, — א שיינעס, פײַנעס מאזלטאָוו פאר כאָסן־קאלע!

די קאפעלע האט א זעץ געטאָן אף אלע קיילים, און די געסט האָבן זיך גענומען פאר די מײַכאָלים און פאר דער מאשקע.

און בעשאס די געסט האָבן געניסן פון די געשמאקע מײַכאָלים און די קלעזמער האָבן זיי צוגעשפּילט א פריילעכס, איז צוגעפאלן די נאכט פון דעם 21־טן אפן 22־טן יון 1941...

אין דער זעלבער נאכט איז צו אונדזער גרענעץ געקראָכן א דײַטשישער סערזשאנט, דער נײַנצניאָריקער ארטור כאטענכובער. שטעלנדיק אין קאָן זײַן לעבן, האָט ער געײַלט צו אונזערע גרענעצלער, קעדיי זיי וואָרענען, אז לויט היטלערס באפעל וועלן די פאשיסטישע כאיאָלעס אָנפאלן אף די אוקראַינישע און בײַבאלטישע שטעט פיר אזייגער אינדערפרי דעם 22 יון...

— שפּילט, קלעזמאָרימלעך! א פריילעכס כאָסן־קאלע! — האָט רעב יאנקעוו געגלאָצט די בעגילופנדיקע אויגן. — שפּילט פּאר... פּאר... — האָט ער שלאבעריק געפּאָפּעט, — פאר שאָלעם אף דער וועלט!... טאנצט, ייִדן! זאָלן ייִדן זיך פרייען בעשאָלעם! זאָלן ייִדן...

די כאסענע איז אײַנגעשטילט געוואָרן בא דרײַ אזייגער באנאכט. ווען די געסט זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען, זײַנען סוסאנע און ליאָווע צוגעפאלן איינער צום אנדערן, זיך פארקלעמט אין די אָרעמס. פארציטערטע פון דאָרשטיקער לײַדנשאפט, האָבן זיי זיך פארגעסן אין א לאנגדויערנדיקן קוש. מיט אן אופגעטרייסלט הארץ פון הייסן פארלאנג האָט ליאָווע שווײַגנדיק געקוקט אין סוסאנעס אויגן...

ס'איז שטיל ארײַנגעקומען סוסאנעס מאמע. ניט וועלנדיק צעשטערן זייער גליק, האָט זי געווארט, ביז זיי וועלן קומען צו־זיך.

— קינדער, גייט אין אײַער אלקער שלאָפן, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב שוין אויסגעבעט אײַער געלעגער.

דעם 22 יון בא 11 אזייגער באטאָג זײַנען זיך ווידער צונויפגעקומען די געסט און די קלעזמער. קיינער האָט נאָך ניט געוווּסט, אז די פאשיסטישע פעכאָטע און די טאנקען האָבן שוין געטאָפּטשעט די ברענענדיקע אוקראַינישע ערד.

געקאָמאַנדעוועט מיט דער סימכע האָט ווידער רעב יאַנקעוו. פון אויבנאָן זײַנען ווידער געזעסן סוסאַנע און ליאָווע. צי האָט דאָס גליקלעכע פּאָרפּאָלק זיך געקאָנט פּאָרשטעלן, אַז זייער ערשטע האַלבע נאַכט וועט זײַן די לעצטע אין זייער לעבן?.. צי האָבן די פרייִלעכע געסט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז בעשאַס זיי הוליען אַף דער כאַסענע אין מאַרינע ראָשטשע האָבן שוין די פּאַשיסטישע טאַנקען פּאַרכאַפּט אונדזערע שטעט, אַז די פּאַשיסטישע אַוויִאַציע האָט שוין באָמבאַרדירט קיִעוו, ריגע און אַנדערע שטעט, אַז עס זײַנען שוין דאָ אַ סאַך האַרוגים, שלאָפנדיקע אין די בעטן מענטשן, קינדער אין די וויגן?..

— שפּילט, קלעזמאָרימלעך! — האָט רעב יאַנקעוו צו זיי געפּאָפּעט. — שפּילט אַ שיינעס מאַזלטאָוו! פּאַר שאָלעם אַף דער וועלט! זאָלן ייִדן פּרייִלעך זײַן!..

פּלוצעם האָט דורך דעם ראַדיאָ־אָפּנעמער זיך דערהערט לעוויטאַנס אומרויִקע שטים:

— אַכטונג! אַכטונג! עס רעדט מאָסקווע!.. עס זײַנען אײַנגעשלאָסן אַלע ראַדיאָסטאַנציעס פונעם סאָוועטנפּאַרבאַנד! מיט אַ וויכטיקער מעלוכישער ווענדונג וועט אַרויסטרעטן דער אויסערן־מיניסטער פון סאָוועטנפּאַרבאַנד וויאַטשעסלאַוו מיכײַלאָוויטש מאָלאָטאָוו! ...מילכאָמע!!!

מיט פּאַרשטיינערטע פּנעמער האָבן די נאָרוואָס טאַנצנדיקע געסט אויסגעהערט די פּינצטערע בסורע. די איבערגעריסענע כאַסענע האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז איבערגעריסן האָט זיך אַלעמענס לעבן, אַז אַלע מענטשלעכע פּרינציפּן, אַמביציעס האָבן אָנגעווירן זייער זין און באַדײַטונג, אַז אַף דער מענטשהײַט האָט זיך אָנגערוקט אַ גוואַלדיקער אומגליק! אַלעמענס לעבן איז געשטעלט געוואָרן אין קאָן.

ניט געזעגענענדיק זיך, זײַנען די געסט און די קלעזמער זיך פּאַנאַנדערגעגאַן.

סוסאַנע און ליאָווע האָבן זיך אַרומגענומען. ס'האָט געדאַרפט דויערן עטלעכע לאַנגע מינוטן, ביז צו זייערע דערשיטערטע הערצער איז דערגאַנגען דער שרעקלעכער געדאַנק: "די מילכאָמע צעשיידט זיי אַ טאָג נאָך זייער כאַסענע!"

ליאָווע אַלס דאָקטער איז מעכויִעוו דעם ערשטן מילכאָמע־טאָג זיך יאַווען אין וואָיענקאָמאַט. נו, און סוסאַנע? סוסאַנע לערנט זיך אין אַ ספּעציִעלער מיליטערישער שול. אין פּאַל פון אַ מילכאָמע איז זי מעכויִעוו קומען צו איר שעף אין מעשעך פון דרײַ שאָ. אַזוי־וי סוסאַנען איז שוין געבליבן ווייניק צײַט זיך צו געזעגענען מיט ליאָווען און מיט אירע עלטערן, וועלן מיר זי איבערלאָזן מיט אירע נאָענטסטע און באַקאַנען דעם לייענער מיט אַ נײַעם געשטאַלט.

זי הייסט אַנאַ וואַסיליעוונאַ אַנאַניעוואַ. די פרוי האָט מיר דערציילט, אַז פּאַר דער מילכאָמע האָט זי זיך געלערנט מיט סוסאַנען אַף איין קורס אין דער ספּעציִעלער מיליטערישער שול און מיר ביידע האָבן ניט געוווּסט, אַז זי דערציילט מיר דעם סיוזשעט פון דער דאָזיקער דערציילונג.

— איז אָט, — האָט זיך איר איידל פּאָנעם פּאַרכמורעט. און ווי אַן אינערלעכער שטויס וואָלט איבערגעריסן אירע רייד, איז זי אַף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן. אירע אויגן האָבן זיך פּאַרטראָגן אין אַן אַנדער לעבן, איבערן אָנגעשטרענגטן פּאָנעם זײַנען אופגעגאַן שווערע דערמאָנונגען.

— איצט מעג מען שוין וועגן דעם דערציילן, אָבער דעמלט... — האָט זי פּאָרגעזעצט, — סוסאַנע איז, ווי איך, געווען פון די קנאַפּ געציילטע, וועמענס נעמען און ביִאָגראַפיעס זײַנען געווען אַרײַנגעפירט אין אַ קאַרטאָטעק, וועלכע האָט זיך געהיט אונטער זיבן שלעסער אין די סעקרעטנע סייפן אין דעם העכסטן עשעלאָן פון אונדזער קאָנטער־אויסשפּירונג. נאָך דעם פּאַרענדיקן דעם דריטן קורס, ווו מיר האָבן גרינטלעך באַהערשט די דײַטשישע שפּראַך, האָט מען אונדז איבערגעפירט אין דער ספּעציִעלער מיליטערישער שול פון דער קאָנטער־אויסשפּירונג. אייגנטלעך גערעדט, זײַנען מיר שוין געווען אין דער געהיימער קאַרטאָטעק נאָך פון דעם ערשטן קורס. נאָר דרײַ יאָר האָט מען זיך צו אונדז "צוגעקוקט".

אף דער געפערלעכער, אָבער ראָמאַנטישער פּראָפעסיע זײַנען מיר, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געגאַן פרײַוויליק און מיט א שטאָלצער אַטשלאָסנקײַט אין הארצן.

סוסאַנע איז געווען א זעלטענע שיינהײַט. אין דער קאָנטר־איסשפּירונג גרייט מען אזעלכע אלס "פּאַרנאַרערנס"... אף אונדזער לאָשן איז א "פּאַרנאַרערן" א שיינהײַט, וועלכע מע שיקט אונטער צו א שפּיאָן, וועמען זי דאַרף פאַרפירן אין די נעצן צו די, ווער עס האָט זי אונטערגעשיקט. מע דאַרף אָבער ניט מיינען, אז אזא דעליקאַטע און טויטגעפערלעכע אָפּעראַציע גיט זיך שטענדיק אײַן דער שיינהײַט אויסצופילן. דער גאַנג מיט פאַרנאַרן דעם סוינעס אַגענטן דורך שיינהײַטן איז שוין באַוווּסט צווישן דער קאָנטר־איסשפּירונג. ניט זעלטן טרעפט זיך, אז דורך אזא בלוטיקער שפּיל מיטן טויט ווערט די "פּאַרנאַרערן" אליין פאַרנאַרט אין דעם סוינעס נעצן, און זייערע קאָנטר־איסשפּירער צווינגען די שיינהײַט אויסגעבן דאָס, וואָס זי ווייסט און וואָס זי ווייסט ניט...

האַגאַם סוסאַנע איז געווען א ייִדישקע, וואָלט מען צווישן רוסישע שיינהײַטן לאַנג געדאַרפט זוכן א מער רוסיש פּאָנעם פון אירן: העל־בלאָנדע געלאָקטע האָר, בלויע פאַרפירערישע, פולע מיט לײַדנשאַפטלעכן ברען אויגן, א שלאַנקע, גראַציעזע, בייגעוודיקע פיגור, שפּילעוודיקע טנועס, אײַנגעבוירענע געוואַגטקײַט.

סוסאַנע איז געווען א קלאַסישע "פּאַרנאַרערן". אף דער וועלט וואָלט זיך ניט געפונען קיין מאַנצבל, וואָס זאָל זיך אין איר ניט פאַרליבן.

איך מיט סוסאַנען האָבן ניט איין מאָל געאַרבעט "אף יענער זײַט", און איך ווייס גוט דעם צושטאַנד, ווען נאָך יעדן שפּאַן האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז עס שפּירט נאָך מיר דער שאָטן פון מײַן מאַלעכהאַמאָוועס. מײַן איינציקע באַרוּיקונג איז געווען סוסאַנע.

קימאַט א יאָר האָט געדויערט ביז דער שעף האָט דערלויבט, סוסאַנע זאָל כאַסענע האָבן פאַר ליאָווען. און אָט האָבן מיר געהוליעט אף איר כאַסענע. און א טאָג נאָך איר כאַסענע האָט איסגעבראָכן די מילכאָמע.

איך האָב זיך שוין געפונען באַם שעף, ווען ס'איז צו אים אַרײַנגעקומען סוסאַנע. ער האָט אונדז אײַליק אַרײַנגעפירט צום גענעראַל.

דער שטאַרק פאַרנומענער גענעראַל איז גלײַך צוגעטראָטן צום איניען.

— איז אָט וואָס, סוסאַנע, — האָט ער אײַליק געזאָגט, — ערשטנס, ביסטו מער ניט סוסאַנע גריגאָריעווּנע לערמאַן, נאָר נאַדעזשדאַ ניקאָלײַעווּנאַ אַרזאַמאַסצעוואַ. געבוירן ביסטו ניט אין מאָסקווע, נאָר אף אוראַל אין דער שטאָט ניזשני טאַגיל. דאָרט וווינט דײַן מאַמע, ווערא איוואַנאָווּנאַ אַרזאַמאַסצעוואַ, דײַן טאַטן געדענקסטו ניט. דאָס, וואָס איך זאָג דיר, איז אָפּגעמערקט אין שטאָט־אַרכיוו פון ניזשני טאַגיל. געוווינט האָסטו אף ראָזע ליוקסעמבורג־גאַס, נומער 26. אָט האָסטו דאָ דײַן נײַעם פּאַספּאָרט, דעם אַלטן גיב מיר אָפּ.

איך האָב לויט מײַן נײַעם פּאַספּאָרט געוווינט אין סאַראַטאָוו, מײַן נאָמען איז געווען נאַטאַליאַ איוואַנאָווּנאַ אַסטאַכאָוואַ, — האָט אַנאַ וואַסיליעווּנאַ פּאַרגעזעצט דערציילן.

דער גענעראַל האָט פּאָרגעזעצט:

— אין אָדערהאַלבן שאָ אַרום פליט איר אַרויס קיין קאַזאַטין, דאָרט וווינט אונדזערער א טשעקיסט, באָגדאַן טאַראַסאָוויטש דײַנעקאָ. זײַן ווײַב הייסט מאַריאַ פּעטראָוונאַ. זיי וועלן באַ אײַך גאָרנישט פרעגן, זיי וועלן אײַך דערקענען לויט אײַערע פאָטאָגראַפיעס, וועלכע זיי האָבן. אָט האָט איר זייערע פאָטאָגראַפיעס און זייער אַדרעס. איצט זײַט באַזונדערס אויפמערקזאַם, — האָט דער גענעראַל אַרויסגענומען פון א סייף א פאָטאָגראַפיע פון א פאַשיסטישן אָפיצער. באַוויײַזנדיק אונדז די פאָטאָ, האָט ער געזאָגט: — דאָס איז פאָלקאָווניק ווערנער אָרטמײַער. זײַן פּסעוודאָנים איז "קאַפּיטאַן קאָנראַד". אזוי רופן אים שטענדיק אלע. ער טראָגט די אוניפאָרם פון א קאַפּיטאַן פון אינטענדאַנטן־דינסט. איצט הערט דאָס וויכטיקסטע, — האָט דער גענעראַל צו אונדז זיך א רוק געטאָן מיטן בענקל: — "קאַפּיטאַן קאָנראַד" איז דער הויפּט־רעזידענט פון אלע שפּיאָנען און דיווערסאַנטן, וועלכע ער האָט

אַרײַנגעשיקט אין אונדזער לאַנד. אייניקע פון זיי אַרבעטן אויף אונדזערע זאַוואָדן, אויף די אײַזנבאַן־ליניעס. איצט, מילכאָמע־צײַט, טוען זיי אונדז אָן שאָדן... עס קומען פאַר דיווערסיעס: מע צעשעדיקט אײַזנבאַן־מאַגיסטראַלן, אויף מיליטערישע זאַוואָדן רײַסן זיך אויף צעכן, עס ברענען ברויט־עלעוואַטאָרן, טווע אויף די פעלדער. די דיווערסאַנטן שפּרייטן פּאַניק אין אונדזערע שטעט...

די שפּיאָנען קענען ניט אײַנע די אַנדערע. קעדיי אויסכאַפּן די פאַשיסטישע אַגענטור, האָבן מיר בלויז איין אויסוועג: פאַרכאַפּן דעם "קאַפּיטאַן קאָנראַד". אין זײַנע הענט געפינען זיך די קאַרטאָטעק און די פאָטאָגראַפיעס פון אַלע שפּיאָנען אין אונדזער לאַנד, זייערע אַדרעסן.

דער גענעראַל האָט נערוועז פאַררייכערט אַ סיגאַרעט, עטלעכע מאָל זיך שטאַרק פאַרצויגן און אים אָפּגעוואָרפן. ס'איז געווען קענטיק, אַז ער איז שטאַרק דענערווירט.

דער גענעראַל האָט אויף אונדז אָנגעשטעלט די שלאָפלאָזע אויגן, מאַשינעל אַרויסגעקראָגן אַ צווייטן סיגאַרעט און, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ גלאַט אַזוי, איבערגעכאַזערט:

— דער באַפעל איז פון די העכסטע אינסטאַנצן... — ער האָט אָנגעצילט די אויגן אויף סוסאַען: — נאַדעזשדאַ, אויף דיר איז אויסגעפאַלן דער גורל העלפן אונדזערע טשעקיסטן דורכפירן די געפערלעכע און לעבנסוויכטיקע אָפּעראַציע — פאַרכאַפּן "קאָנראַדן" מיט דער קאַרטאָטעק. מיר שיקן דיך ניט איינס אויף איינס קעגן דעם אָבער־שפּיאָן. אונדזער וואַריאַנט פון דײַן באַגעגעניש מיט "קאָנראַדן" קאָן בא אים ניט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט.

## דער אַגענט בערטאָלד אין "קאָנראַדס" שטאַב

דער גענעראַל האָט פאָרגעזעצט:

— צונויפירן מיטן הויפּט־רעזידענט וועט דיך זײַנער אַ נאָענטער רעפערענט און איבערזעצער בערטאָלד — אונדזער מענטש. ער האָט ניט איין מאָל דערוויזן, אַז מיר מעגן אים גלייבן. יעדן טראָט דײַנעם וועלן סטראַכירן אונדזערע קאָנטער־אויסשפּירער אין דײַטשישע אוניפאָרמעס. דער רעזידענט פון דער פאַרכאַפּונג־אָפּעראַציע וועט זײַן מײַן ערשטער געהילף, דער שעף פון אײַער שול, פּאָלקאָווניק פּיאָדאָר קאָלעסניקאָוו. ער פליט מיט אײַך אַרויס קיין קאַזאַטין גרייטן די אָפּעראַציע.

דער גענעראַל האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— באַלד פאָרט איר אַרויס צום אַעראָדראָם, — האָט ער אונדז געמאָלדן און אופגעהויבן דאָס טעלעפאָן־טרײַבל.

אַנאַ וואַסיליעוונאַ האָט ווײַטער דערציילט:

— אין קאַזאַטין האָט באַגדאַן טאַראַסאָוויטש מיט זײַן פרוי גליַיך אונדז דערקענט לויט די פאָטאָגראַפיעס. בעשאַס דעם קיבעד האָבן מיר גערעדט פון פאַרשיידנס. און אָט האָט דער פּאָלקאָווניק אָנגעהויבן ריידן וועגן דער אָפּעראַציע:

— דער פּלאַן פון פאַרכאַפּן דעם "קאַפּיטאַן קאָנראַד" איז דורכגעטראַכט מיט אַלע פּראָפּים, נאָר אין גאַנג פון דער אָפּעראַציע, קאָנען די עקסטרעמאַלע אומשטאַנדן אַרײַנפירן ענדערונגען. אָנפירן מיט דער קאָמאַנדע פאַרכאַפּער וועל איך, מיטן רעזערוו — באָגדאַן טאַראַסאָוויטש. בערטאָלד האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז "קאָנראַד" מיט זײַן שטאַב וועט זיך אָפּשטעלן אין די שטעט, וווּ ער האָט פאַרוואַרבירט דיווערסאַנטן און זיי אַרײַנגעשיקט קיין מאָסקווע, סמאָלענסק, טולע, סאַראַטאָוו, קיִעוו, כאַרקאָוו, קאַזאַן, לענינגראַד, אויף אוראַל. צוערשט וועט "קאָנראַד" זיך אָפּשטעלן אין קאַזאַטין, וווּ ער האָט פאַרוואַרבירט אַ דיווערסאַנט נעסטאָר קראַמאַרטשוק, און אים געשיקט קיין טולע, ער זאָל דאָרט שעדיקן אויף אַ געווער־זאַוואָד. דער אָביעקט אָבער ווערט שטאַרק באַוואַכט, און נעסטאָר האָט זיך ניט דערוועגט אויף דער געפערלעכער דיווערסיע און איז פון טולע נעלעם געוואָרן. אין קאַזאַטין ווײַנט דעם שפּיאָנס אַ ייִנגערע שוועסטער, וועט "קאָנראַד" צו איר שיקן זײַן

איבערזעצער בערטאָלדן, ער זאָל זי ברענגען צו אים. און אָנשטאָט דעם דיווערסאַנטס שוועסטער וועט בערטאָלד צו זײַן שעף ברענגען דיך, נאַדעזשדאַ! — האָט דער פּאָלקאָווניק אָנגעשטעלט די אויגן אויף סוסאַנען: — דיך! — האָט ער איבערגעכאַזערט, אַרײַנקוקנדיק אין איר אויפגערעגט פּאָנעם.

סוסאַנע האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צום פּאָלקאָווניק.

— ווילסט עפּעס פרעגן, נאַדעזשדאַ? — האָט ער זיך אָנגערופן.

— יאָ, פּאָלקאָווניק! — האָט זי גיך אים געענטפערט. — איך וואָלט פּאַרט געוואָלט מער וויסן, ווער ס'איז בערטאָלד, ווּעמען מיר וועלן פּאַרטרויען אונדזערע לעבנס און מער — דעם גורל פון דער אָפּעראַציע. און איך וואָלט געוואָלט זען דעם שפּיאָנס שוועסטער, אָנשטאָט וועמען איך וועל זיך דאַרפן פאָרשטעלן פאַר "קאָנראַדן". צי בין איך, ווײניקסטנס, אויף איר ענלעך? אויף אַזאַ טויטגעפערלעכער שפּיל קאָן מען דאָך ניט גײן אין דער פינצטער!

אין אַנציקטער פון דעם מיידלס טעמפּעראַמענט, פון איר שטעל, האָט דער פּאָלקאָווניק מיט אַ שמייכל איר געענטפערט:

— ווי דער גענעראַל האָט שוין געזאָגט, איז בערטאָלד "קאָנראַדס" אַ נאָענטער געהילף און זײַן איבערזעצער. און אײנציקער איז ער, בערטאָלד, אונדזערער אַ מענטש. ער האָט אונדז ניט איין מאָל דערוויזן, אַז מיר מעגן אים גלייבן. און מער טאָר איך דערווײַל וועגן בערטאָלדן ניט דערציילן. וואָס שײַעך דעם שפּיאָנס שוועסטער, האָבן מיר זי איבערגעשיקט קיין מאָסקווע. אָט איז איר פּאָטאָ. זי איז, ווי דו, נאַדעזשדאַ, אַיך אַ בלאָנדע און אַ שיינע. כאָטש דעם, וואָס אין אַלגעמיינע שטריכן ביסטו ענלעך אויף איר, איז אײדער "קאָנראַד" וועט באַווײַזן געווי פּאַאַנדערקלײַבן דײַנע געזיכט־שטריכן, וועט ער שוין זײַן פּאַרקלעמט אין אונדזערע אָרעמס. בערטאָלד ווייסט, אַז אָנשטאָט דעם שפּיאָנס שוועסטער וועלן מיר אונטערשטעלן אונדזער מיידל.

## די באַגעגעניש מיט בערטאָלדן

— די פאַשיסטן האָבן פאַרכאַפּט קאַזאַטין דעם 15 יול 1941 אינדערפרי.

ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט מיט בערטאָלדן, האָבן מיר געדאַרפט אין דעם זעלבן טאָג, שפּעט אין אָוונט, דורכפירן די פאַרכאַפּונג־אָפּעראַציע. בערטאָלד האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז ער וועט קומען נעמען דעם דיווערסאַנטס "שוועסטער" פון 21 ביז 22 אַזייגער אין אָוונט. מע זאָל אים באַגעגענען באַם בריקל איבערן טײַך אַנטקעגן דער אײַזנבאַן־בודקע. דער פּאַראָל: דער טשעקיסט אין דער עסעס־אוניפאָרם וועט בא אים פרעגן אויף דײַטש: "וווּהין האַלט דעם וועג דער העכר אָפיצער?" בערטאָלד וועט אויף רוסיש אים ענטפערן: דער רעזידענט האָט צו דער צײַט אַרויסגעשיקט אין "עסעסאָוועץ" צום בריקל, אים געזאָגט, וואָס פאַר אַ פּאַראָל ער דאַרף זאָגן דעם דײַטשישן אָפיצער און וואָס יענער וועט אים ענטפערן. — Туда, куда дует восточный ветер!

באַ האַלב נײַן איז איבערן בריקל אַריבערגעפאָרן אַ גרינער אויטאָמאָביל. נעמענדיק באַקוועמער דעם אויטאָמאַט אין די הענט, איז דער "עסעסאָוועץ" אים פאַרלאָפן דעם וועג. דער דײַטש האָט פּאַרטאָרמאָזירט, זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעמאַכט דאָס רעכטע טירל.

— וווּהין האַלט דעם וועג דער העכר אָפיצער? — האָט דער "עסעסאָוועץ" באַ אים אויף דײַטש געפרעגט.

— Туда, куда дует восточный ветер! — האָט דער דײַטש אויף רוסיש געענטפערט דעם פּאַראָל.

אין 15 מינוט אַרום איז בערטאָלד געשטאַנען אַנטקעגן אונדזער רעזידענט.

אַנציקטע פון זײַן אויסערסט רעספּעקטאַבעלן אויסזען, האָבן מיר ניט אַראָפּגעלאָזט פון אים די באַגײַסטערטע אויגן. און ער האָט ערנסט, מיט גרויסן אינטערעס און נײַגעריקײַט געקוקט אויף אונדז, רוסישע...

און ווי עס וואָלט פּלוצעם אים דערמאָנט דער געדאַנק, ווי געשפּאַנט ער איז אין דער צײַט, האָט ער ווי אַן אונטערגעיאָגטער פון אַ האַסטיקן ווינט זיך אַ לאָז געטאָן צום רעזידענט.

בערטאָלדס בלויע אויגן האָבן אין דעם צו ערנסטן מאָמענט אַרײַנגעקוקט אין די ברענעדיקע מיט אַ גרינעם פײַער רעזידענטס אויגן. זייערע שטאַרקע הענט האָבן זיך פעסט פאַרדריקט.

אין צימער זײַנען בײַגעווען באָגדאַן דיינעקאָ, סוסאַנע, איך און אַן אָנגעקומענער פון מאָסקווע מיליטערישער כירורג. אַלע — געקליידט אין די שוואַרצע עסעס־אוניפאָרמעס, אין שטיוול און אין שוואַרצע פּילאָטקעס. בלויז סוסאַנע איז געווען אין איר געוויינלעכן זומערדיקן קלייד און אין ווײַסע טופליעס.

פאַרשטייענדיק, אַז זי איז די אונטערגעשטעלטע "שפּיאָנס שוועסטער", וועמען ער וועט דאַרפן אַרײַנפירן צו "קאָנראַדן", האָט בערטאָלד אויף איר זייער אויפמערקזאַם געקוקט. איבערפירנדיק די אָנגעשרענגטע אויגן אויף מיר, דערנאָך אויפן רעזידענט, האָט ער צו אים געזאָגט:

— אויב שטרענג אורטיילן, זײַנען זיי ביידע אויף דעם שפּיאָנס שוועסטער ניט ענלעך. נאָר זי, — האָט ער מיט די אויגן אָנגעוויזן אויף מיר, — קאָן בלויז אויפן ערשטן בליק מער ענלעך זײַן אויף דעם שפּיאָנס שוועסטער. נעמענדיק אין אַכט, אַז ביז "קאָנראַד" וועט זיך אײַנקוקן אין איר אָנבליק, וועט איר זיך אַרײַנרײַסן, וועל איך צו אים אַרײַנפירן זי, — האָט ער ווידער מיט די אויגן אָנגעוויזן אויף מיר.

צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, האָט דער רעזידענט געהייסן, איך זאָל מיט סוסאַנען זיך טוישן מיט די קליידער און איך זאָל איר איבערגעבן די פּאַרטאַטיווע ראַציע.

— וויפל זײַנען בײַ אײַך דיווערסאַנטן און וואָסער טראַנספּאָרט? — האָט בערטאָלד געפרעגט באַם רעזידענט.

— די צאָל "עסעסאָווצעס", וועלכע וועלן גיין אויף דער פאַרכאַפּונג־דיווערסיע, ציילן אָן, כּולל מיר, 24, און פערציק אָרטיקע טשעקיסטן זײַנען דער רעזערוו, אויב אין גאַנג פון דער אָפּעראַציע וועלן אויפקומען גאַסן־שלאַכטן. דער טראַנספּאָרט איז אַ טראָפּיינער שטאַב־אויטאָבוס. קומט צו מײַנע "עסעסאָווצעס" וועלן מיר זיי דערקלערן דעם פּלאַן פון דער אָפּעראַציע און אינפאָרמירן, וויאַזוי מיר וועלן מיט דעם פאַרכאַפּטן "קאָנראַדן" זיך דורכרײַסן דורך דער פראָנט־ליניע.

...די דיווערסאַנטן זײַנען שוין געזעסן אין אויטאָבוס אין די שוואַרצע אוניפאָרמעס מיט ווײַסע קאַנטן, מיט עמבלעמעס — סקעלעטן־שאַרבנס צווישן איבערגעקרייצטע ביינער, מיט צוגעדריקטע צו די ברוסטן פאַשיסטישע אויטאָמאַטן, באַהאַנגענע מיט דײַטשישע גראַנאַטעס און קינזשאַלן, אין דײַטשישע קאַסקעס, אָנגערוקט אויף די שטערנס.

ווען מיר זײַנען אַרײַנגעגאַן אין אויטאָבוס, זײַנען די "עסעסן" האַסטיק אויפגעשטאַנען, אונדזער רעזידענט, אין דער שוואַרצער אוניפאָרמע פון אַן עסעס־פּאָלקאָווניק מיט אַ פּיסטאָלעט "פּאַראַבעלום" האָט, פאַרשטעלנדיק פאַר די דיווערסאַנטן בערטאָלדן, געזאָגט:

— דער דײַטשישער קאַפּיטאַן הייסט בערטאָלד דאַנציגער. ער איז אונדזערער אַ באַגלייבטער אַגענט. בעשאַס דעם פאַרכאַפּן "קאָנראַדן" און ביז מיר וועלן מיט "קאָנראַדן" זיך דורכרײַסן צו אונדזערע, איז דער קאַפּיטאַן בערטאָלד, פּונקט ווי איך, אײַער רעזידענט. זײַנע קאָמאַנדעס און באַפעלן זײַנען פאַר יעדערן פון אײַך אומבאַדינגטע, פּונקט ווי מײַנע!

בערטאָלד האָט באַגריסט די דיווערסאַנטן, זיי האָבן אויך אויף דײַטש אָן אָפּגעהאַקטן ריטשע געטאָן דעם ענטפער.

— איצט הערט מיך מאַקסימאַל אויפמערקזאַם, — האָט ער אויף רוסיש צו זיי געזאָגט, — ערשטנס, וועגן דעם פּלאַן פון "קאָנראַדס" קוואַרטיר, פונוואַנען מיר וועלן אים נעמען. די וווינונג געפינט זיך אין דער טיף פון אַן אַרומגערינגלטן מיט אַ פאַרקן סאָד. — "קאָנראַדס" קוואַרטיר איז אויפן צווייטן שטאָק.

דער רעזידענט האָט בא בערטאָלדן געפֿרעגט:

— וויאַזוי האָט איר פֿאַרפּלאַנירט צו נעמען "קאָנראַדן", די קאַרטאָטעק פֿון די שפּיאָנען און זייערע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון זײַן סייף?

— בא מיר איז אַזוי פֿאַרפּלאַנירט: מיר מיט אַלע דיווערסאַנטן פֿאָרן צו צום טויער פֿון "קאָנראַדס" וווינונג. איך, איר, הער רעזידענט, און פֿיר עסעסאָווצעס גייען צום וואַכמאַן. מיך קען ער. איר, הער רעזידענט, זאָגט דעם הײַנטיקן פּאַראָל: "קוילן ריקאָשעטן". אין דעם מאָמענט ליקווידירן די דיווערסאַנטן דעם וואַכמאַן. זיי שלעפּן אים אַוועק אין די צימערן פֿון דעם ערשטן שטאָק. צום טויער שטעלן מיר צוויי וואַכלײַט פֿון אונדזער עסעס־קאָמאַנדע. איך מיטן שפּיאָנס "שוועסטער" גייען אַפֿן צווייטן שטאָק צו "קאָנראַדן". איר, הער רעזידענט, מיט פֿיר דיווערסאַנטן פֿאָלגן אונדז נאָך ביז צו דער טיר פֿון "קאָנראַדס" קוואַרטיר. איך מיט איר גייען אַרײַן, איר מיט די דיווערסאַנטן בלײַבן שטיין הינטער דער טיר. "קאָנראַד" וועט אַף געוויס באַמערקן, אַז דאָס מיידל איז קנאַפּ ענלעך אַף דער פֿאָטאָ פֿון דעם שפּיאָנס שוועסטער. ער וועט צוגיין צום סייף נאָך דער פֿאָטאָגראַפֿיע. ווען ער וועט אופֿשליסן דעם סייף, וועט זיך דערהערן אַ קורצער, נאָר הילכיקער קלונג. אָט דער קלונג וועט זײַן אײַער סיגנאַל — זיך אַרײַנצורײַסן. און איידער "קאָנראַד" וועט באַוויזן צוריק פֿאַרשליסן דעם סייף — פֿאַרקלאַמערט איר זײַנע הענט. אויב ער וועט באַוויזן אײַנשליסן די סיגנאַל־סיסטעם, וועלן אין עטלעכע מינוט אַרום אַף מאָטאָציקלען זיך יאָגן די געסטאַפּאָווצעס, זיי וועלן אַרומרינגלען דאָס הויז, און מיר פֿאַלן אַרײַן אין אַ וואַקוום, פֿון וועלכן מיר וועלן לעבעדיקע זיך ניט אַרויסרײַסן...

בערטאָלדס וואָרענונג האָט אונדז דערמאָנט אין דעם, וועגן וואָס מיר האָבן די גאַנצע צײַט זיך געסטאַרעט ניט טראַכטן.

דער רעזידענט האָט געזאָגט צו בערטאָלדן:

— אין טאָך איז אײַער פּלאַן אידענטיש מיט אונדזערן, מיר וועלן זיך אָריענטירן אַף אײַער פּלאַן.

ער האָט פֿאַרגעזעצט:

— איצט הערט אַלע דעם מאָסקווער פּלאַן וועגן אונדזער דורכרײַסן זיך דורך דער פֿראָנט־ליניע: ווען "קאָנראַד" וועט זײַן אין אונדזערע הענט, גיבן מיר איבער די צונויפֿגערעדטע מיטן צענטער ראַדיאָ־סיגנאַלן. אין די דאָזיקע רעגעס וועלן אונדזער אוויאַציע, טאַנקען און אַ גרויסער רעזערוו אויטאָמאַטלער אומגעריכט אָנפֿאַלן אַף די פֿאַשיסטישע ערשטע ליניעס; אימיטירנדיק אַ גרויסע אַטאַקע. ווען די פֿאַשיסטן וועלן אונדז קאָנטער־אַטאַקירן, וועט צווישן זייערע רייען זיך לאָזן אונדזער אויטאָבוס מיט די אַרויסגערוקטע דורך די פֿענצטער "עסעסאָווצעס" מיט אויטאָמאַטן אין די הענט. אין די פֿאַרעס פֿון דעם אויטאָבוס וועלן מיר אײַנשליסן די אײַנגעמאָנטירטע "מיגאַלקעס". די טאַנקיסטן וועלן, שיסנדיק איבער דעם אויטאָבוס, אים אַרומרינגלען, איזאָלירן פֿון די שלאַכטן, און אַ גרופּע טאַנקען וועלן סטראַכירן זײַן איבערגאַנג אַף אונדזער זײַט.

## אונדזערע נעמען "קאָנראַדן"

— ווען איך מיט בערטאָלדן זײַנען אַרײַנגעקומען צום אָבער־רעזידענט "קאָנראַדן", האָב איך אין זײַן פּאָנעם גלײַך באַמערקט, אַז ער צווייפֿלט אין מײַן ענלעכקייט אַף דעם שפּיאָנס שוועסטער. ער האָט שמייכלענדיק מיר פֿאַרגעלייגט זיצן און פֿון דער נאָענט זיך אײַנגעקוקט אין מײַן פּאָנעם, איבערגעפּרפּט די פֿאַרוווּנדערטע אויגן אַף בערטאָלדן, געוואָלט אים עפּעס פֿרעגן, ניט געפֿרעגט, איז צוגעגאַנגען צום סייף, אַ דריק געטאָן אַף צוויי קנאָפּקעס, אָפּגעשטעלט דעם שיפֿר, און ווען דאָס טירל האָט אויטאָמאַטיש זיך אופֿגעעפֿנט, האָט מײַן אָנגעשטרענגט געמיט אופֿגעטרייסלט דער גוירלדיקער פֿאַר אונדזערע לעבנס הילכיקער קלונג! און איידער דער קלונג איז אַנטרונען געוואָרן פֿון מײַנע אויערן, האָבן האַסטיק זיך

אַרײַנגעריסן דער רעזידענט מיט די פיר "עסעסאָווצעס". פון דער אומגעריכטקייט, פון דעם הילכיקן טופּען מיט די שטיוול, פון דעם געקלימפּערײַ פון זייער געווער האָט דער מעווזלבעלער "קאָנראַד" אַף אַזױפיל זיך פאַרגעסן, אַז ער האָט אַפילע ניט באַוויזן צו פאַרמאַכן דעם סייף. צוויי "עסעסאָווצעס" האָבן "קאָנראַדן" פאַרקלאַמערט אין זייערע אײַזערנע אָרעמס. דער רעזידענט האָט פון דעם סייף אַרויסגעכאַפּט אַ פּאַקעט. אין דעם פּאַקעט זײַנען געלעגן פאָטאָגראַפיעס פון די שפּיאָנען און רעזידענטן, וועלכע "קאָנראַד" האָט אַרײַנגעשיקט אין אונדזערע שטעט, און דעם שפּיאָנס שוועסטערס פּאָטאָ. די קאַרטאָטעק איז אין סייף ניט געווען...

— די קאַרטאָטעק ווו איז?!

ער האָט געשוויגן.

דער רעזידענט האָט מיט זײַנע שטאַרקע הענט זיך אײַנגעקלאַמערט אין "קאָנראַדס" האַלדז, שרײַענדיק אין זײַן פּאָנעם אַרײַן:

— די קאַרטאָטעק!!!

"קאָנראַד" איז געבליבן הענגען אַף די עסעסאָווצעס הענט.

דער רעזידענט האָט אָפּגעלאָזט זײַן האַלדז און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַלץ אַף דײַטש שטיל אים אַרײַנגערעדט אין פּאָנעם אַרײַן:

— די קאַרטאָטעק פון דײַנע שפּיאָנען ווו איז? — און אימפּולסיוו האָבן זײַנע נערוועזע הענט ווידער זיך אַ צי געטאָן צו "קאָנראַדס" האַלדז. דאַן האָט ער מיט אַ פאַרכאַפּט קאָל געענטפערט:

— די קאַרטאָטעק געפינט זיך אין מײַן שטאַב אין צענטראַלן סייף.

די צײַט האָט געברענט. דער רעזידענט האָט באַפוילן בינדן "קאָנראַדן" די הענט און די פיס. דאָס מויל האָט מען אים פאַרבונדן מיט אַ האַנטעך. מע האָט אים אַראָפּגעטראָגן צום אווטאָבוס, אוועקגעלייגט אַפן דיל. דער רעזידענט האָט באַפוילן סוסאַנען אָנשטעלן אַף דער ראַציע די צוויפּגערעדטע דיאַפּאַזאָנען און כוואַליעס און איבערגעבן אַף אונדזער זײַט די ראַדיאָ־אימפּולסן. אין אַ רעגע אַרום האָט זי די אימפּולסן איבערגעכאַזערט. און גלײַך האָט זיך דערהערט אַ מעכטיקער גוּקנאַל און הודערײַ פון אונדזערע אַרטילעריסטישע באַטאַרייעס און "קאַטיושעס" און אַ שטאַרקער גערויש אין הימל פון אונדזער אוויִאַציע, אַ הודערײַ פון די יאָגנדיקע טאַנקען.

די פאַשיסטן האָבן גלײַך אָנגעהויבן קאָנטער־אַטאַקירן. אונדזער אווטאָבוס מיט די אַרויסגערוקטע פון די פענצטער באַוואָפנטע "עסעסאָווצעס" האָט זיך צווישן די פאַשיסטישע רייען אין דער בעהאָלטע געלאָזט אַנטקעגן אונדזערע אָנגרײַפנדיקע טאַנקען.

בערטאָלד איז געזעסן לעבן דעם שאָפער. מיר האָבן שוין געזען, ווי אונדזערע טאַנקען, שיסנדיק איבערן אווטאָבוס, יאָגן צו אים פון רעכטס און פון לינקס. פּלוצעם האָט אַ שטאַרקער אופרײַס אונטערגעהויבן די פאָדערשטע רעדער און אַ שלײַדער געטאָן דעם אווטאָבוס אַף רעכטס. מיר זײַנען אָנגעפאַרן אַף אַ מינע... און גלײַך האָט פון דער קאַבינע אַ שפּאַר געטאָן אַ רויך. די טירן פונעם אווטאָבוס האָבן זיך פאַרהאַקט. דער שאָפער האָט זיי ניט געקאָנט אופמאַכן.

דער רעזידענט האָט אונדז באַפוילן שפּרינגען דורך די פענצטער. ווען מיר זײַנען אַרויסגעשפּרונגען, האָבן מיר דערזען, אַז מיר זײַנען אַרומגערינגלט מיט אונדזערע טאַנקען. פון אַ טאַנק זײַנען אַרויסגעשפּרונגען צוויי אָפיצערן, דאָס זײַנען געווען אונדזערע קאָנטער־אויסשפּירער.

די פאַרהאַקטע קאַבינע־טירלעך האָבן זיך ניט אופגעמאַכט. אין דער קאַבינע זײַנען געלעגן דער פאַרווּנדעטער שאָפער און בערטאָלד. מיר האָבן אופגעריסן אַ טירל, זיי אַרויסגעשלעפּט.

אונדזערע האָבן פֿאַרגעזעצט די שלאַכט. די צוויי קאָנטער־אויסשפּירער האָבן אונדז באַפֿוילן זיך זעצן אין די אָנגעפּאַרטע פּאַצער־טראַנספּאָרטיאָרן, וווּהין מע האָט אויך אַרײַנגעטראָגן בערטאָלדן און דעם שאָפֿער. ״קאָנראַדן״ האָט מען צעבונדן די פֿיס, די הענט און דאָס מויל און אַרײַנגעזעצט אין א פּאַנצער־טראַנספּאָרטיאָר. זײַנע באַגלייטער זײַנען געווען אונדזער רעזידענט און די צוויי מאָסקווער קאָנטער־אויסשפּירער. אױף דער נייטראַלער ליניע האָט אויף אונדז געוואַרט א מיליטערישער טראַנספּאָרט־אַעראָפּלאַן, וועלכער איז גלײַך מיט אונדז אַרויסגעפֿלויגן קיין מאָסקווע.

## ווער איז געווען בערטאָלד?

— אַנאַ וואַסיליעוונאַ, איך מיין, אַז אין אויפֿיפּיל יאָרן אַרום נאָך דער מילכאָמע, ווען די מערהײַט מיליטערישע סעקרעטן האָבן שוין אָנגעוווירן זייער באַדײַטונג, וואָלט איר געמעגט מיר דערציילן וועגן דעם, ווער ס׳איז געווען אונדזער דײַטשישער אַגענט בערטאָלד.

די פֿרוי האָט מיר געענטפֿערט:

— וועגן בערטאָלדן האָבן שוין געשריבן אין זייערע זיכרוינעס אונדזערע געוועזענע קאָנטער־אויספּשירער, אַזוי אַז איך מעג אײַך דערציילן, וואָס איך ווייס וועגן אים.

ערשטנס, קורץ, ווער בערטאָלד איז געווען: ער איז פֿון באַוואַריע, זײַנע עלטערן האָט ער ניט געדענקט. דערצויגן האָט מען אים אין א יעסוימים־הויז. פֿון קינדווײַז האָט ער זיך געצויגן צו ביכער, צו בילדונג. לערנען זיך איז געווען זײַן אײַנגעבוירענער באַרוף, זײַן נאַטירלעכע סטיכיי. צו 24 יאָר האָט ער גלענצנד פֿאַרענדיקט דעם גײַדעלבערגער אוניווערסיטעט און די אַספּיראַנטור, ער האָט אויך באַהערשט די מערהײַט אייראָפּעיִשע שפּראַכן. צו 26 יאָר האָט ער אָנגעפֿירט מיט דער קאַטעדרע פֿון ליטעראַטור און פֿילאָסאָפֿיע באַם גײַדעלבערגער אוניווערסיטעט.

ווי א סאַך סטודענטן פֿון די דרײַסיקער יאָרן, האָט בערטאָלד אויפֿגענומען דעם פֿאַשיזם פֿײַנטלעך. נאָר קעגן אים איז ער אָפֿן ניט אַרויסגעטראָטן.

אויף דעם יונגן אינטעלעקטואַל האָט געוואָרפֿן אַן אויג דער שעף פֿון דער פֿאַשיסטישער קאָנטער־אויסשפּירונג אַדמיראַל ווילהעלם קאַנאַריס. אָבער נאָך איידער דער אַדמיראַל האָט זיך מיט אים פֿאַרינטערעסירט, איז בערטאָלד שוין געווען אין נאָענטע קאָנטאַקטן מיט אונדזערן אַן אַגענט, אויך א דײַטש...

און בערטאָלדן איז אויסגעפֿאַלן דער גרויזאַמער און טויטגעפֿערלעכער גורל צו דינען צוויי געטער... דער אַדמיראַל קאַנאַריס האָט דעם נאָבעלן אינטעלעקטואַל רעקאָמענדירט זײַן איידעם, דעם שעף פֿון דער קאָנטער־אויסשפּירונג אין רוסלאַנד, פֿאַלקאָווניק ווערנער אַרטמײַער (דעם ״קאַפּיטאַן קאָנראַדן״) אַלס א געלערנטן רעפֿערענט און איבערזעצער פֿון אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

אָט אַזוי איז אין דעם צענטער פֿון דער פֿאַשיסטישער קאָנטער־אויסשפּירונג אָנגעקומען אונדזערער א מענטש — בערטאָלד.

קעדיי איר זאָלט זיך פֿאָרשטעלן, ווי גרויס עס זײַנען געווען בערטאָלדס פֿאַרדינסטן פֿאַר אונדזער קאָנטער־אויסשפּירונג, וועל איך אײַך דערציילן וועגן א סאַך פֿון אַלע סוידעס, וועלכן בערטאָלד האָט אונדז איבערגעגעבן. פֿאַרקאָנספּירירט איז געווען דער סאַך פֿון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין א פֿינטעלע: אין די פּונקטן פֿון א ״נאַיוון״ בריוו...

...אין 1938 יאָר האָט א דײַטשישער פּאַטאָ־טעכניקער צופֿעליק אַנטדעקט א ראַדיקאַל נײַעם מעטאָד פֿון געהיימער שריפֿט, וועלכע האָט זיך ניט דעשיפֿרירט, ווײַל דער שפּיאָנישער טעקסט האָט זיך נישט געשריבן צווישן די שורעס מיט אומזעבאַרן טינט, ניט מיט קיין אַנדערן כימישן שריפֿט, נאָר אין די פּונקטן פֿון א ״געוויינלעכן בריוו״: מיט די קלענסטע אויסיעלעך האָט מען ניט האָריזאָנטאַל, נאָר אין א קרײַז אָנגעשריבן פֿיר בוכשטאַבן. אַרום דעם קרײַז — דעם צווייטן קרײַז. אַרום דעם צווייטן — דעם דריטן.

די דרײַ קרײַזן האָט מען מיט א ספּעציִעלן פאָטאָ־אַפּאַראַט פאַרקלענערט אין 100 מאָל. דעם אין הונדערט מאָל פאַרקלענערטן טעקסט האָט מען ווידער פאַרקלענערט אין 10 מאָל. האָט דער אין טויזנט מאָל פאַרקלענערטער שפּיאָנישער טעקסט זיך פאַרוואַנדלט אין א פּינטעלע — אין א פּונקט פון א בריוו.

...פון דײַטשלאַנד האָט, געוויינלעך, א פרוי אָנגעשריבן אן "אומשולדיקן" בריוו צו אירע "קרויווים" אין א באַליביק לאַנד: "...מאַרטא האָט געבוירן די צווייטע טאָכטער. זי האָט איר א נאָמען געגעבן עלזא. מאַרטא האָט אַזוי געגאַרט א זון. איר זעט: נאָך טאָכטער, עלזא, זון — פּונקטן מיט שפּיאָנישן טעקסט...

"...געלמוט איז געקומען א שווער פאַרוווּנדעטער. אינגיכן איז ער געשטאָרבן". — נאָך פאַרוווּנדעטער, געשטאָרבן — פּונקטן מיט שפּיאָנישן טעקסט. און אַזוי ווײַטער. דעם "אומשולדיקן" בריוו מיט אן אָפּגעמען טעקסט אין א געוויינלעכן קאָנווערט האָט די מיליטערישע צענזור דורכגעלאָזט...

די "קרויווים" וועלן דעם "געוויינלעכן" בריוו איבערגעבן א געוויינלעכן פאַשיסטישן שפּיאָן, וועלכער וועט מיט א ספּעציִעלן פאָטאָ־אַפּאַראַט די פּונקטן צוריק פאַרגרעסערן אין 100 מאָל, אין 1000 מאָל און ער וועט פרײַ לייענען די שפּיאָנישע אינסטרוקציע פון דעם אַדמיראַל קאַנאַריסן און געבן אָנווײַזונגען צענדליקער פאַשיסטישע שפּיאָנען אין פאַרשיידענע שטעט פונעם לאַנד.

אָט דעם סאָד פון אַלע סוידעס, וועלכן עס האָבן פאַרמאָגט בלויז די דײַטשן, האָט בערטאָלד איבערגעגעבן אונדז. און אונדזער קאָנטר־אויסשפּירונג האָט מיט דעם זעלבן מעטאָד אונטערגעהאַלטן פאַרבינדונגען מיט אונדזערע אַגענטן פון פאַרשיידענע לענדער. און אונדזערע קאָנטר־אויסשפּירער האָבן לויט די אַדרעסן, וווּהין מע האָט פון דײַטשלאַנד געשריבן "נאַיִווע" בריוו, אויסגעכאַפּט פאַשיסטישע שפּיאָנען.

אָט ווער בערטאָלד איז פאַר אונדז געווען. געווען... אין אויגוסט 1942 יאָר האָט מען אים געפונען אין זײַן צימער אין מאָסקווע א דערשטיקטן...

## דער אַבער־שפּיאָן "קאָנראַד" אין דער ענקאַוועדע...

אויף לוביאַנקע האָט מען דעם געפאַנגענעם אַרײַנגעפירט אין א קאַבינעט, וווּ בײַ א טיש איז געזעסן דער מיניסטער. אויף רעכטס און לינקס פון אים — זײַנע ערשטע צוויי געהילפן: וולאַדימיר דעקאַנאָזאָוו און באָגדאַן קאָבולאָוו (דעם 23 דעקאַבער 1953 יאָר זײַנען בעריִא, דעקאַנאָזאָוו און קאָבולאָוו צעשאָסן געוואָרן).

באַטראַכטנדיק דעם אַבער־שפּיאָן, האָט איבער דעם מיניסטערס מעגושעמדיק פּאָנעם א בלאָנדזשע געטאָן א בייזוויליקער שמייכל. פון די פּענסנע האָט א בלענד געטאָן א בלוטדורשטיקע האַסאָגע פון א ווילדער כײַע א שפּרונג צו טאָן אויף דעם קאָרבן און אים פאַרצוקן.

דער רעזידענט קאָלעסניקאָוו האָט פאַר דעם מיניסטער אוועקגעלייגט דעם פּאַקעט מיט די פאָטאָגראַפיעס. אויף יעדער פאָטאָ איז געווען אָנגעשריבן דעם שפּיאָנס נומער און פּסעוודאָנים, מער גאָרנישט ניט. לויט דעם נומער האָט אין דער קאַרטאָטעק זיך געשריבן דעם שפּיאָנס עמעסער נאָמען, אַנקעטע־אָנגאַבן און וווּ ער געפינט זיך.

דער רעזידענט האָט מודיִע געווען דעם מיניסטער, אַז די קאַרטאָטעק פון "קאָנראַדס" שפּיאָנען האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן צו דעראָבערן.

באַטראַכטנדיק דעם אַבער־שפּיאָן, האָט דער דערפאַרענער גענעראַל קאָבולאָוו פאַרשטאַנען, אַז ס'וועט זײַן זייער קאָמפּליצירט אים אײַנצוברעכן, ער זאָל זיך "צערײדן". דעם אויספיר האָט דער גענעראַל געמאַכט לויט דעם גלײַכגילטיקן אויסדרוק אויף דעם שפּיאָנס פּאָנעם.

וויסנדיק, אַז אין אַלע פֿאַלן וועט מען אים פּײַניקן, דערנאָך — צעשיסן, האָט דער הויפּט־שפּיאָן אָנגעוווירן דעם אינטערעס צו זײַן גורל. ער האָט געוווּסט: וועט ער אויסגעבן זײַנע שפּיאָנען און זייערע רעזידענטן — וועט מען אים אַלצײַנס צעשיסן. לויט זײַן אייגענער דערפֿאַרונג האָט ער גוט געוווּסט די מעטאָדן, דורך וועלכע מע וועט פּרוּוון אים "צעבינדן די צונג".

ווייסנדיק, אין וועמענס הענט ער איז אַרײַנגעפֿאַלן און וואָס עס שטייט אים פֿאַר אויסצוהאַלטן, האָט ער בײַ זיך געפּויעלט: "ניט אויסגעבן זײַנע שפּיאָנען, און זיי וועלן פֿאַר זײַן טויט נעקאָמע נעמען!"

דער ערשטער האָט זיך אָנגערופֿן דער גענעראַל קאַבולאַוו:

— אַזוי ווי צו פֿירן לאַנגע רייד איז ניטאָ קיין צײַט, לייגן מיר דיר פֿאָר...

— איך בעט אַ סיגאַרעט, הער גענעראַל, — האָט ער אומגעריכט פֿאַר די טשעקיסטן איבערגעשלאָגן דעם גענעראַל. אַלע זײַנען איבעראַשט געוואָרן, נאָר דער שפּיאָן איז געבליבן בײַ זײַן העוולהאַוואָלעדיקער שטימונג.

דער מיניסטער האָט אַ בלענד געטאָן מיט די פּענסנע־גלעזלעך איבער דעם שפּיאָנס פּאָנעם, איבערגעפֿירט די פּענסנע אויף קאַבולאַוון:

— באָגדאַן, גיב אים אַ סיגאַרעט! — האָט ער אים געהייסן. קאַבולאַוו האָט צוגעוואָרפֿן צום שפּיאָן אַ סיגאַרעט און שוועבעלעך. ווען יענער האָט פֿאַרייכערט, האָט דער גענעראַל צו אים געזאָגט:

— מיר לייגן דיר פֿאָר, אויף יעדער פֿאָטאָגראַפֿיע אָנשרײַבן דעם שפּיאָנס נאָמען, פֿאַמיליע, אין וואָס פֿאַר אַ שטאָט ער וווינט און וווּ ער אַרבעט. מיט דעם קאָנסטו אויסקויפֿן דײַן שולד...

דער שפּיאָן האָט אַן אומגלייבליכן קוק געטאָן אויף דעם גענעראַל, אים געענטפֿערט:

— איך קאָן ניט געדענקען די נעמען און וווּ וועמען עס געפֿינט זיך. אַ סאַך דיווערסאַנטן האָבן דעזערטירט, און זייערע רעזידענטן האָבן ניט ווייניק פֿון זיי נאָך פֿאַר דער מלחמה ליקווידירט פֿאַר סאַבאָטאַזש.

— ווײַז אָן אויף די פֿאָטאָס, ווער זײַנען רעזידענטן און אין וועלכע שטעט וווינען זיי! — האָט אויסגעשריגן דעקאַזאָוו, אויפֿגעשפּרונגען און זיך אַ ריס געטאָן צום שפּיאָן. — ווײַז אָן, ווער זײַנען די רעזידענטן? די רעזידענטן פֿרעג איך, ווער זײַנען? — האָט ער איבערגעכאַזערט. — שטיי אויף!

ווען יענער איז אויפֿגעשטאַנען, האָט דער געוועזענער באָקסיאָר מיט אַ פּראָפֿעסיאָנעלן קלאַפּ אין פּאָנעם אַרײַן אים אומגעוואַלגערט פֿון די פֿיס אויפֿן דיל. — שטיי אויף, איניט וועט דיר ערגער זײַן! — האָט ער צו אים אויסגעשריגן.

וואַקלענדיק זיך, איז דער שפּיאָן אויפֿגעשטאַנען. ווישנדיק דאָס בלוט פֿון דעם מויל מיט דער לינקער האַנט, האָט ער מיט דער רעכטער אַ שטויס געטאָן די פֿאָטאָגראַפֿיעס איבערן טיש צוריק צו קאַבולאַוון...

די טשעקיסטן האָבן דערשטוינטע זיך איבערגעקוקט, ווייסנדיק פֿון דער פּראַקטיק, אַז אַזוי העפֿקערדיק פֿירן זיך אויף צו זייער גורל נאָר יענע, וועלכע גיבן זיך קיינעם ניט אונטער.

בלענדנדיק מיט די פּענסנע איבער דעם שפּיאָנס פּאָנעם, האָט דער מיניסטער אַ דריק געטאָן אויף קנאָפּקעס. גיך זײַנען אַרײַנגעקומען צוויי בײַנערברעכער. דער מיניסטער האָט זיי באַפֿוילן:

— נעמט אים אויף דער "פּאַלובע", אויב ער וועט זיך ניט בעטן צוריק אַהער, פֿירט אים איבער פֿון דער "פּאַלובע" אויף דער "קאַרוסעל". נאָר סטאַרעט זיך ניט איבער, מיר זאָלן ניט פֿאַרלירן דעם שליסל, זאָל בײַזײַן אַ דאָקטער... — און צום שפּיאָן: — איך וואָרן דיך!

די יאטן  וועלן דיך נישט לאָזן ניט לעבן און ניט שטארבן. ענטפער אף דעם, וואָס מיר פרעגן בא דיר!

ווען דער שפּיאָן האָט איַינגעשפּארט געשוויגן, האָט דער מיניסטער  א פּאָך געטאָן מיט דער האנט צו די פּײַניקער און זיי האָבן אים אוועקגעפירט  אף דער עקזעקוציע, אין די קעלערס.

אין א פערציק מינוט ארום האָט מען אים אף א מעדיצינישער קאטאלקע צוריק אריַינגעפירט צום מיניסטער. ער איז געווען אין א שאָק־צושטאנד. ווען  די דאָקטוירים האָבן אים צו־זיך געבראכט, האָט ער ווי אין א היציקער פארגעסנהײַט  געקוקט אף די טשעקיסטן.

קאָבולאָוו האָט פאר אים אוועקגעלייגט א פאָטאָגראפיע און אויסגעשריגן:

— שרײַב אָן אף דער פאָטאָ דעם שפּיאָנס נאָמען, פאמיליע, די  שטאָט, ווו ער וווינט, ווו ער ארבעט, ווער ער איז... נעמט מען דיך צוריק אף דער "פּאלובע"...

— און אף דער "קארוסעל"! — האָט דער מיניסטער צוגעגעבן.

דעם שפּיאָנס פארלאָפענע מיט בלוט אויגן האָבן זיך אײַנגעקוקט  אין דער פאָטאָגראפיע, ווי דערמאָנענדיק זיך, ווער דער באַרטער פארשוין  איז. מיט שטארק ציטערנדיקע פינגער האָט ער אף רוסיש אָנגעשריבן אף דער  פאָטאָ: "סאמארין... אנטאָן... דיוועסאנט... סאראטאָוו... לאָקאָמאָטיוו־דעפּאָ".  קאָבולאָוו האָט אים אונטערגעלייגט א צווייטע פאָטאָגראפיע. דער שפּיאָן  האָט ווידער זיך אײַנגעקוקט אין דער פאָטאָ און אָנגעשריבן אף איר: "שיבאלין...   פּאוועל... רעזידענט... מורמאנסק... פּאָרט..." קאָבולאָוו האָט אים אונטערגערוקט די דריטע פאָטאָגראפיע.

— סטאָפּ! — האָט דער מיניסטער אויסגעשריגן. — איצט וועלן  מיר אָנקלינגען קיין סאראטאָוו אין דער לאָקאָמאָטיוו־דעפּאָ און אין דעם  מורמאנסקער פּאָרט...

גיבנדיק די פאלשע יעדיעס וועגן זײַנע צוויי שפּיאָנען,  האָט "קאָנראד" געפּרוווט דערנענטערן זײַן גיכן טויט, און ווען  די פּײַניקונגען האָבן אים צום טויט דערפירט, האָבן זײַנע שפּיאָנען  אָפּגעמערקט זײַן ייזקער מיט נאָך ניט קיין געהערטער דיווערסיע:  אין אונדזער הינטערלאנד — אומגעבראכט סאָוועטישע סאָלדאטן!.. אין א  קאלטער אָקטיאבער־נאכט האָבן זיי ליקווידירט די קאראוואן פון א זעמליאנקע־קאזארמע, פארשפּארט די טירן. דורך די שמאָלע זעמליאנקע־פענצטערלעך אריַינגעגאָסן  ברענשטאָף, אונטערגעצונדן. עס זײַנען פארברענט און דערשטיקט געוואָרן  העכער הונדערט אויסגעשולטע טאנקיסטן, עקיפּאזשן פאר א טאנקען־דיוויזיע,  וועלכע מע האָט אינגיכן געזאָלט אוועקשיקן אין די שלאכטן פאר מאָסקווע,  פארטיידיקן די הויפּט־שטאָט...

די נאָך ניט געהערט דיווערסיע איז פּאָרגעקומען אף אוראל 12 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט סווערדלאָווסק אין א וואלד, ניט ווײַט פון דער זעמליאנקע־קאזארמע,  ווו מיר, קורסאנטן־ארטילעריסטן, האָבן זיך געפונען... אָט ווי העפקערדיק־כוצפּעדיק  עס האָבן זיך אופגעפירט די פאשיסטישע שפּיאָנען אין אונדזער הינטערלאנד,  אין דער צײַט, ווען בעריא האָט אומגעבראכט אומשולדיקע סאָוועטישע  מענטשן!

און נאָך הײַנט גייען ארום אף דער רוסישער ערד געוועזענע פאשיסטישע  שפּיאָנען, איצטיקע סאָוועטישע פענסיאָנערן...

...די פאשיסטן האָבן אָנגעגרײַפט אף דער קיִעווער ריכטונג. צום סאָף  אווגוסט האָט דער גענעראל ארויסגערופן אונדזער רעזידענט, פּאָלקאָווניק  קאָלעסניקאָוו, די "עסעסאָווצעס", מיך, סוסאַען. דער גענעראל האָט אונדז  געזאָגט:

— איב די פאשיסטן וועלן פארכאפּן קיִעוו, וועט איַיער קאָמאנדע, אונטער דער אָפּירונג פון דעם רעזידענט קאָלעסניקאָוו, ארבעטן צוזאמען  מיט די קיִעווער טשעקיסטן קעגן די דײַטשישע קאָנטר־אויסשפּירער. הײַנט באנאכט פליט איר ארויס קיין קיִעוו.

ער האָט אָנגעשטעלט די שלאָפלאָזע אויגן אף סוסאַען:

— נאַדעזשדאַ, אין קיִעוו שטייט דיר פֿאַר זיך פּרוּוון באַקאַנען מיט אַ דײַטשישן קאָנסטרוקטאָר פֿון זייער נײַעם געווער. זייער ראַקעטע „פֿאַסט־פּאַטראָן" געפֿינט זיך נאָך אין דער עקספּערימענטאַלער סטאַדיע. מיר האָבן באַקומען ידיעות פֿון „יענער זײַט", אַז ווען זיי וועלן פֿאַרכאַפּן קיִעוו, וועט אויף אוקראַיִנע פֿון דײַטשלאַנד אָנקומען אַ גרופּע טעכנישע עקספּערטן פֿון ווערנער בראַונס קאָנסטרוקטאָר־ביוראָ (ווערנער בראַון — דער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר פֿון די דײַטשישע ראַקעטעס, מיט וועלכע זיי האָבן רויִנירט לאָנדאָן...).

די ראַקעטע־עקספּערטן דאַרפֿן אין די רוסלענדישע מעטעאָראָלאָגישע באַדינגונגען אײַנשטעלן די באַליסטישע פּאַראַמעטערס פֿון דער ראַקעטע־באַוועגונג: סטאַרט־ציל. מיר האָבן אַ באַפֿעל צו פֿאַרכאַפּן איינעם פֿון די קאָנסטרוקטאָרן־ראַקעטשיקעס. די אָפּעראַציע באַשטייט פֿון צוויי וואַריִאַנטן. איינער פֿון די וואַריִאַנטן: נאַדעזשדאַ דאַרף פּרוּוון זיך באַקאַנען מיט דעם קאָנסטרוקטאָר. ער איז דער ייִנגסטער פֿון די זעקס טעכנישע עקספּערטן. אַלט 34 יאָר. כאַראַקטעריזירט: „צווישן אַנדערע שטריכן — אַ גרויסער באַלן צו שיינע מיידלעך..." הייסט הערמאַן הייכענבערגער. אָט איז זײַן פֿאָטאָ, — האָט ער זי צוערשט איבערגעגעבן סוסאַנען. — טוט אויף איר אַלע אַ קוק.

דער גענעראַל האָט זיך געווענדט צו אונדזער רעזידענט:

— פֿיאָדאָר וואַסיליעוויטש, דערקלערט זיי דעם פּלאַן פֿון דער אָפּעראַציע.

דער רעזידענט האָט זיך אָנגערופֿן:

— ווי דער גענעראַל האָט שוין געזאָגט, שטייט אונדז פֿאַר די אָפּעראַציע „קיִעוו" — פֿאַרכאַפּן דעם קאָנסטרוקטאָר הערמאַן הייכענבערגערן. קאָמאַנדעווען מיט דער אַקציע פֿון דעם אָנהייב ביזן סאָף האָט מען באַפֿוילן מיר. אויב איך וועל פֿאַלן, נעמט אויף זיך די קאָמאַנדע דער קאָמאַנדיר פֿון די „עסעסן". דעם דעטאַלן פּלאַן וועלן מיר, אין די צוויי וואַריִאַנטן, באַהאַנדלען מיט די קיִעווער דיווערסאַנטן. ווער האָט פֿראַגעס? — האָט דער רעזידענט אונדז אָפּגעמאָסטן מיט זײַנע פֿײַערדיקע גרינע אויגן.

— איך! — האָט מיט פֿלאַמענדיקע בליקן זיך אָנגערופֿן סוסאַנע. — צי דאַרף מען דען אײַך אויפֿקלערן, אַז נאָך די קאָנסטרוקטאָרן פֿון זייער נײַעם געווער וועלן נאָכפֿאָלגן די געסטאַפּאָווצעס! וויאַזוי זשע וועל איך פֿאַרפֿירן אַ ראַנדעוווּ מיט הערמאַנען און פֿון מײַנע אָרעמס אים איבערגעבן אײַך? — האָט סוסאַנע ווי אַרויסגעזאָגט אונדזערע געדאַנקען.

עס האָט זיך אָנגערופֿן דער קאָמאַנדיר פֿון די „עסעסן":

— און צי קען זיך ניט טרעפֿן: אונדז וועט זיך דוכטן, אַז מיר נעמען הערמאַנען, און דער געסטאַפּאָ וועט זיך אײַך דוכטן, אַז זיי נעמען אונדז?.. די צווייטע פֿראַגע, — האָט דער „עסעסאָווּעץ" אַ קוק געטאָן גלײַך אין דעם רעזידענטס אויגן. — און אויב מיר וועלן דעם קאָנסטרוקטאָר פֿאַרכאַפּן, וויאַזוי וועלן מיר אים אַרויספֿירן פֿון קיִעוו און ברענגען קיין מאָסקווע?

— און אין וואָס באַשטייט דער צווייטער פֿאַרכאַפּונג־וואַריִאַנט? — האָט געפֿרעגט אַ „טעראָריסט".

דעם רעזידענט האָט דענערווירט דער קאָמאַנדעס אָנגעשטרענגטע שטימונג, האָגאָס ער אַליין האָט איבערגעלעבט די זעלבע האַרבע געפֿילן, וואָס זיי, וויסנדיק, אַז צוליב דעראָבערן דעם פֿאַטאַלן סעקרעט פֿון היטלערס נײַעם געווער שיקט מען זיי אויף אַ קימאַט זיכערן טויט...

— ווער נאָך האָט פֿראַגעס? — האָט ער קורץ געפֿרעגט. — קיינער. ענטפֿער איך! ערשטנס, איז דער פּלאַן צו פֿאַרכאַפּן דעם קאָנסטרוקטאָר אַ באַפֿעל! און באַפֿוילן האָט דער, וועמען עס וועט צוליב דערגרייכן אַזאַ גווירלדיקן ציל ניט אָפּשטעלן צו ריזיקירן ניט נאָר מיט אונדזערע עטלעכע לעבנס — מיט עטלעכע דיוויזיעס! צווייטנס, זײַנען מיר סאָלדאַטן! און סאָלדאַטן האָט נאָך קיינער קיינמאָל ניט גאַראַנטירט זייער לעבן... נאַטאַליע פֿרעגט: „וויאַזוי וועל איך פֿאַרפֿירן אַ ראַנדעוווּ מיט דעם קאָנסטרוקטאָר הערמאַנען, אויב נאָך אים

וועלן שפּירן געסטאַפּאָווצעס? ענטפער איך דיר: קיינער קלייַבט זיך ניט דיך שיקן קעגן דער געסטאַפּאָ! נאָר אין דעם האָטעל, וווּ די קאָנסטרוקטאָרן וועלן זיך אָפּשטעלן, וועלן די קיִעווער טשעקיסטן דיך אייַנאָרדענען אַלס אַ גאַרניטשנע אין דעם נומער, וועלכן עס וועט פאַרנעמען הערמאַן הייכענבערגער...

זאַריאַנאָװ פרעגט:

— וויִאַזוי וועלן מיר דעם פאַרכאַפּטן קאָנסטרוקטאָר אַרויספירן פון קיִעוו און אים איבערפירן קיין מאָסקווע?

— פון קיִעוו וועלן אים אַרויספירן אונדזערע "עסעסאָווצעס" אין זייער אוניפאָרמע, זיי וועלן אים איבערגעבן סאַבאָראָווס פאַרטיזאַנער. יענע וועלן אים איבערפירן קיין מאָסקווע. אַזאַ איז דער קאָמפּליצירטער און געפערלעכער צום אויספילן פּלאַן. אַזאַ איז אונדזער פּראָפעסיע און אונדזער מיליטערישער כּיוו, וועלכן מיר וועלן אויספילן! די לעצטע פראַגע: "אין וואָס באַשטייט דער צווייטער וואַריִאַנט פון דער אָפּעראַציע?" פרעגט סובאָטין. ענטפער איך: אויב דער ערשטער וואַריִאַנט מיטן פאַרכאַפּטן הערמאַנען וועט זיך אונדז ניט אייַנגעבן, גיב איך גלייַך אָפּ אַ באַפעל אויסצופילן דעם צווייטן וואַריִאַנט: ליקווידירן די זעקס קאָנסטרוקטאָרן!... אין קיִעוו וועלן מיר מיט די דאָרטיקע קאָנטר־אויסשפּירער גיין אָף דער אָפּעראַציע. ווי אין אַלע פאַלן, שטייט אונדז פאָר צו אַרבעטן אין עקסטרעמאַלע אומשטאַנדן.

— ווען דאַרפן די קאָנסטרוקטאָרן אָנקומען קיין קיִעוו? — האָט סוסאַנע געפרעגט.

— זייער ראַקעטע געפינט זיך נאָך אין דעם עקספּערימענטאַלן פּעריאָד. — האָט דער רעזידענט געענטפערט. — מע וועט אונדז צו וויסן געבן. איצט גייט זיך גרייטן צום אָפּפאָרן קיין קיִעוו.

די פאַשיסטן האָבן פאַרכאַפּט קיִעוו דעם 19 סענטיאַבער 1941. דעם 17 סענטיאַבער האָט סטאַלין אָפּגעגעבן אַ געהיימען באַפעל: "פון דעם 18 אָף דעם 19 סענטיאַבער אַרויספירן די דיוויזיעס און די טעכנישע קויכעס פון דער 37־טער אַרמיי פון קיִעוו, איידער די פאַשיסטישע טאַנקען־קאָרפּוסן אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם גענעראַל בראַוכיטש וועלן באַווייַזן בלאָקירן די אַרומגערינגלטע פון דרייַ ריכטונגען שטאָט".

אַנאַ וואַסיליעווונאַ האָט ווייַטער דערציילט:

...ווען אונדזערע באַוואָפנטע קויכעס האָבן פאַרלאָזט קיִעוו, זייַנען מיר שוין געווען צווישן די קיִעווער טשעקיסטן. מיר האָבן מיט זיי זיך געגרייט צו דער פאַרכאַפּונג־אָפּעראַציע.

## קאַפע־שאַנטאַן "קרעשטשאַטיק"

דער באַלעבאָס פון דער קאַפע איז געווען אַ טשעקיסט פון כאַרקאָוו. איך — אַן אָפיציִאַנטקע — זייַן ראַדיסטקע. אונדזער קאָמאַנדע "עסעסן" און דער רעזידענט האָבן "געאַרבעט" אָף אַ געהילף־קאָמבינאַט און אָף דער אייַזנבאַן. סוסאַנע — אין האָטעל "אוקראַיִנאַ" אַלס אַ גאַרניטשנע.

ווען די פאַשיסטן האָבן אָקופּירט קיִעוו, האָט מען די קאַפע באַנייַט. פון דער שילד האָבן אַראָפּגעשריגן בונטע בוכשטאַבן:

"קאַפע־שאַנטאַן "קרעשטשאַטיק".

אַ מוזיקאַלער קוואַרטעט האָט פאַרווייַלט די געסט מיט דזשאַז־מוזיק. אונטער די פאַרכאָלעמטע טאַנגאָ־ריטמען האָבן פאַשיסטישע אָפיצערן מיט קיִעווער נאַפקעס זיך געשאַרט צו די באַרן.

צווישן די אופגעלייגטע באַזוכער האָט מען געקאָנט באַמערקן אַ "שיקערן" מיט ניכטערע איגן אוקראַיִנער אין אַ פּאָליציי־אוניפאָרמע. דאָס איז געווען וואַסיל מאַזורענקאָ. אים האָבן די קיִעווער טשעקיסטן אונטערגעשיקט דינען אין דער פּאָליציי בייַ דער שטאָט־קאָמענדאַטור.

מאזורענקאָ פלעגט דורך דעם באַלעבאָס פון דער קאַפע אינפאָרמירן די טשעקיסטן וועגן דעם, וואָס ער פלעגט זיך דערוויסן אין דער פּאָליציי.

מיט דעם קיִעווער ווידערשטאַנד האָט אָנגעפירט דער אונטערערדישער פּאַרטיי־קאָמיטעט, סעקרעטאַר — א. וו. כאָכלאָוו. קאָמאַנדיר פון די דיווערסאַנטן — וולאַדימיר איוואַנאָוויטש קודריאַשאָוו. קאָמיסאַר — א. פּאַסטשענקאָ (געשיכטע פון קיִעוו. באַנד 2, זז. 446 — 447, קיִעוו, 1964).

דעם 12 אָקטיאַבער האָט דער פּאָליציי וואַסיל מאַזורענקאָ מוידיע געווען אונדזער שעף, אַז די קאָנסטרוקטאָרן וועלן אָנקומען אין האָטעל "אוקראַיִנאַ" דעם 14 אָקטיאַבער אינדערפרי.

דער אַדמיניסטראַטאָר פון דעם האָטעל האָט איבערגעפירט סוסאַנען אַלס א גאָרניטשנע אין דעם נומער 112 — איר געמאַלדן, אַז אין דעם דאָזיקן נומער וועט דעם 14 אָקטיאַבער אָנקומען דער קאָנסטרוקטאָר הערמאַן הייכענבערגער...

דער רעזידענט האָט זיך באַגעגנט מיט סוסאַנען און איר געזאָגט:

— אויב הערמאַן וועט זיך "כאַפּן" אויף דיין וועלנטקע, דאַרפסטו דערלויבן, ער זאָל דיך צערטלען, קושן. און אויב ער וועט פון דיר פאַרלאַנגען עפּעס מער, דאַרפסטו אים זאָגן, אַז אין האָטעל איז אַזעלכס שטרענג פאַרווערט. אים גיבן אָנצוהערן, אַז דו וועסט אים איינלאַדן צו זיך אהיים...

דעם 14 אָקטיאַבער, ווען סוסאַנע האָט געבראַכט אין אָרדענונג דעם צימער, האָט מען א קלונג געטאָן אין טיר. סוסאַנע האָט אופגעמאַכט, אָפּגעטראָטן דעם וועג א הויכן עלעגאַנטן יונגמאַן מיט אַן אינטעליגענט פּאָנעם.

לויט זיין פאָטאָגראַפיע האָט סוסאַנע גלייך אין אים דערקענט דעם קאָנסטרוקטאָר הערמאַן הייכענבערגערן.

ניט קוקנדיק אויף דער גאָרניטשנע, האָט ער געלאָזט פאַלן א "גוט־מאָרגן", איז צוגעגאַן צום טיש, אוועקגעלייגט דעם פּאָרטפעל, מיט א שמייכל א קוק געטאָן אויף דעם בוקעט טיולפּאַנען.

— סאַראַ פּראַכטפולע בלומען! — האָט ער אויף א געבראָכענעם רוסיש אַרויסגעבראַכט און א קוק געטאָן אויף סוסאַנען.

ער האָט ניט דערוואַרט צו דערזען אַזא זעלטענע שיינהייט, און אויף זיין פּאַראַגאָפט פּאָנעם האָבן זיך ברייט צעשטעלט די אויגן. צוויי ליידנשאַפטלעכע שטראָמען האָבן פון זיי א פלייץ געטאָן אין סוסאַנעס אויגן. זיינע הייסע בליקן האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן מיט אירע...

סוסאַנען האָט דערשראָקן דער געדאַנק, וואָס זיין שטאַרקע ליידנשאַפט האָט אין איר דערוועקט א נאַטירלעכן קאָנטאַקט...

מיט א צאַרטן שמייכל האָט ער אַרויסגעבראַכט:

— אויב מיינע אויגן האָבן אייך דערציילט וועגן דעם איינדרוק, וועלכן ס'האָט אויף מיר געמאַכט אייער וווּנדערבאַרע שיינקייט, וועלן באַליבּיקע ווערטער זיין איבעריק!

מיט פאַרגאַנגענע אין באַגייסטערונג אויגן האָט ער גענומען אירע הענט אין זיינע און, ניט אַרויסלאָזנדיק איר שוין געזיכט פון זיין פאַרליבטן בליק, געזאָגט:

— איך בין אייך האַרציק דאַנקבאַר פאַר דעם, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט! ווי רופט מען אייך, מיין פּראַכט?

— נאַדעזשדאַ אַרזאַמאַסצעוואַ.

פאַרנייגנדיק דעם קאָפּ, האָט ער אויך אָנגערופן ניט זיין נאָמען:

— ווילי כעפּקע.

ער האָט זי אַרומגענומען, שטאַרק געקושט, נאָר זי האָט מיט א פלינקער באַוועגונג זיך באַפרייט פון זיינע אָרעמס:

— אין אונדזער האָטעל איז שטרענג פאַרווערט צו פאַרפירן אמורן. — האָט זי קאַטעגאָריש נאָר אַטשלאָסן צו אים געזאָגט, — אויב איר האָט מיך ווירקלעך ליב, וועט איר זײַן געדולדיק צו פאַרברענגען מיט מיר אין מײַן היים...

פלוצעם האָט ער אַײַליק א קוק געטאָן אַפן זייגער.

— איך מוז דרינגענד אײַך פאַרלאָזן! — האָט ער געכאַפּט דעם פּאָרטפעל, — איך קום צו אײַך צוריק 20 אזייגער אין אָונטו! — האָט ער זי אַײַליק ארומגענומען און ווידער געקושט.

סוסאנע איז געבליבן אליין. אמרויקע געפילן האָבן פאַרקלעמט איר הארץ.

האגאס דער אָהייב פון דער אָפּעראַציע איז דורכגעגאַן לויט דעם אָנגעמערקטן פּלאַן און סוסאנע איז געווען זיכער, אז דער קאָנסטרוקטאָר האָט זיך געכאַפּט אַף "איר וועגטקע", אָבער ווער האָט אין אזא בלוטיקער שפּיל מיטן גוירל איר געקאָאַט פּאָרויסזאָגן, ווער אַף וועמענס וועגטקע עס וועט הענגען?..

איר איינציקע טרייסט איז געווען די באַגעגעניש מיטן רעזידענט. ער האָט איר געזאָגט:

— מאָסקווע האָט באַפוילן, מיר זאָלן די אָפּעראַציע פאָרסירן. די קאָנסטרוקטאָרן וועלן אין קיִעוו זײַן נאָר דרײַ מעסלעס. שוין דעם הײַנטיקן אָוונט דאַרפסטו אים "אײַנלאַדן" צו זיך "אהיים". פאַרפאָרן וועסטו מיט אים אַף ספּאַסקער גאַס, נומער 17. פון דאָרט וועלן אונדזערע "עסעסאָוועצעס" אים ארויספירן פון קיִעוו אין די וועלדער פון פּאָלעסיע צו סאַבוראָווס פּאַרטיזאַנער. יענע וועלן אים איבערפירן קיין מאָסקווע.

דער רעזידענט האָט פאָרגעזעצט:

— ווען הערמאַן וועט דיר פאָרליינן מיט אים פאָרן צו דיר אהיים, זאָלסטו מאַכן דעם אָנשטעל, אז דו "קווענקלסט" זיך א לענגערע צײַט. דערנאָך וועסטו אים נאָכגעבן... ארויסגייענדיק פון דעם האָטעל, זאָלסטו אים פירן אהין־אהער, קוקנדיק, צי מע שפּירט נאָך דיר נאָך. לעבן דער אַפּטייק וועט "צופעליק" אונטערפאָרן א טאַקסי, דער טאַקסיסט וועט זײַן אונדזער קאָליע זאַריאַנאָו. דו פרעגסט בא אים, צי ער וועט אײַך אָפּפירן אַף ספּאַסקער גאַס, נומער 17.

אלץ איז געווען פאָרגעזען, כוץ דעם, ווער אַף וועמענס וועגטקע עס וועט זיך כאַפּן? אין דעם קאָנסטרוקטאָרס פּאָרטפעל איז געווען אײַנגעמאָנטירט א ראַדיאָ־אינדוקטאָר, וועלכער האָט אין דער ראַדיאָ־אַפּאַראַטור פון דער געסטאַפּאָ איבערגעגעבן יעדער וואָרט, וואָס סוסאנע און הערמאַן האָבן ארויסגעבראַכט... ווען סוסאנע האָט געזאָגט צום "טאַקסיסט": ספּאַסקער גאַס, נומער 17, איז די געסטאַפּאָ אַף מאָטאָציקלען דורך פּאַראַלעלע גאַסן ארויסגעפאָרן לויט דעם אַדרעס...

בעשאַס דער באַראַטונג בא קודריאַוועצעוון איז אַרײַנגעלאָפן א פאַרבינדלער, שרײַענדיק:

— די געסטאַפּאָוועצעס אַף מאָטאָציקלען, מיט קוילנוואַרפערס איבער די רולן דערנעענטערן זיך צו אונדזער הויז!

אלע האָבן ארויסגעכאַפּט די פּיסטאָלעטן און גראַנאַטעס. דורך די פענצטער — ארויסגעשטעלט א קוילנוואַרפער.

קודריאַשאָו האָט באַפוילן:

— דורך דער הינטערטיר אַטלויפן צווישן די הײַזער!

נאָר די געסטאַפּאָוועצעס זײַנען שוין פאַרלאָפן אלע וועגן. שיסנדיק פון די קוילנוואַרפערס, האָבן זיי ארומגערינגלט די ארויסגעלאָפענע דיווערסאַנטן. געשאָסן נאָר אין די פּיס, קעדיי פאַרכאַפּן לעבעדיקע. אלע רעגעס זײַנען אָנגעפאָרן נײַע געסטאַפּאָוועצעס. אונדזערע פאַרוווּנדעטע האָבן זיי געוואָרפן אין די אָנגעפאָרענע אויטאָבוסן. עס זײַנען געפאַלן געגוג געסטאַפּאָוועצעס. נאָר די קויכעס זײַנען געווען ניט קיין גלײַכע.

קודריאַשאָו און אונדזער רעזידענט האָבן די לעצטע קוילן אויסגעשאָסן זיך אין די הערצער. דער רעזידענט איז גלײַך געשטאָרבן. קודריאַשאָו איז א שווער פאַרוווּנדעטער

אַרײַנגעפאַלן אין די הענט צו די געסטאַפּאָווצעס... קודריאַשאָוו, פּאַשטשענקאָ און די פּאַרכאַפּטע דיווערסאַנטן האָבן די געסטאַפּאָווצעס שטאַרק געפּײַניקט און האַלב־טויטע זײַ צעשאָסן (געשיכטע פון קיִעוו, 2־טער באַנד, זז. 465 — 466, קיִעוו, 1964).

די געסטאַפּאָ האָט אַרעסטירט און צעשאָסן אַלע מיטגלידער און די אָפּירער פון דעם קיִעווער אונטערערדישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און קימאַט אַלע דיווערסאַנטן. דער ווידערשטאַנד האָט אויף אַ צײַט אין קיִעוו אויפגעהערט פונקציאָנירן.

דאַן האָט דער לעבנגעבליבענער מיטגליד פון דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט גריגאָרי איוואַנאָוויטש קוליק אַנדערע לעבנגעבליבענע דיווערסאַנטן אַרויסגעפירט פון קיִעוו אין די וועלדער פון פּאָלעסיע צו סאַבוראָווס פּאַרטיזאַנער.

## סוסאַנעס טויט

ווען אונדזערע האָבן צוריק פאַרכאַפּט קיִעוו, האָט אַן אַלטע אוקראַיִנערן, וועמען די געסטאַפּאָווצעס האָבן געצוווּנגען וואַשן די פּאַרגאָסענע מיט בלוט דילן, אונדז דערציילט:

— אײַער מיידל האָט מען אַראָפּגעשלעפּט אין קעלער אין אַ פאַרכאַלעשטן צושטאַנד. אירע ביידע פיס זײַנען געווען געדיכט דורכגעשאָסן. ניט באַנדאַזשירנדיק די וווּנדן, האָט מען זי אַוועקגעלייגט אויף אַ טיש און, פּאַטשנדיק אין פּאָנעם, זי אָנגעהויבן אויספרעגן, מיט אַ וואָסערן ציל האָט זי אין דער מאַשין געפירט צו קודריאַשאָוו דעם קאָנסטרוקטאָר הערמאַן הייכענבערגערן, און ווער האָט אים אין דער מאַשין דערשאָסן?

נאָר אַז סוסאַנע האָט קיינעם ניט אויסגעגעבן, זײַנען מיר די ערשטע איידעס, ווײַל די געסטאַפּאָ איז נאָך אונדז ניט געקומען אין דער קאַפּע "קרעשטשאַטיק", — האָט אַנאַ וואַסיליעוונאַ פּאָרגעזעצט דערציילן.

— עטלעכע מעסלעס האָט מען סוסאַנען שטאַרק געפּײַניקט, נאָר זי האָט מיט פּאַרדריקטע ציין געשוויגן.

נאָך דעם פּײַניקן מיט טאַק־שאַק האָט מען איר אַרײַנגעשריגן אין פאַרכאַלעשטן פּאָנעם אַרײַן: "איבּ דו וועסט ניט דערציילן, נעמען מיר דיך באַנאַכט ווידער צום שאַק־טאַק!" ווען זי האָט אַלץ געשוויגן, האָט מען באַ איר געפרעגט:

— אויף וואָס האָפסטו, נאַדעזשדאַ?!

— אַז כ'וועל ביז באַנאַכט ניט דערלעבן...

זי האָט פון דער רעכטער האַנט אײַנגעביסן דאָס פינגערל. איר פּאָנעם איז גלײַך פּאַרטונקלט געוואָרן...

עס האָט אויף אים זיך אָנגעצויגן אַן ערנסטע פאַרווּנדערטקײַט... אירע שטענדיק ברייט־צעעפנטע אויגן האָבן זיך האַלב פאַרמאַכט.

אָט אַזוי, אין די אומבעראַכמאָנעסדיקע הענט פון דער געסטאַפּאָ, ווײַט פון אירע נאָענטסטע האָט סוסאַנע זיך צעשיידט מיט איר יונגער וועלט. אַזוי האָט איר קורץ לעבן און איר העלדישער טויט זיך פאַרגעדענקט ווי אַ טרויעריקע לעגענדע, ווי אַ בלוטיקע שווּע: ניט פאַראַנטן! שטאַרבן שווײַגנדיק, ווי סוסאַנע!...

# די שווארצע רויז

(ראָמאַן)

## 7

אַראָפּ פון דעם פּאַראָס, האָט דינע געגומען לויפן, און עס האָט זי ניט געאַרט, וואָס מע קוקט איר נאָך און מע דרייט מיטן קאָפּ. אַרקעלע איז אַליין אין צימער. אױף דער באַלעבאָסטעס ניטאָ וואָס זיך צו פּאַרלאָזן. נאָך דער אונטערזוכונג האָט זי איך געביטן איר באַציִונג צו דינען. און נעכטן האָט זי אָן שום צוהערעניש, ווי ביז אַהער, גלײַך געזאָגט דינען, אַז זי זאָל זיך זוכן אַ נײַע דירע, ווײַל פאַרעם זי דאַרף האָבן דעם צימער, דער זון אירער, וויטאַלי, וויל, הייסט עס, כּאַסענע האָבן. "כּאַסענע האָבן!" אַ לעקישעוואַטער איסריידז! ער איז נאָך אַזוי יונג, איר זונדל.

ווען דינע איז געקומען צו לויפן אַהיים, איז די באַלעבאָסטע אַרויס איר אַנטקעגן אױפן גאַנעק.

— נו, איר האָט שוין געפונען אַ דירע?

— פּאַר איין טאָג? איך אַרבעט דאָך.

— איז נעמט אָרלויב און זוכט. מיר קאָנען מער ניט וואַרטן.

— איר האָט געגעבן עפּעס עסן דעם קינד, קלאַוודיע סידאָראָוונע?

— געגעבן. נאָר אַרקע דרייט מיט דער נאָז. וואָס איך זאָל אים ניט זאָגן, מעגעגעט ער "הע־הע־הע", כ'ווייס ניט, וואָס ער וויל פון מיר...

דינע הערט ניט ווײַטער, וואָס די באַלעבאָסטע בורטשעט. זי רײַסט זיך אַרײַן אין איר צימער מיט קלוימערשט אַ פרײדיקן איסגעשריי.

— אַרקעלע, קינד מײַנס, ווייסט וואָס איך האָב דיר געבראַכט? אַ גאַנצע לאַסטמאַשין!

זי נעמט אַרויס פונעם רענצל דאָס שפּילכל, דערלאַנגט אַרקען, און ערשט איצט באַמערקט זי שפּורן פון טרערן אױף זײַנע בעקלעך.

— האָסט געוויינט, אַרקעלע? — פרעגט זי פול מיט אומרו.

דאָס קינד וויל עפּעס ענטפערן, נאָר עס באַקומט זיך ניט.

די מאַמע מאַכט זיך, אַז זי האָט דערהערט אַ גאַנץ געגויען ענטפער פונעם קינד.

— דו ביסט באַרויגעז, פאַרוואָס איך בין געקומען אַזוי שפּעט? כ'בין ניט שולדיק, קינד מײַנס.

דאָס קינד דרייט מיטן קעפּל.

— הע... הע... הע...

די מאַמע פאַרשטייט. זי ענטפערט אים.

— פרעגסט, ווו דער טאַטע איז? ער איז... ער איז אַוועקגעפאָרן, ער וועט גיך קומען, אַרקעלע.

דינע גיסט אָן אַ פולע גלאָז מילך, נעמט אַרויס פונעם רענצל אַ פּעקעלע געבעקס.

— כאַפּ איבער דערווײַל, אַרקעלע. אָט וועל איך אָפּקאָכן דיר אַ מאַנע קאַשע.

---

[1]סאָף. אָנהייב זע "סאָוועטיש היימלאַנד" נומער 10, 1991.

זי זעצט אוועק ארקעלען אף א נידעריק בענקעלע און דערלאנגט אים מילך און געבעקס. דאָס קינד רירט זיך ניט צו צו דעם.

— נו, עס, עס. האָסט דאָך אזוי ליב זיס געבעקס, — רעדט זי איַין דאָס קינד און פילט, ווי אירע אויגן בריאקנען אָן מיט טרערן.

מיטאמאָל דערמאָנט זי זיך אין דעם שטומען געשפּרעך צווישן די צוויי פּאַרליבטע. זי לאָזט איבער דעם לעפל אין דעם טעפּל, הייבט אוףביידע הענט און נעמט זיך מאכן אלערליי צייכנס מיט צעשפּרייטע פינגער ארקעלען. דאָס קינד גלאָצט אף איר זיַינע ברייט צעעפנטע איבערגעשראָקענע אויגן און צעכליפּעט זיך.

— וואָס זשע וויינסטו, נארעלע? ס'איז א שפּיל אזא. איך וועל דיך אויסלערנען ריידן מיט די פינגער.

זי שמייכלט צום קינד, און טרערן רינען פון אירע אויגן. ארקעלע צעיאָמערט זיך מיט א פארצווייפלטן, ניט קינדערשן געוויין. די מאַמע פארשטעלט איר פּאָנעם מיט די דלאָניעס. עטלעכע מאגע־גריַיפעלעך קיַיקלען זיך אראָפּ פון אירע פינגער און שווימען אראָפּ צוזאמען מיט די טרערן.

עס עפנט זיך די טיר פונעם צימער און עס גייט אריַין אָן א קלאַפּ דער באלעבאָסטעס זון, וויטאלי. ער שטעלט זיך אָפּ בא דער שוועל און רעדט אויס אָן א "גוטן אָוונט" עפּעס אומדיַיטלעך.

— וויינט נישט, דינע באָריסאָוונע. און זוכט נישט קיין דירע. איר מעגט דאָ וווינען וויפל איר ווילט.

דינע האָט איַינגעשלונגען די טרערן און קוים אויסגערעדט:

— א דאנק איַיך, וויטאלי... נאָר... נאָר איר האָט דאָך כאסענע.

וויטאלי האָט געענטפערט נאָך מער צעמישט, מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן:

— כ'האָב ניט כאסענע... כ'האָב איַיך ליב...

און איז ארויס פונעם צימער.

דינע האָט פארמאכט די טיר, צוויי מאָל א דריי־געטאָן דעם שליסל, און איבער עטלעכע רעגעס איז זי ווידער צוגעגאנגען צו דער טיר און געפּרווּט צי זי איז פארשלאָסן.

זי האָט זיך אָנמעכטיק אראָפּגעלאָזט אפן בעט. אָבער דאָס אראָפּלאָזן זיך האָט עפּעס געדויערט אזוי לאנג, אזוי פּאמעלעך, אז זי האָט זיך ארומגעזען אין עפּעס א שווארצן אָפּגרונט מיט איין נעבעכדיק שטערנדל אף א סאקאָנעסדיק וויַיט הימעלע, קוים וואָס מע זעט דאָס פון די טיפענישן פונעם אָפּגרונט. פון אלע זיַיטן ציִען זיך ארוף, צום שטערנדל, לאנגע שאָטנס פון באנעגלטע הענט, וואָס פארשטעלן קימאט אינגאנצן דעם דורכלויכט מיט א געדיכטער נעץ. פונדעסטוועגן זעט זי גענוי, ווי עס קאַפּען פונעם שטערנדל טרערן, זיי בויערן דורך די שאָטנדיקע נעץ און מישן זיך צונויף מיט אירע, דינעס, טרערן...

עפּעס א קלאנג דערהערט דינע אין דרעמל. זי כאפּט זיך אוף, הערט זיך צו. א קלאַפּ אין טיר? ניין. דאנקען גאָט. ארקעלעס כליפּעניש? ניין. דאנקען גאָט. איז וואָס זשע פאר א קלאנג? זי שפּיצט אָן די אויערן און מיטאמאָל... אָי א גרילץ. און נאָך א גרילץ. און נאָך... אָ, ליבער גריל! — טויכט אוף אין דינעס זיקאָרן דאָס שטערנדל, וואָס וויינט מיט הייסע טרערן. — קער מיר אום דעם נעכטן און דעם אייערנעכטן און איך גיב דיר מיַין וואָרט, אז איך וועל זיך קיינמאָל ניט קלאָגן, וואָס איך האָב ניט קיין דירע, און פימע איז טאקע א שטיקל באטלען, ער קאָן ניט איַינאָרדענען דאָס לעבן פון זיַין געזינד, ווי עס דארף צו זיַין, אים ליגן אין קאָפּ בלויז ביכער און לידער. און ווען ניט זיי, וואָלט עפּשער טאקע ניט געטראָפן דער געפערלעכער בראָך. וואָס וועט זיַין, וואָס וועט זיַין, פימע, מיט דיר? און מיט מיר אויך? און דעריקער מיט אונדזער אומגליקלעך קינד?

פימע ענטפערט ניט. פימע איז פארנומען מיט זיַינעס. אָט גייט ער ארויס אינמיטן צימער, פאריַיסט דעם קאָפּ, ער זאָל אויסזען העכער ווי ער איז, און נעמט דעקלאמירן:

איך ווייס ניט ווער דו ביסט,
איך ווייס ניט ווי מע רופט דיך.
געזען האָב איך דיך קורץ
צווישן בליץ און דונער.
דער בליץ האָט דיך באַהעלט,
דער דונער — הויך באַגריסט,
און איך בין שטיין געבליבן,
געפּלעפּט פון דײַן געשטאַלט –
איך האָב געמיינט,
אַז גאָט געליבטע ביסטו...

ער האָט מיך ליב? יאָ, אַוודאי. אָן שום ספק. אָבער אָפּטמאָל ווײַזט זיך מיר אויס, אַז ער האָט מיך ליב מיט אַ מאָדנע ליבע. ניט אינגאַנצן ווי אַ מאַן אַ פרוי, נאָר עפּעס אַנדערש... ניין, ניט ערדישער. פאַרקערט, עפּשער אַפילו הימלישער. אָבער... ניט זעלטן ווײַזט זיך מיר אויס, אַז ער **שרײַבט פון מיר לידער**, ווי אַ קינסטלער מאָלט זײַן בילד פון אַ פּאָזירערן... אַניט וואָלט ער ניט געשריבן: "איך ווייס ניט ווער דו ביסט. איך ווייס ניט ווי מע רופט דיך..." איך בין זײַן אייביקע פּאָזירערן. און אַלעמאָל קוקט ער אויף מיר מיט נײַע אויגן. אים איז וויכטיק, זייער וויכטיק אויפכאַפּן דעם ערשטן פלאַטער פון עפּעס, לאָמיר זאָגן, פון ליבע, ווײַל דער צווייטער וועט שוין זײַן ניט דער, און עפּשער אַפילו ניט דאָס.

זי נעמט דערווידערן זיך אַליין, דערוווּנדיק זיך, אַז אומזיסט טראַכט זי אַזוי וועגן איר פּימען. אַ סימען, די שוואַרצע רויז... אין איינעם אָן אָוונט האָט פּימע איר געבראַכט אַ גרויסע רויז און אַרויסגערעדט אַפּגיך, ווי געוואָלט פאַרלויפן איר דעם וועג:

— כ'האָב קוים געקריגן צו דײַן געבורטסטאָג איין־און־איינציקע רויז, און דאָס אויך אַ שוואַרצע. זי געפעלט דיר ניט? נישקאָשע, דאָס צווייטע מאָל וועל איך דיר קויפן צען ווײַסע אָדער רויטע רויזן.

אינפּירן זײַנען זיי געזעסן באַם טיש. זי פון אויבנאָן. אַרקעלע — אויף אירע קני. פון איין זײַט טיש — קיריל, פון דער צווייטער — פּימע. קיריל האָט געבראַכט אַ פלאַש ווײַן און אַ פלאַש בראָנפן. ער גיסט זיך אָן אַליין סײַ דאָס, סײַ יענץ און ווערט באַלד שיקער. נאָר ער האָט זיך געמאַכט שיקערער, ווי ער איז געווען אינדערעמעסן, ווײַל די צונג האָט זיך בא אים ניט געפּלאָנטערט, ווען ער האָט גענומען אויסרופן טאָסטן לעקאָווועד איר. האַלב אַרומנעמענדיק זי צוזאַמען מיט אַרקען, האָט ער אויסגערופן, ווענדנדיק זיך צו פּימען:

— איך בין אײַך מעקאַנע, יעפים סאַמוילאָוויטש. אַזאַ וווּנדערשיין ווײַבל פאַרמאָגט איר.

טאַקע דעמלט האָט פּימע זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט און, שטייענדיק, האָט ער פאַרגעלייענט מיט ברען, מיט היספּײַלעס די "שוואַרצע רויז", וואָס ער האָט נאָרוואָס פאַרפאַסט.

דאָס שוואַרצע זײַדן קלייד איז בלויז אַ פּרעכטיק ראַמל
פאַר דײַן געזיכט, דעם ציכטיק ווײַסן,
און שוואַרצער זײַנען נאָך די אויגן ווי דאָס קלייד,
און פון די אויגן שוואַרצער זײַנען די וועלן פון די האָר.
ביסט שיין, באַס־מאַלקע מײַנע,
מיט שיינקייט אוראַלטער פון ראָכל און פון ריווקע,
און כיינעוודיק דו ביסט מיט כיין יונגפרוייִשן
פון מיידלשאַפט, וואָס ווייסט ניט פון קיין מאַן.
איז זאָג מיר, שוואַרצע רויז,
וואָס בלישטשען אומעטיק אַזוי די אויגן דײַנע ריינע?
פאַרוואָס דער שמייכל צאַרטער דײַנער איז מיט לייד באַשאָטנט?

קעמוי עס וואָלט געשטאַנען אונטער דײַנע פּלײצעס
און אײמעדיק געשפּענסט מיטן פּאַרצעף פון א טײוול.
ניט וועד פּאַרשוונדן ווי א כאַלעם, שווארצע רויזו
אַס נײיג איך אַן מײַן קאַפּ פּאר אײַער עקסעלענץ,
און איך פּאַרבעט אײַך, קיניגן, אף ווּנדערבאַרן טאַנגאַ.
אַ, טאַנגאַ! דו ביסט זיס און ביטער ווי דאָס לעבן.
אַ, טאַנגאַ! דו גײיסט פּאמעלעך אויס אין אַרעמס פונעם טויט...
אַ, פון דעם טויט א טאַנגאַ...

אין דער לופט האָבן זיך שוין געטראָגן שווארצע פעדערן פון א דורכויסיקער סרייפע, וואָס איז פאַרגעקומען מיט פינף יאָר שפּעטער. אָבער דעמלט האָבן צוויי מאַנצבלען, פימע און ארקעלע, שטורמיש געפּליעסקעט מיט די הענט. אָבער העכער פון אלע האָט געפּאַטשט מיט זײַנע לאַנגע הענט דער דריטער מאַנצבל, קיריל גורניאַק.

פימע האָט זי טאַקע פאַרבעטן אף א טאַנגאָ. און מוזיק, פימע?

— מיר וועלן באַשטעלן בא דער גריל, — האָט אויסגערופן פימע שוין א ביסל שיקערלעך.

אלע האָבן זיך צעלאַכט. ארקעלע אויך. שוין עטלעכע מאָל האָט זי אים געוואָלט לייגן שלאָפן. אָבער ער — איינמאָל ניין. דאָס קינד האָט זיך געפרייט מיט דער פרייד פון די דערוואַקסענע. איז זאָל עס זיך פרייען. טאַנצן זיי א טאַנגאָ מיט פימען אונטער א שטומען אקאָמפּאַנעמענט פון קלאַנגלאָזער מוזיק פון זייערע הערצער. פימע פאַרגײַסט דעם קאָפּ, מינאַסטאַם איבער דעם, וואָס ער איז א קאָפּעלע נידעריקער פון איר, און דאָס פּאַסט ניט פאַר א קאַוואַלער, אז זײַן דאַמע זאָל זײַן העכער פון אים.

קיריל כאָכמעט זיך. מיטאַמאָל כאַפּט ער זיך אוף פונעם בענקל מיט אן אויסגעשריי:

— פימע, גענוג! לאָמיך אויך כאַפּן א טענצל מיט דינע באַריסאָוונען!

ווידער א געלעכטער און א טופּעריי פון קירילס פיס, וואָס נעמט זיך טאַנצן מיט איר א האָפּאַק. איננויטנדערינען — א קלאַפּ אין דער וואַנט.

— שאַט! מיסטאָמע די באַלעבאָסטע! — רופט זיך אָן פימע. — זי איז, ווײַזט אויס, באַרויגעז, וואָס מיר טומלען אַזוי.

— ניין, סע קאָן ניט זײַן. די באַלעבאָסטע שלאָפט שוין אפן גאַנעק.

— ניט פײַן, פימע. מיר וואָלטן געדאַרפט פאַרבעטן די באַלעבאָסטע. און עפשער איר זון אויך.

— ביסט גערעכט, דינעלע. אָבער פאַרפאַלן! וועסט דאָך ניט וועקן זי פונעם שלאָף.

— איז לאָמיר זײַן שטיל.

שטיל? ניין. דאָס געפעלט ניט קירילן. און ארקען אויך ניט. זיי טאַנצן איצט אינצווייען און טופּען אַזוי מיט די פיס, אז די טעלער אפן טיש שפּרינגען אונטער.

איצטער דערהערט זיך א קלאַפּ אין טיר. פימע עפנט זי. אף דער שוועל שטייט וויטאַלי מיט א פּאַטעפאָן אין דער האַנט. פימע שטייט בא דער טיר, אָבער זײַן בליק גייט דורך פאַרבײַ פימען, פאַרבײַ קירילן, שטעלט זיך אָפּ א פאַרצויבערטער אף דינעס פּאָנעם און קוים וואָס ער רעדט אויס:

— איר דאַרפט... איך מיין... מוזיק צום טאַנצן... האָב איך אײַך געבראַכט א פּאַטעפאָן מיט פּלאַטן...

# 8

דינע האָט באַזוכט באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע דאָקטוירים פון נערוון־קראַנקהײַט, פּסיכיאַטערס, אָבער זיי האָבן ווינציק־וואָס געהאָלפן ארעלען. האָט דינע באַשלאָסן אויסלייזן דאָס קינד פון דער טריבער שטומקײַט מיט אייגענע מיטלען. אין איר דימיען האָט נאָך אלץ געשוועבט דאָס בילד פון צוויי געליבטע: איינע שטייט אפן ברעג און דער צווייטער אף

דעם אָפּשווימענדיקן פּראָם, און זיי באַגייען זיך גאַנץ גוט אָן דער צונג און דעקלערן זיך אין ליבע מיט די הענט און מיט די פינגער.

נאָך לאַנגע זוכענישן איז דינען געלונגען צו קריגן אַ לערנבוך פאַר טויב־שטומע, און שוין דעם ערשטן אָפּדערנאַכט האָט זי זיך גענומען לערנען אַרקעלען. זי האָט גלײַך באַמערקט, אַז כּוץ אַלעמען געפעלט עס אַרקען, ווי עפּעס אַ קינדער־שפּיל, זיי האָבן ביידע געשריגן אויף קוילע־קוילעס, און זיי וואָלטן געפילדערט נאָך העכער, ווען זיי וואָלטן ניט מוירע געהאַט פאַר דער באַלעבאָסטע.

פרעגט זיך, וואָס האָבן זיי געהאַט צו שרײַען, אויב דער געשפּרעך האָט זיך געפירט אויף שטום־לאָשן מיט דער הילף פון די הענט? זיי זײַנען אָבער געווען אַזוי פאַרכאַפּט מיט דער שפּיל, אַז זיי פלעגן ניט באַמערקן, ווי די שטים קומט אַרויסהעלפן די הענט, און אַרקעלע, מיט גרויסער אָנשטרענגונג — דאָס פּענעמל פאַרויטלט זיך פון בלוט־צופלוס — פלעגט פּרוּוון אַרויסרעדן כּוץ "הע־הע־הע־הע" אויך אַנדערע קלאַנגען. דאָס קינד מוטשעט זיך נעבעך, נאָר עס קוועלט אָן. די מאַמע לײַדט, דער קאָפּ ברעכט זיך, נאָר זי לאַכט גאָר. קוועלן זיי ביידע, אָבער עס טרעפט ניט זעלטן, אַז אינמיטן דער לאַכעניש דערהערט זיך אַ געוויין...

אַרקעלע זיצט אויפן בענקל, די מאַמע שטייט אַקעגן אים אַ הויכע און שלאַנקע, אַ נידעריקע און אײַנגעבויגענע. זי ווײַזט אים אָן אַראָפּגעלאָזטע האַנט מיט אויסגעשטרעקטע פינגער:

— דאָס איז טעס. ט־ט־ט־ט...

דאָס קינד שטרענגט זיך אָן. דאָס קינד וויל שטאַרק צוליב טאָן דער מאַמען. ער באַמיט זיך איבערכאַזערן דער מאַמעס קלאַנג "ט", נאָר עס באַקומט זיך ניט בײַ אים. בלויז — "הע־הע־הע".

הייבט די מאַמע אָן ווידעראַמאָל פון סאַמע אָנהייב. זי שטרעקט אויס איר האַנט מיט צונויפגעדריקטע פינגער:

— דאָס איז אַלעף. אַ־לעף. אַ־אַ־אַ...

אַרקעלע כאַזערט איבער, נאָר דער קלאַנג איז גיכער ענלעך אויף "ע" איידער אויף "אַ".

איצט באַווײַזט די מאַמע דעם קינד די האַנט מיט צוויי צעשפּרייטע פינגער.

— אַ־דאָס איז אײַען. ע־ע־ע...

דאָס באַקומט זיך בײַ אַרקעלען גרינג. ער רעדט אויס דײַטלעך — "ע־ע־ע" און ביידע צעלאַכן זיך פון פאַרגעניגן.

אָבער ווען די מאַמע באַווײַזט דעם קינד פיר באַוועגונגען פון דער האַנט מיט די פינגער נאָכאַנאַנד און רעדט אויס יעדן קלאַנג באַזונדער, ט, אַ, ט, ע, און נאָכדעם אינײנעם — "טאַטע", צעוויינט זיך מיטאַמאָל דאָס קינד, און נאָך דעם — די מאַמע. דער פּלוצעמדיקער געוויין צעברעכט דעם געלעכטער אויף פּיצלעך. דינע, אָן אויסגעשעפּטע, לאָזט זיך אַראָפּ אויפן בענקל און פליסטערט זיך אַליין עפּעס מאָדנע רייד. "איך בין ניט שולדיק, פּימע. איך בין נאָכאַמאָל געווען באַם גרויסן שעף, כאָטש ס'איז מיר שטאַרק דערווידער אַפילע בלויז דער אויסזען פון יענער כוישעכדיקער געביידע, און ער האָט מיר ווידער צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיר אומבאַדינגט געבן צו וויסן וועגן דיר, ווי נאָר... פּוסטע צוזאָגעכצן..."

די טעג לויפן און פאַרקניפּן זיך אין וואָכן, די וואָכן — אין כאָדאָשים, און די כאָדאָשים — אין אַ יאָר. שוין דורך העכער אַ יאָר, און פון פּימען קיין שום יעדיעס. ווי אין וואַסער אַרײַן. עס קומט איר שוין אָרליוו פאַר צוויי יאָר, וואָלט זי אויסגענוצט דעם אָרליוו און געפאָרן צו פּימען, .זאָל זײַן אין דער ווײַטסטער אויסרײַסעניש, אָבער זי ווייסט דאָך ניט ווּהין... אַ שוידערלעכער געדאַנק טרייסלט אויף איר גאַנצן וועזן: עפּשער לעבט ער שוין ניט?

זי פילט, אַז זי גייט אַראָפּ פון זינען פון אַזעלכע ביטערע קלערענישן. איינמאָל, ווען אין צימער איז געווען טויט־שטיל — אַרקעלע איז געשלאָפן, און זי האָט עפּעס מעכאַניש געמײַסטרעוועט מיט די הענט, צורעכט געמאַכט אַרקעס מײַטקעלעך און דער קאָפּ איז געווען פאַרטראָגן אין אַ וועלט פון גרויזאַמע באַשעפענישן, — האָט זי פּלוצעם דערהערט

א גרילץ און זי האָט צוגעגייגט איר אויער, ווײַל דער גריל האָט דורכגעגרילצט מיט פּימעס שטים:

— דינע, ראַטעווע מיך!

דינע האָט א צאַפּל געטאָן. זי האָט אימפּולסיוו אַוועקגעשאַרט די אַרבעט אין א זײַט און אַטשלאָסן א קוק געטאָן אויפן זייגער. זי האָט אַנטוישט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. דער פאַראַס, אויב אפילו ער וועט ווערן פּינקטלעך לויטן גראַפיק, וועט זײַן ערשט אין דרײַ שאָ ארום, און זי קאָן ניט וואַרטן אַזויפיל, ווײַל דאָס האַרץ וועט איר פּלאַצן און אַרקעלע וועט בלײַבן א קײַלעכדיקער יאָסעס. אן אויפגערעגטע, האָט זי געכאַפּט א קוק אין פענצטער מיט א פּאַרגעפיל פון א נעס. זי האָט אָבער גאָרניט נישט דערזען. צווישן דער ערד און דעם הימל איז געווען צעשפּרייט א דורכויסיקער נעפּל און די זון האָט אויסגעזען דורך אים, ווי א קורניצל. דורכן נעפּל, ווי דורך א זיפּ, טריפט א דריבנער רעגן. פון ערגעץ פליט אָן א ציל, אָן א זין א שוואַרצע קראָ. זי פליט שווער, פאַמעלעך, פּאַכנדיק פויל מיט פּיטש־נאַסע פליגל. זי האָט זיך ניט וואָס צו אײַלן. זי לעבט דרײַ הונדערט יאָר. און פּימע האָט געלעבט אויף דער וועלט צען מאָל ווינציקער...

וואָס הייסט "האָט געלעבט"? בײַס זיך אָפּ א האַלבע צונג, — ווערט דינע באַרויגעז אויף זיך. נאָר מיטאַמאָל צינדט זיך אָן אין איר האַרצן א פונק פון טרייסט, צי עפּשער אפילו האָפענונג. אין הויף באַווײַזט זיך וויטאַלי מיט א וועסלע אויפן אַקסל.

זי לויפט אַרויס געשווינד.

— וויטאַלי! איר פאָרט אין שטאָט?

— ניין. איך בין געקומען פון דער שטאָט.

דינע זיפצט אָפּ.

— אַן אַווײַרע.

וויטאַלי קוקט אויף דינען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— וואָסי דען?

— איך דאַרף... איך מוז דרינגענד פאָרן...

ערשט איצטער הייבט אויף וויטאַלי די אויגן אויף דינען.

— איז אויב אַזוי... קומט. כ'וועל אײַך אַריבערשיפלען.

— א שיינעם דאַנק אײַך, וויטאַלי.

זי האָט אפגיך, נאָר דאָך אויף די שפּיץ פינגער, קעדיי ניט אויפוועקן אַרקען, זיך איסגעריכטעט, אַרויס אין דרויסן און נאָכאַמאָל זיך באַגריסט מיט וויטאַלין. ער איז געשטאַנען א הויכער, א שלאַנקער, א פּאַסמע בלאָנדע האָר האָט גרינג פאַרשאָטן זײַן שטערן.

— וויטאַלי, — האָט אים דינע געזאָגט, — איך האָב שוין געבעטן קלאַוודיע סידאָראָוונען, זי זאָל זײַן אַזוי גוט און אַכטונג געבן אויף אַרקען, ביז וואַנען איך וועל זיך אומקערן. איך וואָלט אָבער געוועט אײַך זייער דאַנקבאַר, ווען איר וואָלט איך געזאָגט אײַער מאַמען...

וויטאַלי האָט קוים אויסגערעדט איין־און־איינציק וואָרט:

— לאַדנאָ.[1]

ער האָט אַראָפּגענומען די וועסלע פון דער פּלייצע, צוגעשפּאַרט זי צום ווענטל פונעם גאַנעק און אַרײַנגעגאַן אין שטוב.

איצט, ווען דינע האָט אָנגענומען א פעסטן באַשלוס, איז זי געוואָרן רויִקער. זי האָט געקוקט דעם נעפּל גלײַך אין די אויגן, ווי איינער זאָגט: איך האָב שוין פאַר דיר ניט מוירע, כאַשכעשדיקע מראַקע, ווײַל די מראַקע האָט פון מײַן נעשאָמע זיך אָפּגעטאָן. איצט ווייס איך שוין, וואָס איך האָב צו טאָן. דער ווילדער פּאַכעד פאַרבלענדט שוין מער ניט מײַן באַוווסטזײַן...

---

[1] גוט. (רוס.).

וויטאַלי איז אַרויס פֿון דער שטוב און דאָס פּאַעם איז געווען באַ אים רויט. ער האָט שווײַגנדיק גענומען די וועסלע און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין. דינע האָט געוואַרט, ער זאָל עפּעס זאָגן, נאָר וויטאַלי, וואָס איז בכלל ניט געווען קיין גרויסער רעדנער, האָט איצטער ווי אײַנגעשלונגען די צונג. דינע האָט ניט אויסגעהאַלטן און געפֿרעגט:

— וויטאַלי איר זײַט אַף מיר באַרויגעז?

ערשט דעמלט האָט ער דורכגעשטאַמלט:

— איך קאָן ניט זײַן אַף אײַך באַרויגעז.

אַפֿן טײַך איז דער נעפּל געווען נאָך געדיכטער, ווי אַף דער ערד. ער האָט געקנוילט ווי טונקל־געלבלעכער רויך, צו געזעצטער, אומדורכדרינגלעכער פּאַר די שוואַכע שטראַלן פֿון דער קימאַט אומזעעוודיקער זון. דינע שטרענגט אָן איר ריע, נאָר זי זעט ניט נישט דעם רעכטן, נישט דעם לינקן ברעג. זי איז אָבער רויק — וויטאַלי רודערט מיט דער וועסלע פֿלינק און זיכער, און די שפּריצן פֿון אונטער דער וועסלע זעען אויס ליכטיקער און דורכזיכטיקער און לופֿטיקער, ווי די שוואַרצע פֿאַרמראַקעטע וואַסערן פֿונעם טײַך. דאָס שיפֿל גליטשט זיך לײַכט און גלאַט, קוים פֿאַרנורעט אין טײַך. די געמאָסטענע גליטשונג פֿונעם שיפֿל פֿאַרוויגט דינען. זי איז אַצינד, נאָך דעם אומגליק, שטענדיק מיד און שטענדיק אויסגעשעפּט. פֿאַרמאַכט זי די אויגן און דערזעט גלײַך, ווי אַ מוירעדיק גרויסער און גראָבער אונטערגעזעצטער בוים פֿאַלט אַנידער מיט זײַן גאַנצער שווערקײַט אַף פּימען, און פֿון זײַן צעקאַטעוועט לײַב רינט אַרויס אַ שטרעמעלע בלוט, און דער טיפֿער ווײַסער שניי ווערט ראָזעווע ווי... דינע טוט אַ צאַפּל, עפֿנט אויף די אויגן און ווערט געפּלעפֿט, גלײַך ווי איר מויעך וואָלט נאָך געדרעמלט און געזען שוין אַ צווייטן כאָלעם: דאָס שיפֿל וויגט זיך אַף איין אָרט אינמיטן טײַך, וויטאַלי רודערט ניט, נאָר זיצט אומבאַוועגלעך און קוקט אַף איר מיט אַנציקטע פֿאַרליבטע אויגן...

— וווּ זײַנען מיר, וויטאַלי? — פֿרעגט דינע דערשראָקן.

— אינמיטן דניעפּער.

— פֿאַרוואָס שווימען מיר ניט?

— כ׳האָב זיך פֿאַרקוקט אַף אײַך און פֿאַרלוירן די וועסלע... זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט פֿון מײַן האַנט.

דינע האָט פֿאַרשטעלט איר פּאַעם מיט ביידע דלאָניעס, ווי באַ ליכט־בענטשן.

— איר ווילט מיך דערטרונקען, וויטאַלי?

— ניין, איך וויל זיך דערטרונקען...

און נאָך אַ לאַנגער שווײַגעניש:

— אָבער... מיר געפֿינען זיך אינצווייען אַף איין שיפֿל... קאָן איך דאָס ניט אָפּטאָן.

ער האָט אַפּגיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם סוויטער און די הויזן, אַראָפּגעשפּרונגען אין וואַסער, ראַש אַ שווים געטאָן, פּאָכנדיק ברייט און ווײַט מיט פֿעסטע הענט, און אינגיכן פֿאַרשווונדן געוואָרן, אָן אײַנגעהילטער אין נעפּל.

— ווי־טאַ־לי!.. — האָט דינע אַ יאָמער געטאָן, און דער ווייגעשריי אירער האָט זיך אויך פֿאַרפּלאָנטערט אין דער געדיכטער מראַקע און האָט געגויסעסט.

דאָס שיפֿל האָט זיך נאָך אַ קאַפּ געהוידעט נאָך וויטאַליס מעכטיקן שפּרונג. דינעס האַרץ איז פֿאַרכאַלעשט געוואָרן. זי האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און ווידער שאַרף זיי צעעפֿנט, קעדיי איבעררײַסן דעם אײמעדיקן כאָלעם, וואָס האַלט זי פֿעסט, ווי אַ רויב־כײַע, אין זײַנע שאַרפֿע קרעלן און לאָזט זי ניט אַרויס.

— ווי־טאַ־לי!.. — האָט זי ווידער אויסגעשריגן און ניט דערקענט איר אומנאַטירלעך־אײַלנדיק קאָל. אַזאַ ווילדער יאָמער־געשריי וואָלט געדאַרפֿט אָפּשרעקן דעם ווײַטסטן כאָלעם. וואָס טוט זי דען דאָ, איינע אַליין אין שיפֿל אָן אַ רודער, צווישן הימל און וואַסער?

מיטאמאָל האָט דאָס שיפל זיך געגעבן א נייג אין א זײַט. עס האָט א פלי געטאָן אין שיפל א וועסלע, און צוויי שטארקע הענט האָבן זיך אָנגעכאפּט פארן באָרט. א דערפרייטע, האָט דינע אויסגעשטרעקט איר האנט וויטאלין. ער האָט זיך צוגעדריקט מיט די ליפּן צו דער אויסגעשטרעקטער האנט, אָבער ארופגעקלעטערט אָן איר הילף. איבער זײַן פּאָנעם האָבן זיך געקײַקלט טראָפּנס וואסער, ווי טרערן. דינע האָט זיי אויסגעווישט און אויסגערעדט שטילערהייט, ווי פאר זיך אליין:

— האָט ניט קיין הארץ אף מיר, ווילער וויטאלי. איך בין דאָך... איך בין דאָך עלטער פון אײַך עפּשער אף א גאנץ צענדליק יאָר... — אומדערווארט צוגעגעבן: — מײַן מאן פלעגט שרײַבן לידער. אין איינער א ליד איז פאראן א שורע, וואָס איז געווענדט צו מיר: "פארמאָגסט א נעשאָמע אָן קנייטשן..." איר פארשטייט, וויטאלי? אָן קנייטשן. צי קאָן איך דערלאָזן א קנייטש איצט, ווען מײַן מאן האָט געטראָפן אין אזא פלאָג?

וויטאלי האָט געשוויגן. די נאסע צעשיטערטע פּאסמע האָר, וואָס איז געווען צוגעקלעפּט צום שטערן, האָט אים צוגעגעבן נאָך א מער יינגלשן אויסזען. ער האָט געשוויגן און געשוויגן, ווי עפּעס א ניידער געגעבן ניט עפנענען דאָס מויל. און ערשט ווען דאָס שיפל איז צוגעשטאנען צום ברעג און ער האָט געהאָלפן דינען ארויסקלעטערן אפן ברעג, האָט ער ענדלעך אויסגערעדט עטלעכע געציילטע ווערטער:

— איך וועל וואַרטן אף אײַך.

דינע האָט הייס דערווידערט:

— מע דארף ניט וואַרטן, וויטאלי. כ'וועל קומען מיטן פּאראָם. כ'ווייס אליין ניט, ווען כ'וועל זיך באפרײַען.

זי האָט אימפּולסיוו אויסגעשטרעקט איר האנט, פארקעמט ארוף די צוגעקלעפּטע צו וויטאליס שטערן נאסע פּאסמע האָר און צוגעגעבן מיט א ביטערן קרים פון די ליפּן, וואָס האָט געזאָלט באטײַטן א שמייכל:

— און... כ'ווייס אליין ניט, צי איך וועל זיך ביכלאל באפרײַען... וויטאלי! איר זײַט זייער א ווילער מענטש... זאָגט מיר צו... איב מיט מיר וועט עפּעס טרעפן... זאָלט איר... זאָלט איר זאָרגן וועגן ארקעלען...

וויטאלי האָט שווײַגנדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

## 9

דינע איז געווען צופרידן מיט זיך — דאָס מאָל איז דער פּאכעד געווען קלענער. עפּשער פּאָשעט זיך צוגעוווינט — שוין ניט איין מאָל איז זי געווען אין דער דאָזיקער כאשכעסדיקער געבײַדע. און עפּשער דערפאר, וואָס איר באשלוס איז געווען פעסט. אָדער — אָדער...

ווי אלעמאָל מאכט דער שעף אן אָנשטעל, אז ער זעט די "בירגערן גיטיס" דאָס ערשטע מאָל. און עפּשער איז דאָס ניט קיין אָנשטעל. וואָסי, ווינציק פרויען, מוטערס און טעכטער קומען אהער צו גיין הײַנטיקע צײַטן, קעדיי צו דערוויסן זיך וועגן דעם גורל פון זייערע מענער, זין און פּאָטערס? קאָן ער אלע פארגעדענקען? און נאָך וואָס דארף ער דאָס — פארגעדענקען?

דינע האָט זיך גלײַך פּאָרגעשטעלט.

— איך בין גיטיס. איר האָט מיר צוגעזאָגט געבן צו וויסן וועגן מײַן ארעסטירטן מאן יעפּים גיטיס.

ווי געוויינלעך האָט דער שעף אפגעהויבן דאָס טרײַבל פונעם טעלעפאָן. עפּעס אויסגערעדט, און באלד האָט זיך ארײַנגעשטעלט דער זעלבער קליינוווקסיקער איספּאָרשער מיט די געלבלעכע שיטערע האָר.

— די איספּאָרשונג איז נאָך ניט פארענדיקט.

דינע האָט זיך ארויסגעכאפּט:

— אזויפיל צײַט!
דער שעף האָט מיט ביטל דורכגעבורטשעט:
— מיר האָבן איצט בילכערע זאכן.
דער אויספאָרשער האָט צוגעגעבן:
— כוץ דעם, איז אײַער מאן א גרויסער אקשן. ער וויל זיך ניט מוידע זײַן אין זײַנע פארברעכנס.
— וואָס פאר פארברעכן? — האָט דינע ניט־ווילנדיק געהעכערט די שטים.
— ווי ס׳איז דערוויזן, איז אײַער מאן געווען אן אקטיווער מיטגליד פון דער אונטערערדישער ציִוניסטישער אָרגאַניזאציע, און ער לייקנט דאָס אָפּ, — האָט דער אויספאָרשער צאָרנדיק אופגעוואָרפן דער צערודערטער פרוי, גלײַך גראָד זי וואָלט געווען שולדיק אין דעם.
— פי־מע? אן אונטערערדלער? — האָט דינע ווידער ניט־ווילנדיק אויסגעשריגן.
— בירגערן גיטיס! — האָט דער שעף שטרענג אָנגערוקט די געדיכטע ברעמען אף די אויגן, וואָס זײַנען פארוואנדלט געוואָרן פאר דינען אין צוויי שמאָלע שטעכיקע שפארונקעלעך. — איר האָט, זעט אויס, פארגעסן וווּ איר געפינט זיך!
ער האָט א ווונק געטאָן דעם אויספאָרשער, און יענער האָט פאָרגעזעצט:
— מיר נייטיקן זיך ניט אין זײַן אנערקענונג. זײַן פארברעכן איז סײַווי דערוויזן. אָבער איב מיר סטארען זיך באקומען פון אים די דאָזיקע אנערקענונג, טוען מיר דאָס טאקע נאָר צוליב אים. איב א פארברעכער איז אָפנהארציק זיך מוידע, ווערט די שטראָף אווטאָמאטיש קלענער, ווײַל...
דער שעף האָט איבערגעשלאָגן דעם אויספאָרשער:
— גייט און ברענגט מיר דעם לעצטן פראָטאָקאָל.
ווען דער אויספאָרשער איז ארויסגעגאנגען, האָט דער שעף געפרעגט דינען מיט א מילד שמייכעלע:
— עפשער וועט איר זיך מוידע זײַן פאר אים?
דינע איז געזעסן ווי געפּלעפט, מאשינעל געענטפערט מיט א שמייכל אף א שמייכל. ניט לאָזדיק זי קומען צו־זיך, האָט ער, אָן א פּאוזע, גלײַך פארגעבן איר א צווייטע פראגע:
— איר ווילט האָבן א זעונג מיט אײַער מאן?
בא דינען האָט זיך ארויסגעכאפט:
— אוי, גאָטעניו! איר האָט טאקע א ייִדיש הארץ!
די אויגן זײַנען פול געווען מיט טרערן.
— זײַט געבענטשט, גוטער מענטש!...
די טרערן רינען. זיי לעשן אָבער ניט אויס די אופגעפלאמטע האָפענונג. און דאָך, די דאָזיקע האָפענונג איז ניט בעקויעך צו דערשטיקן עפּעס א ווידערגעפיל: ווי גרינג, ווי פּאָשעט איז מאכן דעם שטאָלצסטן מענטשן ניכנעדיק.
אין דער מינוט איז צוריקגעקומען דער אויספאָרשער מיט א פּאפּקע אין דער האנט. דער שעף ווערט גלײַך שטרענג און אָפיציִעל. קיין סימען פון א שמייכל. ער זאָגט:
— איז איב אזוי, בירגערן גיטיס, דארפט איר אונדז צוזאָגן, אז איר וועט אײַנריידן אײַער מאן, ער זאָל זיך אין אלץ מוידע זײַן און העלפן אונדז דעמאסקירן די אנדערע פארברעכער פון דעם אונטערערד.
דינע איז געבליבן זיצן אָן לאָשן. "וועער איז ער, דער שעף? ער פארמאָגט נאָך א קליין פּיצעלע מענטשלעכקײַט, צי ער איז נאָך ערגער פון דעם אויספאָרשער מיט די שיטערע געלבלעכע האָר?.. זי האָט זיך ראש אופגעהויבן פונעם אָרט און, אָן קיין שום וואָרט, געריכטעט זיך צום ארויסגאנג.
דער שעף האָט זי א רוף געטאָן:

— בירגערן... ע... ע...
— גיטיס, — האָט כניפּעדיק אונטערגעזאָגט דער אויספאָרשער.
— בירגערן גיטיס! — האָט דער שעף אויסגערופן. — ווּהין איַלט איר זיך אַזוי?
ער האָט א ווונק געטאָן דעם אויספאָרשער, און יענער איז באלד פארלאָפן איר דעם וועג.
— בירגערן גיטיס! איר זייַט ארעסטירט.
דינען איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אלע געפילן זייַנען בא איר ווי פארכאלעשט געוואָרן. און בלויז איין געדאנק האָט געבויערט איר מויעך מיט אן אומדערטרעגלעכן ווייטיק: ארקע!
און ארקע איז דעמלט געשלאָפן. לעבן זיַין בעטל איז געזעסן איַינגעהויקערט וויטאלי. ער האָט געוואָרט מיט זיַין שיפל אף דינען ביז שפּעט באַנאכט. און ווען זי איז אלץ ניט געקומען, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, וואָס עס האָט געקאָנט מיט איר געשען. האָט ער זיך אומגעקערט אהיים, אויסגעטאָן די שיך, אריַינגעגאַנגען אין דינעס צימער אין די שקארפּעטקעס. ארקע איז געשלאָפן. האָט וויטאלי זיך צוגעזעצט צו זיַין בעטל. פארקלערט זיך, דערנאָך האָט ער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אויך אנדרעמלט געוואָרן.

דער אויספאָרשער האָט זאכלעך באפוילן דינען:
— בירגערן גיטיס! פאָלגט נאָך מיר.
זי האָט זיך באוועגט רעפלעקטיוו. ווען דער אויספאָרשער האָט פארמאכט נאָך זיך די שווערע טיר פון דעם קאבינעט, האָט זי אף א וויַילע זיך פארהאלטן. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אז עפּעס א מענטש, צי א שאָטן פון א מענטשן, האָט זיך ווי פארטייַעט אין א וויַיטן האלב־פינצטערן ווינקל פונעם לאנגן קאָרידאָר. ער שטייט מיט אן אָנגעבויגענעם קאָפּ און פוצט גרינג מיט א נאָזטיכעלע די כראָמאָווע שטיוול מיט די לאנגע כאָליעוועס.

# 10

א שטיקל הימל, צעקארדאשעט מיט גראטעס, בא דער סאמע סטעליע — און שוין. מער איז איר גאָרנישט ניט פארבליבן פון דער גרויסער וועלט...
דינע האָט איצט געגוג צייַט צו קלערן. נאָר אלעמאָל דרינגט אריַין און צערייַסט אירע קלערענישן ארקעלע מיט זיַין קלאָגעוודיקן און אומבאהאָלפענעם "הע־הע־הע"...
שוין בא דעם ערשטן פארהער, נאָך דער ערשטער פראגע, האָט זיך בא איר ארויסגעריסן אַנשטאָט אן ענפער:
— וואָס וועט זיַין מיט מיַין קינד?
דער אויספאָרשער האָט צוגעגלעט זיַינע געלבלעכע האָר און געענטפערט:
— אונדזער מעלוכע וועט דאָס שוין יאקאָס באזאָרגן.
א מאך געטאָן מיט דער האנט און צוגעגעבן:
— איבעריקנס, איז דער גורל פון איַיער קינד אָפּהענגיק פון איַיער אופירונג.
דער פארהער האָט זיך פארצויגן ביז דער טיפער נאכט. א שטארק מידע און אויסגעשעפּטע, האָט דינע ניט־ווילנדיק א גענעץ געטאָן, און דאָס האָט מעסוקן דערצאָרנט דעם אויספאָרשער. ער איז געווען צוגעוווינט צו ניכנעדיקייַט, פּאכדאָנעס, טרערן, ניט זעלטן – צו כניפּע. אָבער גענעצן בעשאס א פארהער! אן אומגעהערטע כוצפּע!
און נאָך ´האָט´ אים געערגערט די רייצנדיקע שיינקייַט פון דער־אָ פרוי, וואָס איז, אין טאָך, פולשטענדיק אין זיַינע הענט — וויל ער, וועט ער אָוואלגערן א הויפן באשולדיקונגען. וויל ער — קאָן ער זי באגנעדיקן. באגנעדיקן? ניין. דאָס ניט. ער האָט פּיַינט געהאט טאכלעס סינע שיינע פרויען, וויַיל זיי פלעגן זיך איזדיעקעווען איבער אים, אויסלאכן זיַין קליינוווקסיקייַט, זיַינע שיטערע געלע האָר, זיַינע אומגעלומפּערטע אָנשטרענגונגען א

שמייכל טאָן — זײַן שמייכל פלעגט זיך אלעמאָל באקומען קרום און אָפּשטויסנדיק, האָט ער אופגעהערט צו שמייכלען.

איצט האָט ער פאַרגעזעצט צו פאַרגעבן איר א סאך געוויינלעכע פאַרמעלע פראגן. האָט ער פאַרטײַעט לעסאָטע זײַן בייזקײַט און געדולדיק געוואַרט אף א צווייטן גאנעץ, דעמלט ווען ער שוין וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן.

— ווו און ווען האָט איר זיך באַקאַנט מיט יעפים גיטיסן?

— מיר זײַנען דאָך לאַנדסלײַט, פון איין שטעטל.

— בירגערן גיטיס, ענטפערט דײַטלעך אף מײַן פראגע: ווו און ווען?

״גאָט מײַנער! וויפל וועט ער מיך מוטשען! אזוי שפּעט שוין, און ער...״ — האָט דינע געקלערט און עפּעס א מראקע האָט זיך גלײַך אראָפּגעלאָזט אף איר איסגעשעפּטן מויעך און פאַרטונקלט אירע קלערענישן. ווי אין כאַלעם פרעגט זי פימען: ״ווען האָבן מיר זיך מיט דיר באַקאַנט, פימעלע? דו געדענקסט ניט? עפּשער נאָך ווען מיר האָבן זיך געשפּילט מיט דיר אין אום צי גראָד?..״ דער כאַלעם האָט זי אײַנגעהילט אין עפּעס א זאַרגלאָזער פאַרטראָגנקײַט, און זי האָט מיט פאַרגעניגן ווידער א גאנעץ געטאָן. און אין דער זעלבער רעגע, אין דער רעגע, אף וועלכער דאָס נידעריק געלהאַריק נעפּעשל האָט אזוי געדולדיק צי אומגעדולדיק געוואַרט, האָט ער ארויסגעלאָזט דאָס הענטל־פּען פון דער האַנט און מיט עפּעס א סאַדיסטישער רעציכע א פּליאַסק געטאָן דינען אין פּאַנעם. די פרוי האָט א געשריי געטאָן און פאַרדעקט איר צעפלאַמט געזיכט מיט ביידע הענט. דער אויספּאַרשער איז געזעסן, געשמוכט און געשעפּט נאכעס פון דער דערנידעריקונג פון דער דאָזיקער שיינער גאָדלעסדיקער פרוי.

עפּעס איינמאָל, שוין אויך שפּעט אין דער נאכט, דערהערט זי פּלוצעם א שאַרפן דרינדזש פון א שליסל. ״ווידער רופט מען שוין אף א פאַרהער!״ — האָט אופגעבליצט אין דינעס מויעך א פיבערדיקער געדאַנק. זי איז אָבער געוואָרן שטאַרק צעטומלט, ווען פאַר אירע אויגן איז אנטשטאַנען קיריל גורניאַק. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אף זײַנע פיס, אָנגעשוכטע אין, ווײַזט אויס, א ביסל ענגע כראָמאָווע שטיוול מיט לאַנגע בלישטשענדיקע כאַליעוועס. ער איז געשטאַנען לעבן איר אײַזערן בעטל, געשמוכט און עפּעס געפּלאַפּלט.

— קוים... קוים דערשלאָגן זיך צו דיר... שוו... שוואַרצע רויז...

דינע האָט אָנגעצויגן אף זיך די אָפּגעריבענע קאָלדרע. קיריל האָט גרינג, קוים מערקבאַר, געהוידעט זיך אף זײַנע לאַנגע פיס, און צוזאַמען מיט אים האָבן זיך געוויגט אומגעלומפּערטע שאָטנס איבער די גרויע ווענט און נידעריקער סטעליע. ווידערשפּעניקע מאַכשאָוועס און קאַוואָנעס האָבן זיך געראַנגלט אין איר אופגעוואַכטן קאָפּ. עס האָט זיך אָבער ארויסגעריסן דאָס, וואָס האָט אמערסטן געדרעגט איר האַרץ.

— וואָס איז מיט אַרקען?

— אלץ... אלץ איז אין אָרדענונג...

דינע האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— איר זײַט שיקער, קיריל יעוודאָקימאָוויטש?

גורניאַק האָט גערן צוגעשטימט.

— יאָ. כ׳בין ש־שיקער. אָבער ניט... נ־ניט... פון...

דינע האָט געקוקט אף אים מיט צעטומלטע אויגן. עפּעס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז גורניאַק איז ניט אזוי שיקער, ווי ער מאַכט זיך. אָבער צוליב וואָס? נאָר וואָס קען זי דען טאָן? ס׳איז די איינציקע געלעגנהײַט דערוויסן זיך עפּעס־וואָס וועגן דעם קינד.

— איר האָט געזען אַרקען?

— יאָ. פאַרש־שטייט זיך. כ׳האָב אים געזען מיט מ־מײַנע אייגענע אויגן. טאַקע צוליב אים בין איך געקומען צו דיר... אנטש־שולדיקט... צו אײַך, דינע באַריסאָוונע...

ער איז אַנשוויגן געוואָרן אַף אַ ווײַלע און נאָכדעם פאַרגעזעצט, און וואָס ווײַטער ער האָט גערעדט, אַלץ ווינציקער האָט זיך באַ אים די צונג געפּלאָנטערט.

— דינע באָריסאָוונע! איר מוזט מיך אויסהערן. צען מינוט. גאַנצע צען מינוט דאַרפט איר שווײַגן, מיך ניט איבעררײַסן, און אויסהערן אַלץ, וואָס כ׳וועל אײַך זאָגן. אויב איר ווילט, איז רעכנט, אַז דאָס איז מײַן ווידוי...

ער איז ווידעראַמאָל אַנשוויגן געוואָרן, זיך צוגעזעצט צופוסנס פונעם בעטל. דינע האָט אָפּגערוקט אירע פיס.

— האָט ניט מוירע. כ׳וועל זיך צו אײַך ניט צרירן. כאָטש איר זײַט אין מײַנע הענט, און כ׳וואָלט געקאָנט טאָן מיט אײַך אַלץ, וואָס מיר וואָלט זיך פאַרוואָלט...

אַ שווײַג, אַ פּאַוזע, דינעס האַרץ פּיבערט, און ער, ווי אָפּצולאָכעס, — פּאַמעלעך, צעצויגן:

— איר מיינט אַוודע, אַז דאָס בין איך אײַער בייזער טײַוול... איז מיינט, איך בין טאַקע אַ טײַוול, אָבער אַ טײַוול בין איך געוואָרן איבער דיר... איבער אײַך... שוואַרצע רויז... פונעם ערשטן בליק... ווען כ׳האָב דאָס ערשטע מאָל אײַך דערזען... האָב איך זיך אומזיניק אין אײַך פאַרליבט...

— אָ! איר זײַט טאַקע זיך באַגאַנגען ווי אַן אומזיניק פאַרליבטער... זאָגט מיר בעסער וואָס גיכער, וואָס איז מיט אַרקען?

ער האָט איבערגעכאַזערט אַזוי ווי פריִער:

— מיט אַרקען איז אַלץ אין אָרדענונג. — דערנאָך צוגעגעבן: — איך גיב אַף אים אַכטונג.

נאָכדעם פאַרגעזעצט אין פריִערדיקן נוסעך, האַלב שיקערלעך:

—איר מיינט אַוודע, אַז דאָס האָב איך אײַך פאַראַטן... איז מיינט. אָבער אַלץ איבער אײַך, שוואַרצע רויז. איר זײַט פאַרבאַקן געוואָרן אין מײַן האַרצן פונעם ערשטן בליק און...

דינע האָט אים איבערגעשלאָגן:

— איר האָט דען אַ האַרץ?

דינעס סאַרקאַסטישע פראַגע האָט אַ ביסל מעוואָלבל געמאַכט גורניאַקן. ווײַזט אויס, אַז ער האָט טאַקע געכאַפּט אַ ביסל מאַשקע, איידער ער איז געקומען אַהער. ער האָט קוים אָפּגעזוכט אין זײַן זיקאָרן דעם אָפּגעריסענעם עק פון זײַנע איבערגעשלאָגענע רייד און ווידער אים אונטערגעכאַפּט, קעדיי צו פאַרבינדן אים מיט דעם נאָך אַלץ ניט אַרויסגעזאָגטן איקערדיקן באַגער.

—...פונעם ערשטן בליק. גראַדע דערפאַר האָב איך אָפּגעזוכט פאַר אײַך אַ צימער אַף דעם טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו, ווו איך אַליין וווין. אָבער איר האָט זיך באַצויגן צו מיר גרינגשעצעריש, ניט איין מאָל אויסגעלאַכט מײַנע... מײַנע ליבע־דערקלערונגען... איצט... איצט... ראַט איך אײַך ניט איבעררײַסן מיך און אויסהערן ביזן סאָף, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי עס וועט אײַך געפעלן דאָס, וואָס איך קלײַב זיך אײַך זאָגן, צי ניין.

ווידער אַ האַפּסאַקע, וואָס האָט געזאָלט אונטערשטרײַכן די באַדײַטפולקייט פון די ווערטער, וואָס זי, דינע, וועט גלײַך פון אים דערהערן.

— צוליב אײַער קינד, נו, און אַוודע צוליב זיך אויך, דאַרפט איר זיך געטן מיט יעפים סאַמוילאָוויטשן און כאַסענע האָבן מיט מיר.

ער האָט אַרויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע אַן אַקוראַט צונויפגעלייגט בייגעלע פּאַפּיר און אַ הענטל־פען, דערלאַנגט עס דינען און צוגעגעבן:

— איר שרײַבט בלויז אַן אַ מעלדונג, אַז איר ווילט זיך געטן מיט דעם בירגער גיטיס, ווײַל ער איז אַ סוינע פונעם פאָלק, און איך וועל שוין אַליין אַלץ איספּורעמען.

דינע האָט זיך פּלוצעם צעלאַכט, און איר היסטעריש געלעכטער האָט מעסוקן פאַרכידעשט גורניאַקן. און אויך די פיר ווענט פון דער איינצל־קאַמער, וואָס האָבן קיינמאָל

ניט געהערט און ניט געוווּסט, וואָס איז אַזוינס געלעכטער. ער, ווידער, קיריל גורניאַק, האָט זיך געקאָנט ריכטן אַף אַן אָופּבּרויז פון צאָרן פון דער דאָזיקער פרוי, אַף פּלאָמיקער אויפגעבראַכטקייט אירער, אַף אָפּגעבליצטע פייער־פונקען אין אירע שיינע שוואַרצע אויגן — אָבער געלעכטער? ניין, אַף דעם האָט ער זיך בעשום־אופן ניט געריכט.

דינע האָט קוים דערשטיקט איר געלעכטער. זי האָט אָפּגעאָטעמט און מיט אַ געמאַכטער פייערלעכקייט אַרויסגעבראַכט:

— איר זייט אַן עכטער ריטער, קיריל יעוודאָקימאָוויטש!

דערנאָך האָט זי זיך שאַרף אַ קער געטאָן, אונטערגעשטעלט גורניאַקן די לינקע באַק און געזאָגט:

— דער אויספאַרשער האָט מיך שוין אַ פּליאַסק געטאָן אין דער רעכטער באַק. איצט האָט איר אַ מעגלעכקייט אַ פּאַטש טאָן מיך אין דער לינקער.

ווייזט אויס, אַז די פאַרשיקערטקייט האָט בא גורניאַקן זיך אויסגעוועפּט. ער האָט אויסגערעדט זאַכלעך און ניכטער, און סאַמע די דאָזיקע זאַכלעכקייט און ניכטערקייט האָבן געפּלעפט דינען מער, ווי זיין שיקערע כוצפּע.

— ניטאָ קיין ריטערס אַצינד, דינע באָריסאָוונע. און איב עמעצער וואָלט זיך יאָ געיאַוועט, וואָלט ער גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סוינע פון פאָלק.

אומדערוואַרט, אַף אַן אויסטערלישן אופן, האָט דינע מיטאַמאָל זיך דערמאָנט אין וויקטאָריע סאַוועליעוונעס גוטוויליקער אייצע: "האָב כאַסענע!" און זי איז דאָך ניט קיין מענגוול, ווי גורניאַק. זי איז דאָך איר פריינט. הייסט עס, אַז די שרעקלעכע מענטשלעכע דעגראַדאַציע איז ניט קיין איינצלנער פאַל.

דינע האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף און אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין געזאָגט גורניאַקן:

— איך האָב צו אייך צוויי ביטעס. שענקט מיר דאָס בייגעלע פּאַפּיר און דאָס הענטל־פּען און גייט אַוועק.

— לאַדנאָ, — האָט קיריל צוגעשטימט, און עס איז ניט געווען צו זען, צי ער באַליידיקט זיך, צי דאָס איז אים אַלציינס. ער האָט בלויז געפרעגט:

— און די דריטע ביטע? אַרקע?

דינע האָט מאַשינעל איבערגעכאַזערט:

— און די דריטע ביטע איז אַרקע.

קיריל האָט איר דערלאַנגט דאָס פּאַפּיר און הענטל־פּען און געוואָרנט זי:

— זייט פאָרזיכטיק מיט אייערע שרייבעכצן.

נאָכדעם, פאַרקערעווענדיק זיך צום אַרויסגאַנג, האָט ער איר געזאָגט:

— איך גיי. נאָר כ'וועל נאָך קומען צו דיר.

און ער איז פאַרשווּנדן.

דינע איז געלעגן, שטאַרק געוואָלט שלאָפן, נאָר בעשום־אופן ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. האַלב וואַך, האַלב פאַרטאָן אין אַ מאַרקאָטנע שלומער, האָט דינע ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אומאָליקע טעג, ווייל די היינטיקע און מאָרגנדיקע האָבן אויסגעזען שוואַרץ און אויסזיכטלאָז. אַף וואָס האָט זי געקאָנט האָפן? זי האָט שוין אויפגעהערט פאַרגעבן זיך די דאָזיקע פאַרצווייפלטע פראַגע, ווייל קיין ענטפער אַף איר איז ניט געווען און ניט געקאָנט זיין. אַ כאַשכעס האָט זי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און קיין אויסוועג איז ניט געווען. פּימע איז געווען איר ווייטיק, אַרקעלע איז געווען איר נאָך גרעסערער, נאָך שאַרפערער ווייטיק, און וועגן זיך האָט זי שוין ניט געקלערט. ערשט איצט, נאָך גורניאַקס פּרעכן באַזוך, האָבן די דריי אומגליקלעכע גויראָלעס זיך ווידער געגומען קייטלען, בלויז אַף אַזאַ אופן, אַז דער ווייטיק איז געוואָרן נאָך אומדערטרעגלעכער איבער אַ שאַרפן בושע־געפיל. זאָל

זי מאקריוו זײַן איר לעבן און איר ליבע פאר דעם לעבן פון די צוויי טײַערסטע מענטשן אף דער וועלט? דאָס לעבן — יאָ, אָבער די ערע — ניט.

ערע... קאָוועד... שיינע ווערטער אין אזא מיִעסער צײַט...

זי ליגט, זי טראַכט, זי רעדט צו זיך אליין, און נאָכדעם שליסט זיך אײַן אין דעם געשפרעך, אין דעם קלאנגלאָזן געשפרעך איך פימע.

— דו לעבסט נאָך, פימע? זאָל איך ראַטעווען אונדזער קינד מיט דער פרײַז פון אונדזער ליבע, פימע? ווי מיינסטו? זאָל איך שרײַבן מיט מײַן אייגענער האַנט, אז איך וויל זיך געטן מיט דיר, ווײַל דו ביסט א סוינע פונעם פאָלק, אזא פארביסענער פארטײַעטער סוינע, וואָס, לעבנדיק מיט דיר אזויפיל יאָרן, האָב איך ניט געקאָנט דיך דעמאַסקירן, און נאָר דער גרעלער איספּאַרשער און דער אויגנצייניקער קיריל גורניאַק האָבן מיר ענדלעך געעפנט די אויגן? ענטפער מיר, פימע, שווײַג ניט, כ׳בעט דיך, ווײַל דער מויעך וועט פלאַצן בא מיר און כ׳וועל אראָפּ פון זינען...

ענטפערט פימע, און די ליפּן צוקן זיך בא אים אף א מעשונעדיקן אויפן: שרײַב, דינע, וואָס דו ווילסט. ניין, ניין, אנטשולדיק, דינע, כ׳האָב געוואָלט זאָגן: שרײַב, וואָס זיי ווילן, האָסט ניט וואָס אָנצוּווערן, ווײַל איך האָב שוין אליין אונטערגעכאַסמעט שווארץ אף ווײַס, אז איך בין א סוינע פונעם פאָלק.

— וואָס הייסט! עס קאָן ניט זײַן, פימעלע! אזא בילבל אף זיך אליין אויסטראַכטן!

— סע קאָן זײַן, דינעלע. דו געדענקסט דעם עמער אין קיך, וווּהין מיר פלעגן אויסגיסן פּאָמויעס? איצט שטעל זיך פאָר, אז דער עמער איז פול ביזן ברעג, און איך הייב אים אוף, קער אים איבער און גיס זיך אָפּ מיט די שטינקענדיקע פּאָמויעס פון קאָפּ ביז די פיס.

— מ׳האָט דיך, נעבעך, אזוי געפּײַניקט, פימעלע?

— פרעג ניט. האַלעווײַ זאָל דיך איסמײַדן דער דאָזיקער שרעקלעכער גוירל...

— איך בין א פאַסקודנע פרוי, פימעלע. פאַרוואָס זאָל איך דיך פאַרשטעלן זיך אַן אָפּגעגאָסענעם מיט פּאָמויעס? עמעס, גורניאַק האָט מיר עפּעס געגעבן אָנצוהערן. אָבער שוין זשע דאַרף מען אים גלייבן! ער האָט דאָך אוודע אומיסטן... ניין, פימע, דו ביסט דאָך אזא ציכטיק־ריינער... ריין און ליכטיק ווי דײַנע פערזן...

און דינע נעמט אָנשטרענגען איר זיקאָרן — עפּשער וועט זי זיך עפּעס דערמאָנען פון פימעס דיכטן, וועלכע ער פלעגט אָפּט רעציטירן. עפּעס איז מיסטאַמע פארבליבן אין זיקאָרן. זי מוז זיך דערמאָנען, וועט עפּשער ליכטיקער ווערן אין קאַמער. עפּשער וועט זיך איר דערבײַ אײַנגעבן א ביסל א דרעמל טאָן, וועט זיך דער מויעך אָפּרייניקן פון דעם קאַשמאַרישן שוים.

אין זיקאָרן טויכט אוף אַן אָנהייב פון א ליד, און דינע פרייט זיך, וואָס דער אָנהייב איז אזא האַפּעדיקער, אזא לײַכט־ריטמישער, און, פרייענדיק זיך מיטן אָנהייב, פארגעסט זי וואָס פאר א סאָף, און ווען זי דערמאָנט זיך, איז שוין שפּעט — ער שפּאַרט ארויס, דער סאָף, מיט זײַן גאַנצער האָפענונגסלאָזער שווארצקײַט, און ערשט איצט דערטראַכט זיך דינע, וואָס האָט זיך באַצויגן עטוואָס גרינגשעצעריש צו די לידער פון איר מאַן, אז עפּעס נעוויִעסדיקס איז דאָך געווען אין זיי.

**איבער טאָלן, איבער בערג,**

**איבער וואַסערן א סאָך,**

**כ׳בין געקומען דיך דערזען,**

**דיך, וואָס מײַן נעשאָמע גאַרט.**

**כ׳האָב געזוכט דיך, שטאַרק געזוכט דיך**

**אונטער קלאָרער שײַן פון הימל.**

**נאָר געפונען — ווי צו מיר? —**

**אונטער ערד אין גרוב, אין קייווער...**

וואָס האָט ער געמיינט, פימע? אז אלץ ענדיקט זיך מיט א גרוב?

ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען דינע האָט שוין גענומען אָנטייל אין די קריגס־אָפּעראַציעס אַלס אַ קאַפּיטאַן פֿון דער מעדיצינישער דינסט, האָט זי איינמאָל פּלוצעם זיך דערמאָנט די דאָזיקע טראַגישע פּערזאָן, און זי האָט אַ קלער געטאָן, אַז עפּשער האָט פּימע געהאַט נעוויִעסדיק אין זינען דעם שווידערלעכן פּאַשיזם און דעם באַבי יאַר?..

אָט אַזוי האָבן געשוועבט אין דינעס פֿאַרשלומערטן זיקאָרן אַזש ביז אינדערפֿרי אַלערליי פֿאַרגעדענקטע פּערזאָן, ווײַסע און לײַכטע און מאַיעסטעטישע, ווי שוואַנען (פּינצטערע האָט זי געטריבן פֿון זיך). זיי האָבן שטילערהייט געפּאָכעט מיט לאַנגע און ברייטע און ציכטיק־ווײַסע פֿליגל, צאַרטע און ווילע, ווי דער מאַמעס הענט בעשאַס ליכט־בענטשן, געפּאָכעט און געלופּטערט די לופֿט פֿון דעם איפּעש, און פֿאַרשלעפּערט דינען. ערשט דעמלט האָט זיך צעעפֿנט די גרויע סטעליע, און דינע האָט דערזען פּימען באַם אַרײַנגאַנג אין גאַניידן מיט אַ קויל אין דורכגעלעכערטן נאַקן... „פּימע!״ — האָט זי אים פֿאַרצווייפֿלט אַ רוף געטאָן, אָבער ער האָט זיך ניט אויסגעקערעוועט צו איר, ווײַל זײַן נאָמען איז איצט געווען ניט פּימע, נאָר כאַיִם, אַזוי ווי דער ווידער כאַיִם, ווידע דער זיידע האָט אים אַ נאָמען געגעבן. אָנשטאָט פּימעס שטים דערהערט זי פּלוצעם אַרקעלעס דין אָפּגעהאַקט קעלכל: „העַ־הע־הע...״ און אַ שאַרפֿער ווייטיק שנײַדט דורך איר האַרץ, און זי פֿילט, אַז זי עקט זיך, נאָר זי טאָר ניט שטאַרבן — וואָס וועט זײַן מיט דעם אומגליקלעכן קײַלעכדיקן יאָסעם? מיט אַרקעלען?

זי הייבט זיך אויף פֿונעם בעטל, פֿאַרײַסט דעם קאָפּ צום קליין פֿאַרגראַטעט פֿענצטערל אונטער דער סאַמע סטעליע און כאַפּט גיריק אויף מיט די ברייט צעעפֿנטע אויגן בלייכע ליכט־צייכנס, וואָס טריפֿן שעמעוודיק אַרײַן אין קאַמער. אויף דער ברייטער וועלט טאָגט שוין, און דאָ, אין דעם שמאָלן קעמערל, איז נאָך האַלב־פֿינצטער. זי וועט נאָך צוואַרטן אַ ביסל ביז די קאַמער וועט זיך אָנשעפּן מיט ליכט און דעמלט ווייסט זי שוין, וואָס זי האָט צו טאָן: זי וועט אָנשרײַבן אַ בריוול אויף דעם איין־און־איינציק בייגעלע פּאַפּיר, וואָס גורניאַק האָט איר געשענקט, און זי וועט אים בעטן, קירילן, ער זאָל דאָס איבערגעבן אַרקעלען. יאָ, זי וועט ניכנעדיק בעטן גורניאַקן — אַ ברייערע האָט זי. אָבער דאָס קינד קאָן דאָך ניט לייענען. נישקאָשע, זי וועט אים „אויסמאָלן״ אַ בריוול אויף שטום־לאָשן, וואָס זי האָט שוין באַוויזן אים אַ ביסל אויסלערנען.

און דערווײַל שפּאַנט זי איבער דער קורצער קאַמער — דרײַ מיט אַ האַלבן טריט אַהין און דרײַ מיט אַ האַלבן צוריק — ווייך שפּאַנט זי אין צערעפּעטע שטעקשיך, און די שווערע געדאַנקען שפּרײַזן צוזאַמען מיט איר, האַרט און האַרב שפּרײַזן זיי, דערנאָך צעשווימען זיי זיך און די בלייכע שײַן דרינגט אַרײַן און שפּיזט דורך זייער פֿאַרכוישעכטקײַט, און עפּעס אַ זיסע בענקעניש טויכט אויף אין איר פֿאַרמאָרעשכוירעטער נעשאָמע. גאָטעניו! קער אום אונדז די טעג פֿון אַמאָל און מיר וועלן בענטשן דײַן נאָמען, ווען עס וועט אונדז אַפֿילע אויסקומען עסן בלויז אַ טרוקן שטיקל ברויט. איך דאַרף ניט קיין רײַכקײַט, איך דאַרף ניט קיין באַזונדערע באַקוועמע דירע. נאָר טו אַ נעס און לאָמיר ווידער זיך פֿאַרייניקן — פּימע, אַרקעלע און איך. מיר וועלן ווינען שטילערהייט און גאָר באַשיידן אין אַ צימערל אויף טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו און מיר וועלן קיינמאָל ניט זיך קלאָגן אויף אונדזער גורל...

און צו וואָס טאַקע זיך קלאָגן? דאָס לעבן איז שיין, דאָס לעבן איז ווויל, אַבי פֿרײַהײַט...

און דינע דערמאָנט זיך, ווי זי האָט דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן אַריבערגעשיפּט זיך דורכן דניעפּער אויפֿן פּאַראָם. דאָס האָט געטראָפֿן דעמלט, ווען קיריל, וואָס האָט געוווינט אויף דעם טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו, האָט געפֿונען פֿאַר זיי אַ צימער, און איצטער זײַנען זיי געפֿאָרן צוזאַמען באַטראַכטן זייער וווינונג. אַ פּאַראָם! דינע האָט דאָס ערשטע מאָל זיך באַנוצט מיט אַזאַ טראַנספּאָרט. זי האָט זיך געמילעוועט מיט אָט דער־אָ „אַלטער צערעפּעטער קיילע״, וועלכע קוים וואָס זי דעכעט, און דאָך פֿילט זי נאָך אויס געטרײַ אירע „אַמטלעכע פֿליכטן״. דינע האָט זיך אויך געמילעוועט מיטן פּאַראָמשטשיק, וואָס איז

ניט יינגער פונעם פאראַם, אָבער אדאנק זײַנע געדיכטע גראָווע וואָנצעס זעט ער אויס נאָך גאַנץ בראַוו.

— וויפל יאָר קאָן ער זײַן אלט? — האָט דינע געפרעגט מיט עפּעס א קינדערשער פארכאַפּטקייט.

— ווער? דער פאראַם? צי דער פאראַמשטשיק? — האָט קיריל געפרעגט מיט א שמייכל.

—ביידע זיי.

— כ'מיין א יאָר הונדערט פופציק, איבּ ניט מער.

און זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט. און ארקעלע האָט אויך גענומען לאכן. און פּימע האָט אויך צוגעשמייכלט, און אין זײַן קאָפּ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ווירבלען שורעס פון א ניי־געבוירענער ליד:

**דו ביסט צו גרויס פאר מיר, אָ דניעפּער!**
**דו ביסט צו ראכוועסדיק צעשפּרייט,**
**און מײַנע שוואכע הענט**
**דיך קאָנען ניט ארומנעמען**
**אין מאיעסטעט אין דײַנעם.**
**נאָר דאָך גוטמוטיק ביסט,**
**און דו דערלויבסט א שיורע־קיילע**
**זיך שפּילען אָן געפאר**
**אף דײַנע אומגעצוימטע וועלן...**

דאָס איז, אזוי צו זאָגן, בלויז א רויער עסקיז פון א ליד. אין אָוונט וועט ער, פּימע, זיך צוזעצן צו אן עק פון דעם אלגעמיינעם טיש און וועט שאפן פון דעם דאָזיקן עסקיז א דיכטעריש פײַנפול בילד.

דארף טרעפן, אז ווי נאָר דער פאראַם איז צוגעשטאנען צום ברעג, האָט פּלוצעם א גאָס געטאָן א שלאקסרעגן. דינע האָט אפגיך צעעפנט איר קליינינק פּרויען־שירעמל, געכאַפּט דעם קוועלנדיקן ארקעלען אף די הענט און פארשטעלט אים מיטן שירעם. פּימע און קיריל האָבן זיך צוגעטוליעט פון ביידע זײַטן מיט אָנגעבויגענע קעפּ צו דינעס אקסלען. דינע האָט זיך דערפילט ווארעם און גליקלעך צווישן די דרײַ מאנצבלען. דער קליינינקער שירעם האָט ווייניק־וואָס פארשטעלט זיי פון די צעיושעטע רעגן־שטראָמען, נאָר זיי איז געווען ניכע, דער געלעכטער אונטערן שירעם האָט זיך נאָך מער פארשטארקט, און דינע געדענקט ביז הײַנט דעם טאם פון דעם שטיקל נאכעס, מישטיינס־געזאָגט. דער דאָזיקער טאם צעגייט זיך אין יעדער אייווער, און אין איר דימיען אנטשטייט צווישן וואסער עפּעס א ליכטיקער אינדזל, אן ארומגעגארטלטער מיט אלע פארבן פון א רעגנבויגן, וואָס האָט גלײַך נאָך דער זליווע זיך באַוויזן אף דעם פרישן ארומגעוואשענעם הימל. קיריל האָט געקיצלט איר האלדז מיט אן אראָפּגעלאָזטער פאסמע האָר פון זײַן נאסער שעוועליורע, און פּימע האָט געגאפט מיט פארליבטע אויגן. זי איז געווען זיכער, אז ער וועט שוין אומבאדינגט צוטראכטן עפּעס א ליד מיט, אשטייגער, אזא קעפּל — "אינפּירן אונטער איין שירעם". גאָטעניו מײַנער! כאדייש יאָמיינו קעקעדעם... באניי אונדזערע טעג ווי אמאָל...

— האָט זי אויסגערופן אינדערהויך, און גלײַך האָט זיך דערהערט א לײַכטער פארדומפּטער שאָרך פון יענער זײַט טיר. דאָס האָט דער וועכטער אונטערגעהויבן דאָס קײַלעכדיק פארוקל אינמיטן דער טיר און אין קוק־לאָך האָט זיך באַוויזן א מאָדנע נאקעטע אויג, פול מיט פארדאכט. דינע איז פארגליווערט געוואָרן. זי האָט צוגעוואַרט, ביזוואנען דאָס פארוקל וועט א קלאַץ טאָן, און גלײַך גענומען באפעלקערן איר קאמער מיט פרײַנט און פײַנט. קיינער אָבער האָט ניט געוואָלט זיך באזעצן אין טפיסע. האָט דינע קלאנגלאָז זיך צעוויינט, און באלד איז איר געקומען אפן זיקאָרן פּימעס מאָדנער פערז:

**צו מיר דײַן נעשאָמע געקומען אין כאָלעם,**
**א ווײַסע נעשאָמע אין שווארצן פארהילס...**

און דינע האָט מער ניט געסאַפּעקט, אַז זי רירט זיך פונעם זינען.

אָנשטרענגענדיק אַלע אירע גײַסטיקע קויכעס, האָט זי זיך געצוווּנגען אומקערן ווידעראַמאָל צום טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו, צום ליכטיקן אינדזל מיט אַ גאָלדענעם ראַכוועסדיקן פליאַזש זומער און מיט אַ נאָך מער ראַכוועסדיקער זילבערנער גליטשלקע ווינטער. אַ גליטש — אַ מעכײַע! אַרקעלע! פּאַרזיכטיק! אײַ־ל זיך ניט! דו וועסט נאָך, כאָלילע, אַנידערפאַלן און זיך צעקאַדוּיטשען!

אַרקע אָבער, דער קליינער טראָנצעוואַטער קונדעס, לייגט ניט קיין שום אַכט אָף דער מאַמעס וואָרעניש. ער פאַלט טאַקע, נאָר הייבט זיך גלײַך אויף, פאַלט ווידעראַמאָל, עפשער אפילע אומיסטן, און קאַטשעט זיך אָף דעם צוגעפּאַראַשעטן מיט אַ פרישן שנייעלע אײַז. און רופט אויס צום טאַטן:

— טאַטע! טאַטעניו! ווען וועסטו מיר שוין קויפן אַ שליטעלע?

זאָגט פימע:

— ביסט טאַקע גערעכט, קינד מײַנס. און דערפאַר, וואָס דו ביסט גערעכט, וועל איך דיר קויפן ניט בלויז אַ שליטל, נאָר אויך אַ פּאָר קליינינטשקע ליזשעס. וועסטו זיך שוין שליטלען וויפל דו ווילסט.

— און גליטשערס?

— גליטשערס אויך.

— הוראַ! — שרײַט אויס אַרקע. נאָר דערווײַל גליטשט ער זיך אָף די זוילן פון זײַנע וואַרעמע שטיוועלעך. פאַלט ווידער און הייבט זיך באַלד אויף, גלײַך ווי גאָרנישט.

זי האַלט זיך בײַ אַרקעלען, דינע, מיט אַלע קויכעס, ווײַל זי פילט, אַז עפּעס שוואַרצס רוקט זיך ווידער אָן אָף איר אומבעראַכמאָנעסדיק, אומפאַרמײַדלעך. "וואָס איז דאָס?" — פרעגט זי זיך אַליין, האָגאָם זי ווייסט גאַנץ גוט, וואָס דאָס איז און וואָס דאָס באַטײַט. אַ שליטן. נאָר אָנשטאָט פערד האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט צוויי יונגע יאַטן. אָפן שליטן — אַ טרונע און אַ גרויסער הילצערנער ציילעם. די יאַטן שלעפּן דעם שליטן דורכן פאַרפרוירענעם דניעפּער מיט עפּעס אַ פאַרביסענעם אייפער. איינער פון זיי גליטשט זיך אויס און פאַלט אַנידער. דער שליטן טוט זיך שאַרף אַ וואַקל, און קערט זיך איבער. דער ציילעם פאַלט אַרויס, און נאָך אים די טרונע — זי טוט זיך אַ גליטש און פאַלט אַרוף מיט איר גאַנצער טויטער שווערקײַט אָפן הילצערנעם ציילעם און צעברעכט אים אָפּצווייען. דער באָכער, וואָס איז אַנידערגעפאַלן, לאָזט אַרויס דורך זײַנע פאַרבלוטיקטע ליפּן — פאַלנדיק, האָט ער, ניט־ווילנדיק, צעביסן זיי מיט די ציין — אַ דרײַגאָרנדיקן מאַט, אָבער שטילערהייט, אַז דער מעס זאָל ניט דערהערן. נאָך דעם שטעלן די יאַטן אויף דעם שליטן, הייבן אויף אײַליק די טרונע און לייגן זי אַוועק אָפן שליטן, דערנאָך נעמען זיי אין די הענט ביידע שטיק פון דעם צעבראָכענעם ציילעם און באַטראַכטן זיי באַדויערנדיק. דער יאַט, וואָס האָט זיך אויסגעגליטשט, טוט אַ שלײַדער זײַן שטיק ציילעם העט ווײַט, און דער צווייטער טוט דאָס זעלבע. זיי שפּאַנען זיך גלײַך אײַן און שלעפּן דעם שליטן ווײַטער. די שוואַרצע טרונע ווערט אײַנגיכן ווײַס פון דעם פוכקע שניי, וואָס פאַלט מיט אַן אַלציינער גלײַכגילטיקײַט סײַ אָף אַרקעלעס פאַרוויטלט פּענעמל, סײַ אָף דער אויסזיכטלאָזער שוואַרצקײַט פון דער דאָזיקער טרונע.

— און ווּ איז דער אָרקעסטער? — האָט פרייליך אויסגערופן אַרקע.

— טאַקע עמעס, ווּ איז דער אָרקעסטער, פימע? און ווּ איז דער טרויער־מאַרש?

פימע האָט אָבער געשוויגן. אין זײַן קאָפּ האָבן זיך שוין, זעט אויס, געווירבלט נאָך נעפּלדיקע שורעס פון עפּעס אַ באַלאַדע:

איר האָט געזען אַמאָל אַ מעס, וואָס גליטשט זיך?
נאָר ניט אָף גליטשערס. און ניט אָף שליטעלעך.
בלויז אין אַ פאַרהאַקטער שוואַרצער טרונע...

— ארקעלע! ארקעלע! — שרײַט איס דינע שטילערהייט, אַז דער וועכטער זאָל ניט דערהערן. — וואַרט! איך וועל צו דיר קומען! אומ־יעדן פּרײַז וועל איך צו דיר קומען, ווען אפילע...

וואָס "ווען אפילע", דינע? אין דעם וויל זי זיך ניט מודה זײַן. אפילע זיך אַליין...

און אײַליק, זייער געשווינד, קעדיי ניט כאַראַטע האָבן, לאָזט זיך דינע אַראָפּ אַף די קני מיטן רוקן צום דער קוק־לאָך, מיטן פּאָנעם צום פאַרגראַטעט פענצטערל און, צעשפּרייטנדיק דאָס בייגעלע פּאַפּיר אַף א שווערן טאַבורעט, נעמט זי שרײַבן א בריוול ארקען אַף שטום־לאָשן. שרײַבנדיק, ריכטיקער, מאָלנדיק, פאַרוואַרפט זי אַלעמאָל דעם קאָפּ, קוקט געשפּאַנט אַף דער סטעליע און סטאַרעט זיך דערמאָנען, וואָס פאַר א צורע דאַרף האָבן די האַנט — די "צונג" פון טויב־שטומע, — קעדיי באַצייכענען דעם אָדער יענעם אָס. איבער דעם האָט דאָס "שרײַבן" לאַנג געדויערט, לאַנג און אָנגעשטרענגט. און ווען זי האָט ענדלעך פאַרענדיקט, האָט דאָס בריוול אויסגעזען מעסוקן מעשוגעדיק. א האַנטפלאַך מיט פינף פאַרבויגענע פינגער, א האַנטפלאַך מיט צוויי פאַרבויגענע פינגער, מיט דרײַ, ווידער מיט אַלע פינף — און די דאָזיקע פיר האַנטפלאַכן, אויסגעמאָלטע אַף די ערשטע שורעס פונעם פּאַפּיר, האָבן געזאָלט מיט זיך פאָרשטעלן איין קליין און ליב וואָרט, וואָס באַשטייט פון פיר אויסיעס — "ארקע!" נאָכדעם — "וואַרט". נאָכדעם — "איך וועל קומען צו דיר". און דערנאָך — "אומבאַדינגט"... און צום סאָף — "איך קוש דיך טויזנט מאָל. דײַן מאַמע". עפּשער א הונדערט שוואַרצע הענט מיט אַלעמאָל אַנדערש פאַרבויגענע און שטאַרצנדיקע פינגער האָבן זיך אויסגעשערענגעוועט אַף ביידע זײַטן פונעם בייגעלע. דינען האָט אָנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן. זי האָט זיך געמוזט פאַרמאַכן.

פון טיפער איבערגעמאַטערטקייט איז זי פאַרכאַלעשט געוואָרן און אַנידערגעפאַלן אַף דער קאַלטער פּאָדלאָגע.

## 12

דינע געדענקט ניט, וויאַזוי זי איז געקומען צו־זיך. זי כאַפּט זיך אַף, עפנט די אויגן. לעבן איר בעטל שטייט א מענטש אין א ווײַסן כאַלאַט מיט א שפּריץ אין דער האַנט. זי קוקט אַף אים געשפּאַנט און אײַנצײַטיק עפּעס צעטראָגן, און יענער זאָגט איר געלאַסן:

— זײַט רויִק. אָט וועל איך אײַך מאַכן אַן אײַנשפּריצונג וועט אײַך גלײַך ווערן גרינגער.

דינע צעהוסט זיך. און ער — ווידער:

— זײַט רויִק. איר האָט זיך שטאַרק צוגעקילט, ווײַל איר זײַט לאַנג געלעגן אַף דעם צעמענטענעם דיל. אָבער איר זײַט יונג און קרעפטיק, וועלן מיר אײַך געוויס אויסהיילן.

דינע רעדט קוים איס:

— איך וויל שטאַרבן.

און דער פעלדשער מיט א מיטפילנדיקן קוק פון אונטער די געדיכטע ברעמען רעדט איס האַפּערדיק:

— שטאַרבן איז ניט קיין קונץ. לעבן — אָ־דאָס איז א קונץ. ווײַל דעריקער...

ער שלאָגט זיך אַליין איבער און טוט א פרעג אומדערוואַרט:

— איר זײַט א כאַסענע־געהאַטע?

— יאָ.

— האָט איר שוין מיסטאָמע א קינד?

— יאָ.

— אָט זעט איר. איז טאַקע צוליב דעם, צוליב קינד, דאַרפט איר נאָך לעבן און לעבן.

דינע האָט שווער אָפּגעזיפצט. זי האָט זיך דערפילט גרינגער. און ניט אַזוי פון דער אײַנשפּריצונג, מיינט זי, ווי פון דער צוגעלאָזטקײַט פונעם אַלטן פעלדשער. ער איז באַלד ערגעץ אוועקגעגאַנגען, און ערשט איצט האָט דינע זיך אַרומגעקוקט. זי האָט דערזען

עטלעכע בעטלעך מיט קראנקע פרויען. די פרויען האָבן געשוויגן, געריעדט פאַר זיי האָבן די בעטלעך. דעריבער האָט דינע דערפילט א פאַרלייכטערונג, ווען פונעם שכיינעסדיקן בעטל האָט זיך דערהערט א פאַרדומפּטע שטים:

— וויאַזוי הייסט איר?

— דינע, — האָט מאַשינעל געענטפערט די פרוי.

— און איך הייס קאַפּיטאָלינע אַנדרייעווונא, — האָט דינע דערהערט א פּאַמעלעך צעצויגן זאַגעכץ, א ניט־דײַטלעכס, ווי די פרוי וואָלט געשלונגען די ווערטער.

דינע האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז אַשטאָט ציין איז דאָס מויל פון דער אַלטער פרוי פול מיט פאַלשע קינבאַקן.

זיצנדיק איינע אַליין אין קאַמער, האָט דינע שטאַרק זיך פאַרבענקט נאָך א מענטשלעך קאָל. זי האָט זיך אונטערגעהויבן, א קוק געטאָן אויף דער פרוי און מילד איסגערעדט:

— זייער אָנגענעם, קאַפּיטאָלינע אַנדרייעווונא. זײַנען מיר, הייסט עס, שוין באַקאַנט.

די אַלטע פרוי האָט זיך אויך א ביסל אונטערגעהויבן, אָנגעשפּאַרט זיך אויפֿן עלנבויגן, און דינע האָט באַמערקט, ווי דער קאָפּ פון דער אַלטיטשקער טרייסלט זיך גרינג, גלײַך זי וואָלט אָפּריער געענטפערט אָן ווערטער אויף יעדער פראַגע: ניין, ניין, ניין...

— וואָס פאַר א סטאַטיע? — האָט זי געפרעגט.

דינע האָט אָפּריכטיק און טמימותדיק געענטפערט:

— כ'ווייס ניט.

— אָ! זײַט איר, הייסט עס, נאָך גאָר א גרינע.

קאַפּיטאָלינע אַנדרייעווונא האָט א ביסל זיך אָפּגערוט און דערנאָך געפרעגט:

— וואָס, פונדעסטוועגן, אינקרימינירט מען אײַך?

— ניט מיר אינקרימינירט מען, נאָר מײַן מאַן.

— אָ! — האָט אויסגערופן די אַלטיטשקע. — כ'פאַרשטיי.

וואָס זי פאַרשטייט האָט קאַפּיטאָלינע אַנדרייעווונא ניט געזאָגט. אָפּאָנעם, אַז איר איז שווער געווען צו ריידן איבער די צו גרויסע קינבאַקן. נאָר דינען איז לײַכט געווען צו פאַרשטיין, אַז אָט די אַלטע פרוי האָט געוויס א היפּשע דערפאַרונג אין אַזעלכע ענינים. דינען האָט זיך שטאַרק געוואָלט נאָך א שמועס טאָן מיט איר, אָבער א הוסטעניש האָט זי אָנגעהויבן וואַרגן. ווען זי האָט זיך אויסגעהוסט, האָט זי זיך ווידער א קער געטאָן מיטן פּאָנעם צו קאַפּיטאָלינע אַנדרייעווונען. זייערע אויגן האָבן זיך געטראָפן, און ביידע פּאָר זײַנען געווען פול מיט טרערן.

— איר זײַט מעסוקן צוגעקילט, — האָט די אַלטיטשקע געזאָגט, — עס זאָל דאָס, כאָלילע, ניט זיין קיין לונגען־אָנצינדונג.

ערשט איצט האָט דינע געקאָנט פרעגן די אַלטע דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט פרעגן.

— איר זײַט שוין דאָ פון לאַנג?

— אין טפּיסע, מיינט איר?

— יאָ.

— אָ, פון לאַנג... פון לאַנג... נאָך פון דעם קייסער ניקאָלײַ דעם צווייטן...

— איר זײַט געווען א רעוואָליוציאָנערקע? — האָט דינע אכטפּול געפרעגט.

— יאָ. איך בין געווען א רעוואָליוציאָנערקע... — האָט קאַפּיטאָלינע אַנדרייעווונא איסגערעדט מיט עפּעס אָן איראָניע־נוסעך, און דינע האָט דערפילט, אַז די איראָניע האָט א שײַכעס ניט צו דעם, וואָס זי האָט געזאָגט, נאָר צו דעם, וואָס זי וויל ערשט זאָגן. און בעעמעס, קאַפּיטאָלינע אַנדרייעווונא האָט א ווײַלע אָפּגעאָטעמט און גלײַך צוגעגעבן:

—... און איצט בין איך א סוינע פון פאָלק.

זעט איס, אַז די אַלטע האָט געוואַרט אויף דינעס פראַגן, וואָלט זי דעמלט שוין איסגערעדט איר האַרץ. דינע אָבער האָט זיך עפּעס געשעמט פאַרנעמען זיך מיט

איספּרעגעניש. שוויַיגנדיק, האָט זי געקוקט אף דער אלטער פרוי, וואָס ליגט אומבאַוועגלעך אפן בעטל, און אירע גראָ־ווײַסע צעפּאַטלטע האָר זײַנען קימאַט דעם זעלבן קאָליר, ווי דאָס ציכל פון דער קישן, אף וועלכער איר קאָפּ האָט זיך אָמעכטיק אראָפּגעלאָזט.

ווען די פרוי האָט זיך געגוג אָנגעשוויגן, ניט דערוואַרטנדיק זיך אף דינעס איספּרעג, האָט זי אליין פאַרגעבן איר א געוויינלעכע אין טפּיסע פראַגע:

— איז אין וואָס באַשולדיקט מען מאַן? נו, און אײַך אויך?

דינע האָט איך געוואָלט ענטפערן קורץ: "כ׳ווייס ניט". און דאָס וואָלט טאַקע געווען דער ריינער עמעס. זי האָט אָבער געהאַט א כשאַד, אז די דאָזיקע בעקאָוועדיקע פרוי וועט זיך באַליידיקן, אָדער זי וועט אָנעמען דינען, ווי עפּעס אן אָפּגעשטאַנענעם קליינשטעטלדיקן נעפעש. האָט זי גענומען דערציילן, פראַגמענטאַריש, אָפּגעהאַקט, מיט לאַנגע פּאַוזעס, וועלכע זײַנען געווען פאַרפולט מיט הוסטעניש, אָדער מיט קלערעניש, וויאַזוי דערציילן, אז די פרוי זאָל זי פאַרשטיין. אַשטייגער, וועגן ביכל ביאַליקס לידער מיט די אָפּגעבערענטע טעוועלעך...

— מײַן מאַן האָט ליב דיכטונג... און ער איז אליין א שטיקל דיכטער, צווישן אַנדערע ביכער איז געווען אויך א ביכל פון איינעם א פּאָעט...

— וואָס פאַר א פּאָעט? — האָט אומדערוואַרט זשוואַווע געפרעגט קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונאַ. — כ׳האָב אויך ליב פּאָעזיע און פּאָעטן.

דינע האָט זיך געוואַקלט.

— ס׳איז א גרויסער סאָפּעק צי איר האָט געהערט וועגן אזא דיכטער... ס׳איז א העברעיִשער...

— פונדעסטוועגן, זאָגט, — האָט קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונאַ איבערגעשלאָגן און דער קאָפּ אירער האָט זיך אָנגעהויבן טרייסלען. — ווער?

— ביאַליק.

— ביאַליק? איך האָב געלייענט ביאַליקן. אין א רוסישער איבערזעצונג, פאַרשטייט זיך. געלייענט און עטוואָס אפילע פאַרגעדענקט. כ׳האָב איך פאַרגעדענקט גאַרקיס וואַרעמען אָפּרוף וועגן זײַן דיכטונג...

קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונאַ האָט זיך אונטערגעהויבן און גענומען מיט געפיל דעקלאַמירן, נאָר די צו גרויסע פּראָטעזן האָבן זיך באַוועגט אין אָפענעם מויל און געשטערט דער צונג רעציטירן די פערזן דײַטלעך און קלאָר. דינע האָט סײַווי זיך צוגעהערט מיט טיפן אָפּשײַ צו דער דאָזיקער אלטער פרוי, וואָס ווייסט אפילע העברעיִשע און יידישע לידער. דינע האָט געדולדיק ריין געמאַכט די עטוואָס פאַרסלינעטע ווערטער, צונויפגעשטעלט זיי אין שלאַנקע שטרענגע רייען און עס האָט זיך באַקומען עפּעס זייער א טראַגישע און פײַערלעכע ליד.

און דו פאַרגיסט דעם קאָפּ -- ניטאָ קיין הימל!
א דאַך, א שטומער דאַך מיט שוואַרצע שינדלען.
אָט הענגט א שפּין -- גיי, פרעג דעם גרינעם שפּין!
ער האָט געזען אלצדינג, ער איז אן איידעס,
איין לעבעדיקער איידעס אף דעם בוידעם,
לאָז ער זשע דיר דערציילן אלע מײַסעס:
א מײַסע פון א בויך, מיט פעדערן געפילט,
פון נאָזלעכער מיט נעגל, קעפּ מיט האמערס,
פון מענטשן נאָכן קוילען קאָפּ אראָפּ, ווי גענדז,
צום באַלקן פון דעם בוידעם אויפגעהאנגען,
און פון א קינד און אײַנגעשלאָפענעם מיט זײַן מאמעס
צעשפּאָלטענער און טויטער ברוסט אין מײַלכל,
און נאָך א קינד, א לעבעדיקס, צעריסן

איינינעם מיט דײַן לעצטן שרײַ — אף צווייען:
א האלבער "מא...ו" און מאַמע ניט געענדיקט...
און נאָך, און נאָך פיל מוירעדיקע מײַסעס,
וואָס לעכצן דײַן קאָפּ, פאַרברענען דיך דעם מיַעך
און טויטן דיך אף אייביק דײַן נעשאָמע...

קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונא איז אַשוויגן געוואָרן. די קנייטשן פון איר אויסגעצערט פּאָנעם האָבן זיך פאַרויטלט פון אָנשטרענגונג, ווען זי פלעגט זיך סטאַרען באַנײַען א פאַרלוירן וואָרט. דינע, פאַרקערט, איז בלייכער געוואָרן. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי פּימע פלעגט מיט באַגײַסטערונג פאַרלייענען די דאָזיקע מוירעדיק־גרויליקע פערזן, און א טרער האָט זיך אַרויסגעקײַקלט פון איר אויג.

— וואָס וויינט איר? — האָט קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונא געפרעגט.

דינע האָט אויסגעווישט די אויגן און איר דערציילט.

— איז ווּעמען באַוויינט איר? — האָט די אַלטע האַרב געפרעגט. — דעם מאַן צי דאָס יִדישע פאָלק?

דינע האָט א ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט זי א קלער געטאָן: די פרוי וואָלט בעסער פאַרשפּאָרט פאַרגעבן איר אַזעלכע פראַגן, ס'איז ניט איבעריק טאַקטיש. ס'איז עפּשער אַפילע א ביסל גרויזאַם. נאָך שפּעטער טויכט אויף א נײַע מאַכשאָווע, וואָס פאַרטרײַבט די פריערדיקע: די פראַגע איז א פראַגע. זי, דינע, פלעגט זיך ווייניק־וואָס פאַרטראַכטן וועגן גוירל פונעם פאָלק. דאָס גאַנצע פאָלק איז בא איר געווען אַרקע און פּימע. יאָ, פּאַגראָמען — אָט דאָס שרעקלעכע וואָרט איז גוט געווען אײַנגעקאַרבט אין איר מויעך — איר קליין שוועסטערל איז דאָך אומגעקומען בעשאַס א פּאָגראָם אין קאַלינאָווקע. אָבער זי אַליין, דינעלע, איז דעמלט נאָך געווען גאָר יונג, און דער דראַנג נאָך א ליכטיק, קאָכיק, פולבלוטיק לעבן האָט אַרויסגעשטויסן דעם גוירל פון יענע פינצטערע יאָרן. פינקטלעכער, עפּשער ניט אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן, נאָר טיכטיק אַרומגערינגלט און אומשעדלעך געמאַכט, איצט אָבער, נאָך דעם, וואָס עס האָט געטראָפן מיט פּימען, מיט אַרקען און מיט איר אַליין, קוקט זי אף אַלץ דורך שוואַרצע ברילן. און אפן גוירל פונעם פאָלק — אויך.

קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונא האָט געדולדיק געוואַרט אף אן ענטפער. נאָכדעם האָט זי זיך געכאַפּט און געזאָגט:

— איר מוזט ניט ענטפערן אף מײַן פראַגע. — און גלײַך צוגעגעבן: — איר מיינט אוואַדע, אַז איר האָט צו טאָן מיט אן אַלטער אויוועראָבאַטלדיקער באָבע יאַכנע. וויפל מיינט איר בין איך אַלט?

דינע האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסל.

— כ'ווייס ניט.

-- איר ענטפערט מיר ניט, ווײַל איר ווילט מיר ניט פאַרשאַפן קיין אָגמעס־נעפעש. איר מיינט אוואַדע, אַז מיר איז שוין בא די זיבעציק, אָדער אַפילע אַכציק יאָר, און איך בין נאָך ניט אַלט קיין פולע פופציק...

דינע האָט דערשפּירט א שאַרפן ראַכמאָנעס צו דער דאָזיקער נאָבעלער רוסישער פרוי.

— ווו זשע האָט איר פאַרלוירן גאַנצע דרײַסיק יאָר? אין די טפּיסעס?

— יאָ. אין די טפּיסעס. אין די לאַגערן. אין פאַרשיקונג.

— און דאָס געזונט האָט איר אויך דאָרטן פאַרלוירן?

— אוואַדע. איך בין זייער קראַנק. קוים וואָס איך זשיפּע...— זי האָט אָפּגעאָטעמט און צוגעגעבן: — איך דאַרף גיין אף אן אָפּעראַציע, נאָר כ'האָב מוירע...

ניט־ווילנדיק האָט זיך בא דינען אַרויסגעכאַפּט:

— וואָס זשע האָט איר מוירע?

— א שײַלע! א ביסל מער נאַרקאָז — און איך בין פאַרטיק.

— איר זעט אויס, ווי א מענטש מיט א שטארק געוואגט הארץ.

— אייסעך וואָס, געוואגט — ניט געוואגט. איך ציטער ניט איבער מײַן לעבן, וואָס הענגט שוין סײַווי אף א האָר. איך האָב מורע, וואָס צוזאמען מיט מיר וועט אראָפּ אין קייווער דער עמעס פון מײַנע איבערלעבונגען. און איך וואָלט געוואָלט דאָס אמאָל באשרײַבן. ס׳איז מײַן הייליקער כוויו פאר די קינפטיקע דורעס.

און אָן שום פארבינדונג פרעגט פלוצעם קאפּיטאָלינ

י פארענדיקט ניט איר פראגע, ווײַל די צונג פארטשעפּעט זיך פארן פראָטעז. דינע אײַלט זי און אָפּעראציע וועל איך ניט גיין, נאָר כ׳וועל פאָדערן, אז מע זאָל מיך ווײַטער קורירן. דאָ איז טאקע בעסער ווי אין קאמער.

— וואָס הייסט פאָדערן? — האָט דינע אמדרייסט געפרעגט.

— א הונגערשטרײַק.

— אין אײַער צושטאנד?

— דאפקע אין מײַן צושטאנד... וואָס האָב איך דען אָנצוּווערן? כוץ דעם, האָבן מיר דאָ ניט קיין אנדער געווער אויסער הונגערשטרײַק.

האלב־ליגנדיק, אָנגעשפּארט אפן עלנבויגן, קוקט דינע אף דער פּריצײַטיק גראָוו געוואָרענער פרוי, אף איר לײַכט זיך־טרייסלענדיקן קאָפּ, און זי באוווּנדערט אופריכטיק, אָציקט די קראפט פון דעם גײַסט פון דער דאָזיקער מענטשישער שיוורע־קיילע. און זי פרעגט טאקע פארכידעשט, מיט יִראס־האקאָוועד:

— ווּ נעמט איר קויעך, קאפּיטאָלינע אנדרייעוונא, צו... צו...

— כ׳ווייס אליין ניט... — ענטפערט זי אפגיך, ניט ווארטנדיק ביז וואָנען דינע וועט דײַטלעך אויסדריקן איר פראגע. — עפּשער דערפאר, וואָס כ׳האָב זיך לאנג פאראהארטעוועט. נאָך פונעם אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט. און פון אָנהייב פון מײַן באוווּסטזיניק לעבן.

— איר האָט עמעצן?

— ניין. כ׳האָב קיינעם נישט...

און נאָך דעם ווידער האָפּערדיק און ווי וועגן עפּעס געווײנלעכס, זעלבסטפארשטענדלעכס:

— ...און כ׳האָב די גאנצע וועלט.

— איר מיינט, אז דער וועלט גייט אָן אײַער פּײַן?

— יאָ. כ׳מיין. ס׳הייסט, כ׳דארף מיינען. איך מוז מיינען. אויב ניט, האָט דאָס לעבן ניט קיין שום זין.

דינע שווײַגט א ווײַלע. נאָכדעם נעמט זי זיך אָן מיט מוט און פרעגט, נאָר די צונג פלאָנטערט זיך פונדעסטוועגן:

— נו, און איר באדויערט ניט... ס׳הייסט, איר האָט ניט כאראָטע... ס׳הייסט, ווען עפּעס א מעכטיקע האנט וואָלט אײַך אופגעהויבן און צוריקגעטראָגן צום אָנהייב פון אײַער לעבנסוועג, וואָלט איר ווידער... ווידער...

און קאפּיטאָלינע אנדרייעוונא, צוערשט מונטער־האָפּערדיק:

— יאָ. געוויס. איך וואָלט ווידער געלאָזט זיך איבער דעם זעלבן וועג.

אָבער נאָך דעם, וואָס זי האָט אָפּגעאָטעמט, האָט זי שטיל אויסגערעדט:

— און עפּשער... עפּשער ניין... זאָגט מיר, טײַערע דינע באָריסאָוונע, צי פארדינען די בידנע, די שמאָלקעפּיקע מענטשן, מע זאָל אײַנשטעלן פאר זיי דאָס לעבן? זיי שרײַען דאָך אף איין קאָל, אלע שרײַען: זאָל לעבן דער גרויסער, דער קלוגשאפטלעכער פאָלקספירער, אונדזער לײַבלעכער פאָטער און וועלטבארימטער קאָריפיי, יאָסיף וויסאריאָנאָוויטש סטאלין!

— שטילער... — האָט זיך ניט־ווילנדיק ארויסגעריסן בא דינען.

די אָפּגעבליאַקעוועטע איגן פון דער אַלטער פרוי האָבן זיך צעבלישטשעט, די גרויקײַט זייערע האָט אָנגענומען אַ בלוילעכן בײַ־קאָליר, אָבער באַלד האָבן דאָס פּײַערל אויסגעלאָשן אומטרייסטלעכע טרערן. דינע איז אַראָפּ פונעם בעטל, גענומען איר אויסגעדייוועריטע האַנט אין אירע, אַ גלעט געטאָן זי און דורכגעפּליסטערט:

— ערגערט אײַך ניט, קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונאַ. איר זײַט אַ מילדער נאָבעלער מענטש.

די אַלטע האָט געשוויגן. טרערן האָבן געלאָזט אָף איר פּאָנעם מאָדנע פאַרדרייטע שפּורן, ווײַל דער קאָפּ האָט זיך בא איר נאָך שטאַרקער צעטרייסלט, גלײַך זי וואָלט געהאַלטן אין איין זאָגן עמעצן: ניין, ניין, ניין... דינע האָט זיך אָפּגעקערט פון איר, ווײַל זי האָט זיך שטאַרק צעהוסט.

## 13

דינע האָט נאָך געהוסט, נאָר דער אַלטער פעלדשער מיטן גראָען צאַפּן־בערדל האָט איר אין איינעם אַן אינדערפרי געזאָגט:

— שוין. איר זײַט שוין, דאַנקען גאָט, געזונט. איצט קענט איר שוין זיך אומקערן אין קאַמער.

דינע האָט שטאַרקער זיך צעהוסט. אַ ביסל געמאַכט. זי האָט זייער געוואָלט וואָס מער אָפּציִען דעם מאָמענט, ווען זי וועט מוזן זיך אומקערן אין דער עקלהאַפטיקער איינצל־קאַמער. ס'איז דאָרטן טויט־שטיל. און די דאָזיקע דריקנדיקע שטילקײַט ווערט געבראָכן בלויז אין צוויי פאַלן: ווען דער וועכטער עפנט אויף מיט אַ ליאַזג דאָס קליינע קוואַדראַטע טירעלע און דערלאַנגט איר אַ טעלער וואַסערדיקע יושקע, אָדער ווען מע רופט זי אַרויס צום אויספאָרשער.

דער פעלדשער האָט געכאַפּט אַ שאַרפן קוק איבער די ברילן אָף דינען.

— צווינגט זיך ניט צו הוסטן. ס'איז שעדלעך פאַר די נאָך שוואַכע לונגען.

דינע, אופגעבראַכט:

— איר מיינט, אַז איך מאַך זיך?

— כ'האָב דען אײַך דאָס געזאָגט?

ווען דינע האָט זיך געזעגנט מיט קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונען, האָט זי איר דערציילט וועגן דעם געשפּרעך מיטן פעלדשער.

— ער איז טאַקע געגערעכט, דער אַלטיטשקער. איך האָב זיך טאַקע אַ ביסל געמאַכט הוסטנדיק. איצט הריזעט מיך אַ ביסל דאָס געוויסן.

— נאַרעלע, — האָט קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונאַ געזאָגט, קושנדיק דינען, און זי, דינע, האָט אָפּגעקערט דאָס פּאָנעם, דער קוש זאָל ניט טרעפן אין אירע ליפּן, נאָר אין באַק. — נאַרעלע! קעגן וועמען הריזעט אײַך דאָס געוויסן? קעגן טפּיסעניקעס?

— נאָר ער איז דאָך ניט שולדיק, דער פעלדשער.

— זיי זײַנען אַלע שולדיק. ער זעט דען ניט, אַז איר זײַט נאָך קראַנק? הערט מיך אויס, דינע באַריסאָוונע, איידער מיר וועלן זיך צעשיידן און עפּשער אויף אייביק: ווען איך וואָלט ניט געכיטרעוועט מיט זיי, וואָלט איך שוין לאַנג געווען אָף יענער־וועלט. און איך וויל זיי איבערלעבן. איך דאַרף דערציילן... איך מוז דערציילן...

אומדערוואַרט האָט זי צוגעגעבן:

— איך וועל טאַקע ניט גיין אָף אַן אָפּעראַציע. אַפילו ווען עס וועט מיר אויסקומען מעלדן אַ הונגערשטרײַק.

שוין דעם זעלבן טאָג, טיף אין דער נאַכט, ווען דינען איז געלונגען פאַרזונקען אין אַן אומרויפן דרעמל, האָט זי אויפגעוועקט אַ גרילצנדיקער גרימפּל פון אַ שליסל. דינע האָט זיך אופגעכאַפּט מיט אַן אויסגעשריי:

— וויין נישט, אַרקעלע!

די טיר פון דער קאמער האָט זיך געעפנט, און זי האָט פארשטאַנען — מע רופט זי שוין ארויס צום אויספאָרשער.

יענער האָט זי אפגענומען גאַנץ העפלעך.

— ווי האלט איר מיטן געזונט?

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט זיך דינע צעהוסט.

— אײַ, אײַ, אײַ! — האָט ער אויסגערופן. — כ׳זע, אז איר זײַט נאָך קראַנק. איז וואָס זשע האָבן זיי אײַך אויסגעשריבן. אָך, לײַדאקטעס? זיי סטארען זיך וואָס גיכער פּאַטער ווערן פון קראַנקע...

ריידנדיק אזוי געלאסן, קלוימערשט מיטפילנדיק, האָט ער בעשאַסמיַיסע ארויסגערוקט דעם שופלאָד פונעם טיש, גענומען עפּעס א ווײַסע פּאַפּקע, אונטער וועלכער ס׳איז געלעגן א שווארצער פּיסטאָלעט, און ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ פון דער פּאַפּקע, נאכלעסיק אויסגערעדט:

— דאָס מאָל וועל איך אײַך לאנג ניט פאַרהאַלטן, ווײַל אלץ איז פולקום קלאָר.

ערשט איצט האָט ער אפגעהויבן דעם קאָפּ און געכאַפּט א דורכדרינגלעכן קוק אף דער זייער בלייכער פּרוי, וואָס איז געזעסן מיט א צוגעדריקטער צום מויל האַנט, באַמיִענדיק זיך ניט צו הוסטן.

— צי האָט איר אין זינען בײַטן אײַערע באַוויַזן, בירגערן גיטיס? — האָט ער מיטאמאָל געביטן דעם נוסעך פון זײַן פאַרהער.

— איך האָב ניט וואָס צו בײַטן.

— טאקע ניין?

דינע האָט א צוק געטאָן מיט די אקסל:

— ניין.

— אויב אזוי, — איצט איראָניש, אפילע סארקאסטיש, — זײַט אזוי גוט, און לייענט איבער דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל, עפּשער וועט איר ענדלעך בײַטן אײַערע באַווײַזן.

ער האָט דערלאַנגט דינען א פּאַפּיר. זי האָט דאָס גענומען, און די האַנט האָט בא איר געציטערט. פּלוצעם האָט זי דערזען פאַר אירע אויגן קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונעס אויסגעצערטע פּאָנעם. דינע האָט צונויפגעקוועטשט די פינגער אין א פויסט, און די האַנט האָט אופגעהערט ציטערן.

יאָ. עמעס. פּימעס כסימע. און ער איז זיך מ׳אקע מוידע אין ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע שווערע זינד.

— געלייענט?

דינע שווײַגט.

— איז וואָס וועט איר איצט זאָגן?

דינע עפנט דאָס מויל און פאַרמאַכט עס ווידער.

— איך האָף, אז איצט וועט איר זײַן אופריכטיקער.

ער האָט צוגערוקט צו זיך א ריינעם בויגן פּאַפּיר.

— רעדט און איך וועל פאַרשרײַבן.

דינע האָט אָבער נאָך אלץ געשוויגן. פאַ׳ אירע אויגן שוועבט פּימעס פאַרבלוטיקט פּאָנעם. זײַנע אויגן זעען איצט אײמעדיק. ער פּליסטערט איר שטיל, דער אויספאָרשער זאָל ניט דערהערן. „ניט איך, ניט איך, דינעלע, ניט איך האָב דאָס אונטערגעשריבן, נאָר אַן אנדערער, אַן אנדערער פּימע...״

— נו? איר וועט נאָך לאַנג שווײַגן? — האָט שוין בייז אויסגערופן דער אויספאָרשער, און די ניט־אויסגעגאָלטע שיטערע הערעלעך אף די באַקן זײַנען רויט געוואָרן.

דינע האָט זיך פּלוצעם דערפילט זיכערער, ווײַל באַאַנד מיט איר איז געשטאַנען קאַפּיטאָלינע אַנדרייעוונא.

— וואָס זשע דאַרף איך נאָך באַווײַזן? איר האָט דאָך די באַווײַזן פֿון מײַן מאַן. שוין זשע איז דאָס פֿאַר אײַך ווינציק?

— ווינציק, צי א סאַך — דאָס איז ניט אײַער דײַגע! — האָט מיט צאָרן אויסגעשריגן דער אויספֿאָרשער. — זעט, אַז אײַער אײַנגעשפּאַרטקייט זאָל אײַך ניט דערפֿירן צו... צו...

פֿון צעגליטער רעציכע האָט ער זיך אַזש פֿאַרהיקעט. דינע איז גנעדיק געקומען אים צו הילף.

— צום טויט — ווילט איר זאָגן? יאָ? ערגער פֿון טויט קאָן דאָך ניט זײַן.

— ניין. עס קאָן זײַן ערגער, — האָט דער אויספֿאָרשער שטיל דורכגעזײַעט צווישן די ציין. — איר האָט א קינד. געדענקט דאָס.

דינע האָט פֿעסט אַרויסגעבראַכט:

— דאָס קינד וועט שוין באַזאָרגן מײַן מאַן. איר וועט אים דאָך אַרויסלאָזן פֿרײַ, אויב ער האָט זיך אָפֿנהאַרציק מודה געווען. ניט אַזוי?

דאָס וואָרט "אָפֿנהאַרציק" האָט דינע אויסגערעדט מיט א קוועטש. נאָר זי איז שוידערלעך דערציטערט געוואָרן, ווען דער אויספֿאָרשער האָט אויסגערעדט, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט באַזונדער:

— מיר וועלן אים ניט אַרויסלאָזן. מיר וועלן אים שיסן.

דינע האָט פֿאַרצווייפֿלט אויסגעשריגן:

— וואָס זשע ווילט איר פֿון מיר? איך זאָל אײַך העלפֿן צעשיסן מײַן מאַן?

דער אויספֿאָרשער כאַפּט איבער דינעס האַספּולן בליק און זאָגט:

— איר ווייסט, איך בין איצט איבערצײַגט, אַז איר זײַט א מער פֿאַרביסענער סוינע, ווי אײַער מאַן.

— איז שיסט מיך אויך און זאָל נעמען א סאָף!

— איר ווילט אָפּקומען צו גרינג. — און גיט צו קאַלט און אָפּיציעל: — מיר זײַנען ניט קיין מערדער. מיר צעשיסן בלויז אָפּן סמאָך פֿון דערווײַזן. און דער בעסטער דערווײַז איז, ווען א פֿאַרברעכער איז זיך אַליין מודה אין זײַנע פֿאַרברעכנס.

"דינע, זײַ פֿאַרהאַרטעוועט אַזוי, ווי קאַפּיטאַלינע אַנדרייעוונא..." — זאָגט זיך אַליין האַרב די אומגליקלעכע פֿרוי און צעוויינט זיך.

ער זאָגט איר שטרענג:

— איך גיב אײַך פֿינף מינוט. באַטראַכט זיך. אײַער מאַן וועט איר סײַווי שוין ניט העלפֿן. אָבער זיך און דאָס קינד קאָנט איר נאָך ראַטעווען.

און מיט די דאָזיקע ווערטער איז ער ראַש אַרויסגעגאַן, און דינע איז פֿאַרבליבן איינע אַליין אין דעם קאַבינעט.

זי איז געזעסן און געפֿילט ווי אירע קויכעס גייען אויס. זי האָט בלויז באַוויזן א קלער טאָן: זע נאָר זע! ער לאָזט זי איבער אַליין אין קאַבינעט, און ער האָט ניט מורע, אַז איך וועל נעמען און צערײַסן דעם פּראָטאָקאָל מיט פּימעס פֿאַרעטערישער כסימע אָדער... יאָ, אָדער איך וועל כאַפּן דעם פּיסטאָלעט און כ'וועל דערשיסן זיך אָדער אים.

אָבער דער דאָזיקער געדאַנק האָט זיך מאָמענטאַל אויסגעוועפּט. דער קאָפּ האָט זיך בא איר אָנגעהויבן טרייסלען, ווי בא קאַפּיטאַלינע אַנדרייעוונען, און אײַניינעם מיט דעם האָבן זיך אַרויסגעטרייסלט פֿון איר זיקאָרן איין מאַכשאָווע נאָך דער אַנדערער, איין געפֿיל נאָכן אַנדערן, אַזויווי עס טרייסלען זיך אַראָפּ אין האַרבסט בלעטער פֿון א בוים. און דאָס, וואָס איז פֿאַרט פֿאַרבליבן אין איר הוילן קאָפּ, איז באַשטאַנען בלויז פֿון ווייטיק און ייִעש. פּימע! פּימע! וואָס האָסטו אָפּגעטאָן? פֿאַרוואָס האָסטו פֿאַראַטן דײַנע ליכטיקע ריטערישע געדיכטן?..

אָבער פֿינף מינוט! — כאַפּט זיך פֿאַרצווייפֿלט דינע. — בלויז גוירלדיקע פֿינף מינוט! עפּשער איז נאָך פֿאַרבליבן א מינוט. און עפּשער נאָר א האַלבע...

זי איז אופגעשפּרונגען פונעם אָרט, אויסגעשטרעקט די האַנט צום אָפענעם שופלאָד, געכאַפּט דעם פּיסטאָלעט, צוגעדריקט מיט דער רער צום שלייף און א קוועטש געטאָן דאָס צינגל. עס האָט זיך אָבער ניט דערהערט קיין שאָס, נאָר עפּעס א כוצפּעדיקער געלעכטער. דאָס איז דער אויספאָרשער אַרײַן אין קאַבינעט. און ווען ער האָט זיך אָנגעקוועלט צוזאַט, האָט ער דינען געזאָגט:

— אַנטשולדיקט. כ'האָב פאַרגעסן געבן אײַך צו וויסן, אַז דער פּיסטאָלעט איז ניט אָנגעלאָדן.

דערנאָך האָט ער געכאַפּט א קוק אַף דעם ריינעם בויגן פּאַפּיר.

— שוין זשע האָט איר גאָרניט נישט אָנגעשריבן? — האָט ער דראָענדיק א פרעג געטאָן.

— איך וועל גאָרניט נישט שרײַבן, — האָט דינע אַנטשלאָסן געענטפערט.

— זעט, אַז איר זאָלט ניט כאַראָטע האָבן, — האָט ער אויסגערעדט מיט דעם זעלבן דראָענדיקן נוסעך און א רוף געטאָן דעם וועכטער.

# 14

עפּעס א פאַרטונקלונג פון זיקאָרן... און עפּשער פאַרקערט — אַן אופּלויכט. דאָס צעבראָכן האַרץ זוכט א רעפוע, א קעגנגיפט אין דער פאַרגאַנגענהײַט. צעפּאָלאָכטע מאַכשאָוועס שטורכן זיך, שטויסן זיך אין עפּעס א טומלדיקער בעהאָלע, ווי מענטשן אַף א יאַריד, אַף דעם קאַלינאָווקער פּלאַץ. פונקען... פונקען... דאָס שטייט אין דער ענגשאַפט א שלײַפער. ער שלײַפט מעסערס. מעסערס... און פון זײַן שלײַף־ווערקשטעל, פון אונטער די מעסערס, פליִען פונקען, פונקען, פײַער־פונקען, בלוט־רויטע, צונטער־רויטע. און קינדער זשמורען די אויגן, זיי שטייען צו נאָענט, און דינע קוקט אַף זיי, קוקט ניט מיט דעמלטיקע גלײַכגילטיקע אויגן, נאָר מיט איצטיקע, זאָרגפולע, ראַכמאָנעסדיקע — צווישן זיי דערזעט זי איך אַרקען, זײַנע שוואַרצע געקרײַזלטע האָר האָבן זיך שוין אָנגעצונדן פון א העפקער־פונק. און זי לעשט זיי מיט קושן פון איר מויל... זי וואָלט עפּשער געדאַרפט אָנשרײַבן דער מאַמען, דעם טאַטן? זי וואָלט עפּשער געדאַרפט אָפּפירן אַרקעלען צו זיי אין קאַלינאָווקע? זיי זײַנען שוין אָבער אַלט און קראַנק, האָט זי ניט געוואָלט פאַרשאַפן זיי יעסורים. און צי האָט זי דען געקאָנט זיך ריכטן, אַז מע וועט זי, איך זי, אַרעסטירן?..

אָבער אַרקעלע ברענט און מע דאַרף אים ראַטעווען. די שוואַרצע האָר אַף זײַן קאָפּ זײַנען שוין געוואָרן צונטער־רויט, נאָר דער שלײַפער שלײַפט און שלײַפט, פונקען פליִען, פליִען, פון אונטער די מעסערס פליִען זיי, מעסערס שאַרפע ווי גאָלמעסערס, דער שלײַפער רײַסט אַרויס פון אַרקעס קאָפּ נאָך א גאַנץ געבליבענע לאַנגע האָר און האַקט זי איבער אַפּצווייען מיט דער שאַרף פון ערשט אויסגעשלײַפטן מעסער, און זאָלן אַלע זען, וואָס פאַר א בעריע ער איז.

— פּימע! העלף מיר ראַטעווען אַרקען!

אָבער פּימע ווייסט זיך זײַנס. ער איז ניט קיין גרויסער דיכטער און ניט קיין קליינער נאַר. א האַלבער נאָווי איז ער, און ער נעמט דעקלאַמירן, טאַקע דאָ, אַף דעם פּלאַץ, צווישן מענטשן, פערד און שטעלעכלעך מיט אייער און טעפּ:

דו שרײַסט פון כּדוועס און דו מיינסט,
די גאַנצע וועלט פאַרנעמט מיט שוידער דײַן געשריי.
א גראָבן טאָעס האָסטו, ליבע!
דײַן ווייגעשריי איז ווי א מײַזן־פּיפּס...

דער מויעך איז אויסגעשעפּט, פאַרטעמפּט פון דעם קאָשמאַר. און דאָך טוט זי א קלער אין בלײַענעם כאָלעם: פּימע, פּימע! דו ביסט גרייט מאַקריוו זײַן אַף דעם מיזבייעך פון דײַן פּאָעזיע דײַן אייגן לײַבלעך ווײַב. זאָג מיר, נאָך וואָס האָסטו אוועקגעשטעלט איינס לעבן אַנדערס אַזעלכע צוויי אומגעלומפּערט־פאַרשיידענע ווערטער: דינע — דינאָזאַווער?..

וואָס ווילסטו פון מיר? אלעמאָל האָסטו צו מיר טײַנעס, אז איך האָב דיך ניט ליב אזוי ווי דו וואָלסט געוואָלט, ווײַל דו ביסט א קאָפּ נידעריקער פון מיר, און ביסט ניט אזא פּראַקטישער מישפּאָכע־באַזאָרגער, ווי אנדערע. וואָס קומט מיר ארויס פון דײַן פּאָעזיע, איב מיר האָבן ניט ביז אהער אנדזער דירעלע, אנדזער נעסט?

דינע איז געווען קימאַט איבערצײַגט, אז דאָס אלץ כאָלעמט זיך איר. דערפאַר האָט זי געגאַרט וואָס גיכער זיך אופּכאַפּן פון שלאָף. אָבער ווען זי האָט אופגעעפנט די אויגן, האָט זי דערזען גורניאַקן. ווידער גורניאַק!

ער איז געשטאַנען לעבן בעטל און געברומט א ניגן פון א טאַנגאָ.

דאָס, וואָס איז געווען בא איר אין מויעך טיף פאַרבאָרגן, האָט גלײַך אופגעטויכט. ווי נאָר זי האָט אים דערזען. זי האָט געכאַפּט דאָס "בריוול", וואָס זי האָט אזוי לאַנג געמאָלט, און אויסגעשטרעקט גורניאַקן:

— איך בעט אײַך, גיט דאָס איבער אַרקען.

פאַרזעצנדיק צו ברומען, האָט גורניאַק צוניפגעלייגט אינצווייען דאָס בייגעלע פּאַפּיר און אַרײַנגערוקט דאָס אין בוזעם־קעשענע.

— זײַט רויק. איך וועל דאָס אומבאַדינגט אים איבערגעבן.

נאָכדעם האָט ער אופגעהערט זינגען און אויסגערעדט גאַנץ ערנסט:

— הערט מיך אויס, דינע באַריסאָוונע, מיט אכט. דאָס איז דער לעצטער שאַנס צו ראַטעווען אײַך און אַרקען. מער וועט מען מיך ניט לאָזן קומען צו אײַך.

ער האָט ארויסגענומען פון דער קעשענע א נאָזטיכעלע און דערלאַנגט דינען. אפן ווײַסן געוועב פון דעם טיכעלע האָבן זיך געשוואַרצט טונקעלע פלעקן. דינע איז דערציטערט געוואָרן.

— ס'איז אַרקעלעס טיכעלע! — האָט זי אויסגערופן. — און די פלעקן... פון בלוט?

— יאָ, פון בלוט. — צוגעוואַרט און צוגעגעבן: — אָבער שרעקט אײַך ניט. ס'האָט עפּעס מיטאמאָל א רין געטאָן פון זײַן נאָז בלוט. איצט רינט שוין ניט מער. אָבער איך בין ניט קיין דאָקטער און קאָן ניט גאַראַנטירן, אז דאָס וועט זיך ניט איבערכאַזערן.

ער האָט פלוצעם זיך אַראָפּגעלאָזט אף די קני.

— דינע באַריסאָוונע, טײַערינקע, איך בעט אײַך, ראַטעוועט אײַער קינד!

די אומגליקלעכע מאַמע האָט געגאַפט אף אים מיט צעווילדעוועטע אויגן.

— איר האָט נאָך א בייגעלע פּאַפּיר?

— יאָ, כ'האָב.

— גיט מיר.

גורניאַק האָט עפּעס צו אײַליק ארויסגעכאַפּט פון דער קעשענע א בייגעלע פּאַפּיר און דערלאַנגט עס דינען. זי האָט גענומען דאָס הענטל־פען.

— וואָס זאָל איך שרײַבן? דיקטירט.

גורניאַק האָט גלײַך גענומען דיקטירן, עפּעס צו גלאַט, אָן שום פאַרלעגנהײַטן. זעט אויס, אז אלץ איז געווען בא אים פאַרגרייט פאַרפריִער, אָבער די בלוט־פלעקן האָבן פאַרטונקלט איר באַוווּסטזײַן און זי איז ניט געווען אימשטאַנד צו קלערן באַדאַכט. איר דערווידער־געפיל צו בלוט האָט ניט געהאַט קיין ברעג.

— וואָס זשע שרײַבט איר נישט? — האָט גורניאַק געפרעגט, אופהערנדיק צו דיקטירן.

פּימעס שאָטן האָט זיך לײַכט דורכגעשלײַכט דורך דער שטיינערנער וואַנט און זיך אײַדערגעשטעלט צווישן דינען און גורניאַקן. דינע האָט אַנטשלאָסן געזאָגט:

— איך גלייב אײַך ניט און איך גלייב ניט דעם אויספּאָרשער. און איך וועל גאָרנישט ניט שרײַבן, ביזוואַנען איר וועט מיר ניט שטעלן אויג אף אויג מיט יעפים סאַמוילאָוויטשן.

גורניאַק האָט ווידער גענומען ברומקען דעם טאַנגאָ־ניגן.

— ס'איז אומעגלעך.

— פאַרוואָס עפּעס איז דאָס אומעגלעך? — און גלײַך פאַרצווייפלט אויסגעשריגן: — איר האָט אים שוין געשאָסן?

גורניאַק האָט בלויז איבערגעכאַזוערט:

— ס'איז אומעגלעך.

נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעדרייט און צוגעגעבן:

— פון דעם בעטל ביז צו דער טיר איז פאַר מײַנע לאַנגע פיס ניט מער, ווי דרײַ טריט. האָט איר נאָך דרײַ סעקונדעס אָף צו באַטראַכטן זיך.

די דאָזיקע דרײַ טריט האָט ער געמאַכט אויסגערעכנט, פאַרהאַלטן זיך אָף א רעגע לעבן דער טיר און איז אַרויס.

דינע איז געזעסן אָפן בעטל, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט קימאַט ביז צו די קני. אַזוי פלעגט זיצן די מאַמע בייס די שרעקלעכע טעג, ווען די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן פאַרפּײַניקט איר שוועסטערל. נאָכדעם פלעגט זי גיין אָפן בעסוילעם, און צופאַלנדיק אָף איר קייווער, פלעגט זי האַלב לייענען, האַלב וויינען פון א צעפליקטן מײַנע־לאָשן: צו דיר, נעשאָמע פון מײַן קינד, שאָלעם... ניט לאַנג ביסטו געווען אָף דער וועלט... און די סוידעס פון גאָט ווייסן מיר ניט... פאַרוואָס האָט ער דיך צוגענומען?.. פון ליבשאַפט צו דיר, צי איבער אונדזערע זינד, וואָס מיר האָבן געזינדיקט?.. טו איך בעטן דעם לעבעדיקן גאָט פאַר דײַן ריינער נעשאָמע, ער זאָל זי מאַכן לײַכטן אקעגן זײַן שכינע... מײַן קינד, וואָס ביסט געווען בא מיר א מאַטאָנע א קליינע צײַט, שטיי אוף מיט געבעט...

קיין ווערטער האָט איר שוין ניט געסטײַעט. הוילע טרערן...

וואָס הייסט עס — "לעבעדיקער גאָט"? פאַראַן א טויטער גאָט איידך? צי עפּשער האָט טאַקע דער טויטער גאָט דערלאָזט, אַז איסווורפן זאָלן פאַרפּײַניקן א ייִדיש מיידעלע?..

דער מאַמעס געוויין איז מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַרקעס. טרערן זײַנען גערונען פון זײַנע אויגן און זיך צונויפגעמישט מיטן בלוט, וואָס איז גערונען פון דער נאָז. וואָס פלוצעם בלוט פון דער נאָז? שוין זשע שלאָגט מען דאָס קינד? צי עפּשער איז ער אנידערגעפאַלן?..

פימע גיטיס איז טאַקע געווען א האַלבער נאָווי, ווען ער האָט אויסגעדיכטעט:

אײדער מ'האָט דיך דערשאָסן, מײַן קינד,
איז פאַרטונקלט געוואָרן דײַן סײכל,
און דו האָסט זיך צעלאַכט...
ניט עמעס! ניט עמעס! ערשט דערמאָלט
איז מײַן סײכל לויטער געוואָרן.
מײַן געלעכטער — א פּליאַסק איז געווען
אין דעם פּיסק פון סײַוולאַגישן סאַליען.
אײדער מ'האָט דיך געקרײַציקט, מײַן קינד,
ביסטו מעשוגע געוואָרן און, קײַנדיק,
האָסטו געשפּיגן דעם סײַוול אין פּאָנעם,
און נאָכדעם — דעם הימל אין פּאָנעם...
איך? מעשוגע געוואָרן? ניט עמעס! ניט עמעס!
די וועלט איז מעשוגע געוואָרן

מיט איך שפּעטער צוזאַמען.
בלוט! בלוט! בלוט!
א יאַם מיט רויטן שוים אָף די וועלן!
און ערד מיט געשוואָלענע גריבער!
א לופט מיט גיפט און איפּעש פאַרסאַמטע!..
כא־כא־כא! האָסט געזען א מעשוגענעם גאָט?
אוי, קינד מײַנס! ניט זינדיק, ניט זינדיק...
אָט איז וואָס? כא־כא־כא!
וועט גאָט עפּשער ווידער טײַטשן?
כא־כא־כא! כא־כא־כא!
מיך שטיקט דער געלעכטער אין גרוב
און טרערן פאַרגיסן און לעשן דאָס אויס...

# פרייד און טרויער

שפעט אפדערנאכט, ווען זיס עס שלאָפט מײַן אייניקל,
האָב איך ליב אירע שיכעלעך די העלפארביקע רייניקן.
פון דערין ניט ווייניק פארגעניגן האָב איך,
דאָס האָט זיך בא מיר פארוואנדלט אין א ״האָבי״...
זייער בליאסק צו אזא מאדרייגע איך דערפיר,
אז אין ערשטקלאסישן סאלאָן כאָטש דעמאָנסטריר
שפעט אפדערנאכט, ווען זיס עס שלאָפט מײַן אייניקל
האָב איך ליב אירע שיכעלעך די העלפארביקע רייניקן.
און וועלכע פארווײַלונגען כ׳טראכט דעמלט נאָר ניט אויס:
אָט וויג איך פלײַסיק זיי ווי הינדעלעך אין שויס,
אָט טו איך זיי ספריטנע צו דער שײַן א קער,
ווי בוילעט שפיגלט זיך אין זיי דער אינטעריער!
אָט לאָז איך פאָרזיכטיק אין וואנע זיי ארײַן,
קוק מיט היספּײַלעס, א באצויבערטער, זיך אײַן
און הייב שוין אָן, לויט דער געוווינשאפט, זיי פארגלײַכן
מיט יונגע קאטשקעס אין א שטילינק טײַכל.
נאָר זייער גיך צעברעכט זיך מײַן פאנטאזיע,
ווי אין א הארבן פעלדז א קרישלדיקע וואזע.
כ׳דערזע א בארג מיט שיכעלעך, פארבליבענע
נאָך די קינדערלעך אין טויט-לאגערן פארטריבענע,
אין אָשוועגטשימער קאלך-אויוונס פארברענטע,
אנטבלוטיקטע פון מענגעלעס עקספערימענטן,
א בארג מיט שיכעלעך... באלד וועט מען זיי סאָרטירן,
אין די קאַניבאלע גראָבּיכער פארעגיסטרירן.
א בארג מיט שיכעלעך, ווי פון שארבנס קליינינקע א פיראמידע,
ס׳לויפט דורך א שוידער איבער מײַנע אלע גלידער.
גלײַך אומהילפיק און ווי צעמישט איך ווער:
דעם ווייגעשריי פון יענע קינדערלעך כ׳דערהער.
און מיטאמאָל עס דאכט זיך מיר גאָר אויס,
אז עמעץ גאנוועט איצט מײַן מיידעלע ארויס,
אז ס׳קען מיט איר א גרויסע צאָרע טרעפן...
מיט ציטעריקע הענט פאוואָלינקע איך עפן
די ווײַסע טיר, פונעם געמיטלעך-שטילן צימער.
איך האָב אומזיסט געשראָקן זיך און זיך געקימערט,
זי שלאָפט, די שטיפערקע, די סיביריאטשקע,
אף א שטול לעם בעטעלע עס דרעמלען אירע צאצקעס...

## מײַן אײן־און־אײנציקער באַדינג

שרײַבט מיר, שרײַבט מיר, ברידער טײַערע,
לאָזט זוך־העזלעך אין מײַן הארץ אַרײַן,
פאַר יעדן בריוועלע פאַר אײַערן
דאַנקבאַר כ׳וועל אומענדלעך זײַן.
און כ׳בעט אײַך: אַף יאַמסויוויום וואַרט ניט,
לאָזט זיך הערן רעגולער,
ווײַל אַף בריוו אָן אופהער וואַרטן
איז אַזוי דאָך שווער.
שרײַבט. מײַן פּאָסטקעסטל דאָס בלויע —
זײַן עס זאָל קעסיידער טעטיק,
ס׳זאָל פון אים ניט ווייען מיט אַ טרויער,
ווי פון טויבנשלאַק אין אָסיען שפּעטן.
שרײַבט. פאַרגעסט ניט נאָר אײן זאַך
(דאָס מײַן אײן־און־אײנציקער באַדינג איז):
יעדעס וואָרט שרײַבט אָן אַף יענער שפּראַך,
אַף וועלכער ס׳פלעג אַמאָל די מאַמע
שטילע וויגלידער מיר זינגען.

## אַ זעלטענע דערשײַנונג

אַזאַ מין זוניקע לעוואָנע —
העל, ווי באַטאָג,
די האַלבע נאַכט איז,
אין יעדן ווינקעלע איז ליכטיק,
און ס׳דאַרט זיך אויס גאָר, אַז, אַפּאַנעס,
ס׳האָבן די געטרײַע הימל־ליכטער
איבערגעפּלאָנטערט הײַנט די וואַכטעס.

## אַ מאָדנע לאָגיק

אויב ס׳האָט אײן עפּעס־וואָס פאַרזינדיקט זיך פאַריד,
באַשולדיקט מען, נאַטירלעך, בלויז פאַרידן.
אויב ס׳האָט דאָס זעלבע אָפּגעטאָן דאַוויד,
באַשולדיקט מען שוין אַלע ייִדן...

## אַ נוצלעכע אײצע

טאָמער ווילסטו אָפּהיטן אַ סאָד
און באַ קײנעם דאָ ניט אָנווערן דײַן נאָמען,
איז ניט האַק אַ טשײַניק,
ווי די פלוידערזעק אין בראָד,
האַלט פאַרשלאָסן ס׳מויל, פּונקט ווי די ציוריכער גנאָמען.

## די שטראָף איז אומפאַרמײַדלעך

דער אויספּיר איז אַ האַרבער,
ווי האַרב ס'איז אונדזער צײַט:
ווער עס זייט אַ פּירל־כאַרבאַר —
אַ כיראָסימע שנײַדט.

## אַ בעריע ווען ס'איז פינצטער

(פאָלקס־מאָטיוו)

— אַ ליקע־כאַמע, אַ ליקע־כאַמע!
ס'טוט זיך כּוישעך, אַ קאָשמאַר,
אַפן גאַנעק לויף אַרויס, נעכאַמע,
וואַרפן אַ בליק אַף דיר איך גאָר.
— אויב פאַר דיר איז דאָס זייער וויכטיק,
דערצו נאָך עקסטרענע אַזוי,
איז באַטראַכט מיך, ווען ס'איז ליכטיק,
און ניט ווען אַלדאָסדינג איז גרוי...
— אַ ליקע־כאַמע, אַ ליקע־כאַמע!
צווישן טאָג און נאַכט אַ שפּיל,
אַפן גאַנעק שפּרינג אַרויס, נעכאַמע,
אַנערקענען זיך אין ליבע כ'וויל.
— יענעם, וועלכער ליבט בעעמעס,
לויט די אויגן מע דערקענט.
דו האָסט אויסגעקליבן פאַר דער טעמע
ניט קיין פּאַסיקן מאָמענט.
— אַ ליקע־כאַמע, אַ ליקע־כאַמע!
אומגעדולדיק איז מײַן זעל.
אַפן גאַנעק פלי אַרויס, נעכאַמע,
דיך אַ קוש געבן איך וועל.
— דאָס איז שוין אַ קאָנקרעטע פראַגע,
כ'האָב אָבער מוירע, אַז מיסטאַמע
ביז וועסט אַף אַזאַ העלדנטאַט זיך וואַגן,
וועט ערגעץ אהינקומען די ליקע־כאַמע...

**מויני שולמאַן**



# כ׳בין געווען באַדערבײַ

איך וויל, און ס׳איז מײַנער א כויוו, דערציילן, ווען און וויִאזוי מע האָט פאַרמאַכט די ״איינִיקײַט״ — די צײַטונג פונעם יִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. זעקס מענטשן זײַנען מיר געווען באַדערבײַ: הערש זשיץ, דער צײַטווײַליקער פליכטן־אויספילער פונעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר, שלוימע ראַבינאָוויטש, זײַן שטעלפאַרטרעטער, זעליק בורגאַנסקי, דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר, אַבע פינקעלשטיין, דער פאַרלאַג־פאַרוואַלטער (ער פלעג אויך פון צײַט צו צײַט זיך דרוקן), אַבע לעוו, דער ביבליִאָטעקער און אַרכיוויסט פון דער רעדאַקציע, א קאָלאָריטע פיגור אין דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי זײַנען שוין אַלע אויף דער עמעסער וועלט, זאָל זיי גרינג זײַן די ערד. בלויז איך, דער זעקסטער, דער יִנגסטער, בין ווער ווייסט אויף ווילאַנג נאָך געבליבן לעבן. דאַרף איך אָפּגעבן דעם כויוו.

סע שרײַבט זיך אָבער שווער. איין דערמאָנונג פליט אָן אויף דער צווייטער, איין געדאַנק שלאָגט איבער דעם אַנדערן, און זיי פלעכטן זיך צוזאַמען, מישן זיך צונויף.

די ״איינִיקײַט״ — די איינציקע און די לעצטע צענטראַלע יִדישע צײַטונג אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד האָט מען פאַרמאַכט דעם 21 נאָיאַבער 1948 יאָר. דעמלט, מער ווי מיט פערציק יאָר צוריק, האָט זיך געדאַכט, אַז אָט דער טאָג וועט זײַן אײַנגעקריצט אין אונדזער זיקאָרן קאָלזמאַן מיר וועלן לעבן. נאָר די צײַט טוט אירס. ווי זאָרגלאָז מיר באַציִען זיך פונדעסטוועגן צו אונדזער אייגענער געשיכטע, צו זיך אַליין!.. איך בין ניט בעסער פון אַנדערע, און כאָטש איך בין איינער פון די זעקס, וואָס זײַנען געווען בײַס דער האַריגע פון דער ״איינִיקײַט״, וואָלט איך אויך איצטער מיסטאָמע נאָר געקאָנט שטאַמלען: ״דאַכט זיך, אַז סאָף 1948, אין אָקטיאַבער צי אין נאָיאַבער...״ האָט זיך אָבער באַ מיר צופעליק און עפשער ניט אינגאַנצן צופעליק פאַרהיט דער לעצטער נומער פון דער צײַטונג, און ער איז דאַטירט ״שאַבעס, 20 נאָיאַבער 1948 יאָר״. די ״איינִיקײַט״ האָט מען פאַרמאַכט אויפן אַנדערן טאָג. זונטיק. דאָס געדענקען אַלע, מיט וועמען ס׳איז מיר אויסגעקומען צו ריידן.

פאַרוואָס האָב איך עס א זאָג געטאָן, אַז ניט אינגאַנצן צופעליק האָט זיך באַ מיר פאַרהיט די צײַטונג? קעדיי ס׳זאָל שענער גיזאָגט ווערן? בעפיירעש ניט צופעליק. די ״איינִיקײַט״ פלעג אַרויסגיין דרײַ מאָל אין וואָך. דינסטיק, דאָנערשטיק און שאַבעס. יעדן נומער, נאָכדעם ווי ער איז דערשינען, פלעגן מיר באַהאַנדלען אויף א א פלוג־באַראַטונג — אויף א ״לעטוטשקע״, ווי מיר האָבן עס גערופן. איינער פון אונדז איז געווען דער הויפּט־רעצענזענט.

פונעם שאבעסדיקן נומער — איך. האָב איך אים מיטגענומען אהיים אָף צוגרייטן זיך צו דער מאַנטיקדיקער באַראַטונג. אַזוי איז ער פאַרבליבן בא מיר מיט די באַמערקונגען, וואָס כ׳האָב געמאַכט. אפילע נאָכן פארמאַכן די צײַטונג איז מיר געוועזן אן אווײַרע אים צעריַיסן אָדער פאַרברענען. פאַרברענען האָב איך, אַגעוו, ניט געהאַט ווו — קיין הרובע איז בא אונדז אין שטוב ניט געווען, און ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן, האָב איך בא זיך באַשלאָסן, אַז כ׳וועל מײַנע פּאַפּירן און די ייִדישע ביכער בא אונדז אין שטוב ניט טשעפּען. מע זעצט דאָך ניט אײַן דערפאַר, וואָס מע האָט געפונען אַזאַ טרייפס בא דיר, נאָר אויב דו אַליין ביסט טרייף, וועט מען דיך סײַוויסײַ אײַנזעצן.

עפּשער איז קעדײַ הײַנט א בלעטער טאָן אָט דעם לעצטן נומער פון דער ״אייניקײַט״?

ערשטנס, דאַרף מען דערמאָנען, ווער ס׳איז געווען אין דער רעדקאָלעגיע. אָט זײַנען זייערע נעמען: ד. בערגעלסאָן, י. דאָברושין, ש. האַלקין, ל. סטראָגין, איציק פעפער, ל. קוויטקאָ, א. קושניראָוו. הויכע נעמען, טײַערע נעמען. קדושים. ס׳גייט מיר ניט אָן, וואָס מע זאָגט אַצינד וועגן פעפערן. סײַווי איז ער געבליבן אין מײַן געדעכעניש ווי א קאָדעש. מיט א שורע העכער איז אונטערגעשריבן זשיץ, נאָר דער איניציאַל איז ניט ה., נאָר ג. מע פלעגט אים טאָקע רופן גרישע, זשיץ איז געשטאָרבן אין 1956 יאָר, אָפּן וועג קיין מאָסקווע, ווען מע האָט אים שוין באַפרײַט פון די לאַגערן.

אונטער דעם צעטל פון דער רעדקאָלעגיע — א מעלדונג פונעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער. דעם 20 נאָיאַבער גייט ״פריילעכס״ — איסערן אַבאָנעמענט, דעם 21 נאָיאַבער — ״זאַריא בעלינקאָוויטש״. דער 5־טער ספּעקטאַקל פונעם 16 אַבאָנעמענט. מיכאָעלס איז שוין ניט געווען, און דער טעאַטער האָט נאָך געשפּילט. ביניאָמין זוסקין האָט מיט אים אָנגעפירט. וועגן וואָס פאַר אן אַבאָנעמענט רעדט זיך דאָ? אין 1948 יאָר האָבן ביכלאַל די טעאַטערן אין מאָסקווע איבערגעלעבט א שווערע צײַט. מע האָט פאַרקלענערט צי עפּשער אינגאַנצן אַראָפּגענומען די דאָטאַציעס. דער גאָסטעט האָט איינער פון די ערשטע אַרויסגעלאָזט אַבאָנעמענטן, קעדײַ ״פּאַרפּעסטיקן״ דעם צושויער.

איצט, בייס דער ״פערעסטראָיקע״, האָבן איינקע צײַטונגען אַראָפּגענומען פון די ערשטע זײַטן דעם רוף ״פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!״. ערשט איצט האָב איך דערזען, אַז די ״אייניקײַט״ האָט אים קיינמאָל ניט געהאַט.

קראָפּאָטקין־גאַס, 10. א הויז, וואָס מאָסקווע קען עס. א שיין מויערל, פון אײַזן און אינווייניק. ס׳שטייט נאָך פון פאַר דער רעוואָליוציע. מיסטאַמע געהערט צו א פּאָרעץ אָדער סויכער. גרויסע זאַלן, ראַכוועסדיקע צימערן, הויכע סופיטן.

דאָס ערשטע מאָל בין איך דאָ געווען אין 1942 יאָר. כ׳האָב זיך דעמלט געלערנט אָף מיליטערישע קורסן אין א יישעוו הינטער מאָסקווע. אין איינעם א טאָג האָב איך זיך אָפּגעבעטן באַם קאָמאַנדיר און זיך געלאָזט זוכן בוזי גאָלדענבערגן. כ׳האָב געוווּסט, אַז נאָך דעם, ווי מע האָט אים אין 1940 יאָר, אויב איך בין זיך ניט טועה, אַרויסגעלאָזט פון טפיסע, האָט ער געאַרבעט אין ״עמעס״־פאַרלאַג. בוזין האָב איך געקענט פון כאַרקאָוו. ער איז געווען דער שטעלפאַרטרעטער פונעם רעדאַקטאָר אין ״שטערן״. איך האָב געאַרבעט אין דער ״יונגער גוואַרדיע״. מיר האָבן געוווינט אין איין הויז, איך — אָפּן ערשטן שטאָק, אין דער צוזאַמענוווינונג פונעם נאַצמינדפאַרלאַג (אָדער עפּשער איז עס דעמלט געווען דער צענטרפאַרלאַג), ער — מיט זשעניען, זײַן פויליש ווײַבל, אויך א זשורנאַליסטקע — אָפּן צווייטן שטאָק אין א קליין צימערל. איך פלעג אָפט אַרײַנקומען אין די אָפּדערנאַכטן. ס׳האָט מיך שטאַרק געצויגן צו אים, עס איז געווען באַ וועמען צו לערנען זיך צײַטונגס־אַרבעט. און כוץ דעם, פלעגן מיר ביידע ליב האָבן אויסצוזינגען א ייִדיש לידל:

**— ווער קלאפט עס דאָרטן אזוי שפּעט באַנאַכטז**

**- - איך, בערעלע באראנטשיק.**

**אוי, עפן, עפן, ליובעניו...**

וואָס דער זיקאָרן פארהיט...

מיר האָבן געהאט נאָר איין אָפּרו־טאָג אין דער וואָך. שאבעס האָט מען געארבעט. דער לעצטער ארבעטסטאָג מײַנער אין דער "איינינקײַט" איז פאר מיר געווען ניט קיין גרינגער, פארן אוועקגיין אהיים האָב איך איבערגעלאָזט זשיצן א מעלדונג, אז איך בעט, מע זאָל מיך באפרײַען פון דער ארבעט. זשיץ האָט מיך שווײַגנדיק אָנגעקוקט, ניט געפרעגט, ווי איך האָב געוואָרט, פארוואָס כ'גיב פלוצעם אָן אין דעמיסיע, אוועקגעלייגט מײַן מעלדונג אונטערן גלאָז אפן טיש און געזאָגט:

— גוט, מאַטיק וועלן מיר ריידן.

נאָר מאָנטיק איז שוין ניט געווען וועגן וואָס צו ריידן.

אין דער "איינינקײַט" בין איך אָנגעקומען ארבעטן אין יול 1947. מיט דרײַ כאָדאָשים פריִער האָט מען מיך ענדלעך דעמאָביליזירט פון דער ארמיי. אין קענצוכע, א פּיצינקן יישעוו, 250 קילאָמעטער פון דער אײַזנבאן, פארוואָרפן אין דער אוסוריִער טײַגע, וווהין מע האָט, כ'קאָן ביז איצט ניט פארשטיין, צוליב וואָס פאר א נויטן, דיסלאָצירט אונדזער דיוויזיע נאָך די שלאכטן אין מאָנגאָליע, האָב איך אָנדערהאלבן יאָר ארויסגעקוקט אפן מאָמענט, מע זאָל מיר זאָגן: "פאָר געזונטערהייט אהיים!"

און ווו איז זי, מײַן היים? אינעם וואָלינער שטעטעלע בערעמליע, ווו כ'בין געבוירן געוואָרן? אינעם אײַנגעבאקענעם אין הארצן אקראיניש־יידישן אומאַן, ווו כ'בין אופגעוואקסן? אין דעם ליב געוואָרענעם לוואָוו — לעמבעריק, ווו איך האָב נאָך א טאָג, איידער די דײַטשן זײַנען אהין ארײַן, ארויסגעלאָזט א לעצטן נומער פון דעם צײַטונג "דער רויטער שטערן"? צי גאָר אין דער וווּנדער־שײנער אקראינישער הויפּט־שטאָט קיִעוו, פונוואנען איך בין אוועק אף דער מילכאָמע? ניין, מײַן היים איז איצט געווען אין אודמורטיש־רוסישן איזשעווסק. אהין זײַנען בײַס דער מילכאָמע פארוואָגלט געוואָרן די מאמע און צוויי שוועסטער מײַנע, כ'האָב זיי קוים געפונען אפן פערטן יאָר פון דער מילכאָמע נאָך צענדליקער בריוו קיין בוגורוסלאַן. אהין זײַנען איינער נאָכן אנדערן געקומען פונעם פראָנט דער טאטע און מײַנע צוויי ברידער. אכט און צוואנציק נאָענטע קרויווים, דעם טאטנס און דער מאמעס ברידער און שוועסטער, די קינדער זייערע, א שוועסטערס מאן און א מיידעלע אירס זײַנען אומגעקומען פון די מערדערס הענט, א ליכטיקן גאניידן זאָלן זיי האָבן. איך באווײן זיי ביז הײַנט, און דאָך טאָר מען זיך ניט קלאָגן. באם גאנצן אומגליק, זײַנען די סאמע לײַבלעכע לעבן געבליבן. אוי, ווי מײַן הארץ האָט זיך אויסגעבענקט נאָך זיי און נאָך דער שפּראך, אף וועלכער כ'האָב א גאנץ לעבן גערעדט מיט זיי — נאָך מײַן מאמע־לאָשן. איר שטעלט זיך ניט פאָר, וואָס ס'האָט געהייסן פאר מיר דאָס מאמע־לאָשן. כ'האָב זיך פארבענקט נאָך עמעסער צײַטונגס־ארבעט. די ארבעט אין דער קליינינקער דיוויזיע־צײַטונג, ווו כ'בין געווען סעקרעטאר פון דער רעדאקציע, האָט נאָך דער מילכאָמע פארלוירן פאר מיר יעטווידן אינטערעס. כ'האָב זיך זייער פארבענקט נאָך מײַן לאָשן, נאָך א לעבעדיק יידיש וואָרט. א קלײניקײַט — מערער פון פינף לאנגע יאָר, פון יול 1941, ווען כ'האָב זיך געזעגנט מיטן זשורנאליסט לייבל בראָילאָווסקי, מיט וועמען איך האָב צוזאמען געארבעט אין "שטערן" און צוזאמען אָנגעטראָפן קיין זאפּאָראָזשיע אף מיליטערישע קורסן, האָב איך מיט קיינעם ניט אויסגערעדט קיין יידיש וואָרט!

דער 21 נאָיאבער 1948 איז געווען א מין "האלבער יאָמטעוו". צווישן די צענדליקער, וואָס מע מערקט אָפּ בא אונדז אין לאנד, אזויגערופענע "טעג" פון ראַדיאָ, פון פרעסע, פון

סאָוועטישן האנדל, פון טאנקיסטן, פונעם לופט־פלאָט און אזוי ווײַטער, איז אויך פאראן א טאָג פון דער ארטילעריע. פאר מיר איז עס ניט קיין האלבער, נאָר א גאנצער יאָמטעוו, ווײַל, ערשטנס, האָב איך בײַ דער מילכאָמע געדינט אין דער ארטילעריע, און, צווייטנס, האָב איך פונקט מיט א יאָר צוריק, ווי מע זאָגט אף דער סאָוועטישער אומגאנג־שפּראך, "זיך צעשריבן", דאָס הייסט אף א מענטשלעך לאָשן — כאסענע געהאט.

נאָר דעם עמעס געזאָגט, בין איך אין אָט דעם טאָג אופגעשטאַנען אף דער לינקער זײַט, און אפן הארצן איז געווען פאסקודנע. ס'האָט מיר אָנגעהויבן באַנג טאָן, וואָס איך האָב זיך צוגעײַלט מיטן דערלאנגען דעם רעדאקטאָר די מעלדונג. אין שטוב האָב איך דערווײַל ניט דערציילט, וואָס כ'האָב נעכטן אָפּגעטאָן. פארקערט, איך האָב מיט דער פרוי אָנגעהויבן באטראכטן, ווו און וויאזוי מיר וועלן פארברענגען דעם יאָמטעוודיקן טאָג. צוזאמען מיט ווערען, מײַן יונג ווײַבל, און מיט אירע עלטערן, האָבן מיר דעמלט געוווינט ניט ווײַט פונעם פּאוועלעצקער וואָקזאל אין א קאָמונאלער דירע, ווו אין פינף קליינע צימערלעך האָבן זיך געטוליעט פינף היפשע מישפּאָכעס. אונדזער צימער, פינפטהאלבן מעטער די לענג און פינף מעטער די ברייט, האָט זיך גערעכנט פאר א גרויסן.

ווען מיר האָבן זיך מיט שווער און שוויגער געזעצט צום טיש, האָט א שאָכן אָנגעקלאפּט אין טיר. ווערע איז ארויסגעשפּרונגען אין קאָרידאָרל, ווו ס'איז געהאנגען דער אלגעמיינער טעלעפאָן־אפּאראט פאר אלע אײַנוווינער פון דער דירע, און באלד זיך אומגעקערט:

— דיך. דאכט זיך, פון דער רעדאקציע, בורגאנסקי.

מיט בורגאנסקין האָבן מיר זיך פארהאלטן פרײַנטלעך, נאָר ער זאָל האָבן אין זינען מיך באגריסן מיטן ארטילעריע־טאָג, האָט זיך מיר עפּעס ניט געגלייבט. און ניט אנדערש, זשיץ האָט אים שוין געגעבן צו וויסן וועגן דער מעלדונג, און ער האָט מיר עפּעס־וואָס צו זאָגן וועגן דעם. ניין, ער איז ניט פון די מענטשן. דאָס איז א געשטעלטער, מעיושעוודיקער כאווער, ער האָט ניט צופעליק מיט אונדז אין רעדאקציע געקנעלט דאָס פערטע קאפּיטל פונעם "קורצן קורס"...

— וואָס האָט זיך פארלאָפן, בורגאנסקי?

— שולמאן, — האָט ער געזאָגט, — קומט שוין אין רעדאקציע.

א צערודערטער, בין איך ארײַן אין שטוב:

— איך פאָר אין רעדאקציע!

— וואָס איז געשען? — האָט געפרעגט ווערעס טאטע.

— כ'ווייס ניט, ער האָט מיר ניט געזאָגט... סײַדן סטאלין איז געשטאָרבן, — האָט זיך בא מיר ארויסגעכאפּט, און כ'האָב זיך אליין דערשראָקן פאר די רייד.

דאָס עסן איז שוין ניט געגאנגען אין האלדז, און כ'בין אוועק צום מעטראָ. אין קאָפּ האָט זיך געדרייט נאָר איין געדאנק: "סטאלין... סטאלין..." אוודאי ווילט זיך איצטער לעאכער האמײַסע, אוועקשטעלן "יימאך שמוי", נאָר דעמלט האָב איך געטראכט גאנץ אנדערש...

עס גיט זיך אמאָל אויס אין מאָסקווע א שפּעטער אָסיען, וואָס איז שענער פון אן אנדער זומער. דער הימל איז לויטער, די זון — מילד, און אלץ ארום, דאכט זיך, איז פול מיט רו. א געשאָנקענער טאָג האָט מיך באגעגנט אין דרויסן. נאָר די פּלוצעמדיקע האשאָרע, אז ס'האָט עפּעס געטראָפן מיט סטאלינען, האָט מיך געטריבן צום מעטראָ.

דער דאָר, צו וועלכן איך געהער, איז געווען פארורטיילט דורכצומאכן קימאט דאָס גאנצע לעבן אונטער סטאלינס הערשאפט. (אין 1948 יאָר וואָלט איך געזאָגט — אונטער סטאלינס אָנפירונג, אפילע — גאוניאלער אָנפירונג. איצט איז גרינג צו זײַן א כאָכעם...).

אין א מינוט צוואנציק ארום בין איך געווען אף דער קראָפּאָטקין־גאס. געוויינלעך א שטילע, האָט זי איצט אויסגעזען עפּעס ווי אומנאטירלעך אופגעלעבט. לאסטמאשינען, און דערצו מיליטערישע, דאכט זיך "סטודעבעקערס", און סאָלדאטן גייען ארײַן און ארויס

דורך די טירן פון דער געבײַדע  נומער 10. איך קאָן ביז הײַנט ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס אפילע, ווען איך  בין אַרײַנגעקומען און דער מיליציאָנער באַם אַרײַנגאַנג האָט עפּעס  מער, ווי געוויינלעך, באַטראַכט מײַן דורכלאָז־שײַן, איז מיר אפן  געדאַנק ניט געקומען, אַז ס׳קאָן עפּעס שלעכטס געשען מיטן קאָמיטעט אָדער  מיט דער צײַטונג. ניט אַנדערש, אָדער איך בין פאַרבלענדט געווען פון  מײַן אייגענער מעלדונג מײַנער וועגן אַוועקגיין פון דער רעדאַקציע  (אָנגעגעבן האָב איך זי דאָך מיטן מײַן איבערצוגיין אַרבעטן אין קאָמיטעט), אָדער מײַן מויעך איז פון דער אָפּטרייסלונג אינגאַנצן אָפּגעטעמפּט  געוואָרן.

איז דען אַפּאַנעמעסן ניט געווען קיין שום גרונט צו פאַרטראַכטן זיך וועגן  דעם גורל פונעם קאָמיטעט, פון דער צײַטונג, פון דעם מאָסקווער גאָסעט,  פון דער ייִדישער קולטור אינגאַנצן גענומען? פאַרקערט, דאָס יאָר, דאָס  אומגליקלעכע פאַר אונדז 1948 יאָר האָט זיך אָנגעהויבן דאָך פון א גרויסן  בראָך. דעם 13 יאַנוואַר איז אַוועק פונעם לעבן דער גרויסער דענקער און גרויסער  ייִד שלוימע מיכאָעלס. האָבן מיר דען ניט געוווּסט, ניט געפילט,  אַז דאָס איז א געוואַלט־טויט? און ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן מעדינאַס  ייִסראָעל און טויזנטער מענטשן האָבן זיך געבעטן באַם אַנטיפאַשיסטישן  קאָמיטעט, מע זאָל זיי שיקן פאַרטיידיקן די מעלוכע, האָט מען דאָך אין דער  רעדאַקציע איינער דעם אַנדערן געוווּסט איבערצוגעבן, אַז מאַלאַטאָוו אַליין  האָט אין קרײַזן, נאָענטע צו אים, איסגעדריקט גרויס אומצופרידנקײַט,   און אין סענטיאַבער האָט מען אײַנגערוימט א סאָד, אַז מע האָט אײַנגעזעצט  האָפּשטיינען. פאַרוואָס? ער איז געווען אַמאָל אין ערעץ־ייִסראָעל... איז  דאָס עמעס, צי ניין? האָבן מיר, פּאָשעטע אַרבעטאָרער אין רעדאַקציע, ניט  געטאָרט עס וויסן? אָבער לעבן און אַרבעטן פאַר אונדזער ליטעראַטור און קולטור  האָבן מיר געוואָלט און דעריבער האָט יעדערער זיך אײַנגערעדט, אַז דער  הימל איז נאָך ניט באַ דער ערד. אָט האָט דאָך אָנגעהויבן אַרויסגיין דער אַלמאַנאַך  "היימלאַנד", אָט האָט מען דאָך דערלויבט פאַרשפּרייטן אַבאָנעמענטן פונעם  גאָסעט, און איציק פעפער, וועלכער האָט עפּשער מער פון אַלעמען געוווּסט,  וואָס עס טוט זיך אַרום דעם קאָמיטעט, האָט אַף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג  גיזאָגט,    אַז מע דאַרף זען, מע זאָל וואָס מער  פאַרשפּרייטן אַזעלכע אַבאָנעמענטן.  ס׳איז שוין געווען אין דער ייִדישער געשיכטע אַזוינס — גראָד פונעם טעאַטער  האָט זיך אָנגעהויבן די פאַנאַדערבליִונג פון דער ליטעראַטור און  קולטור...

אוי, איציק פעפער... זייער אָפּט פלעג איך אים, דעם לעביונג מיטן שאַרפן  געדאַנק און שאַרפער צונג באַגעגענען א פאַרכוישעכטן, א מאָרעשכוירעדיקן.  איצט שטויס איך זיך אָן: איב ער האָט ניט אַלץ געוווּסט, האָט ער דאָך  א סאַך געפילט. דער מענטש איז שוין אַזוי פון געבוירן פּראָגראַמירט אופצונעמען  דאָס געוווּנטשענע פאַר דאָס ווירקלעכע.

ווען כ׳האָב זיך אופגעהויבן אפן צווייטן שטאָק, אין קאָרידאָר, וואָס האָט  געפירט אין די צימערן פון דער רעדאַקציע, האָב איך גלײַך דערזען, אַז  די טיר פון דער ביבליאָטעק איז ברייט צעעפנט און אַבע לעוו, דער ביבליאָטעקער  אונדזערער, פּאַקעוועט ביכער. וואָס פּלוצעם? איך האָב געעפנט די  טיר פונעם סעקרעטאַריאַט — דאָרט געוויינלעך זיצן בורגאַנסקי, פּאָליע  אָלעווסקע, דער טעכנישער סעקרעטאַר. פּוסט... און איך בין אָפּהענטיק געבליבן שטיין באַ דער שוועל...

מיר פובליקירן אויסצוגן פון די אינטערוויוען, וועלכע עס האָבן געגעבן דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער "נעזאַוויסימאַיאַ גאַזעטאַ" ("אומאָפּהענגיקע צײַטונג") דער פּרעזידענט פון ישׂראל כאַיִם הערצאָג און דער פּרעמיער־מיניסטער יצחק שאַמיר (7 מײַ 1992).

## 1. אױף א פראגע ענטפערט דער פרעזידענט

— צי וואָלט איר געקאָנט דערציילן אײַנקורצן וועגן די גרונט־אידעאַלן פון ישׂראל אַלס מדינה?

— ישׂראל איז געגרינדעט געוואָרן ווי א מדינה, וואָס איז אויסגעבויט אויף די יסודות פון דער ייִדישער קולטור, מיט פּרינציפּן, וועלכע מיר האָבן איבערגעגעבן דער וועלט און וועלכע זײַנען געקומען צו אונדז פונעם אוצר. דאָס זײַנען פּרינציפּן פון דער ייִדישער קולטור, די וואָרצלען אירע געפינען זיך אין דער ביבל. פאַרשטייט זיך, אַז אויף אונדז האָבן געווירקט אויך די געשעענישן, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אין די נאָכטאָנאַכישע צײַטן. דאָס האָט באַקומען די בולטסטע אָפּשפּיגלונג אין עם צושטײַער, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער וועלט־קולטור. הײַנט זײַנען בײַ אונדז, פאַרשטייט זיך, פאַראַן פיל פּראָבלעמען. איך מיין, אַז דאָס, וויאַזוי מיר קעמפן מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען און צו וואָס מיר האָבן דערגרייכט, וואָלט אין אַנדער מדינה אויף אַנדערער אָרט ניט געקאָנט אָפּשאָן. מיר זײַנען א געזעלשאַפט, וואָס באַזירט זיך אויף די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטיע. בײַ אונדז איז אַן אומאָפּהענגיקע געריכטס־פירונג, פרײַע מיטלען פון אינפאָרמאַציע, פון דער פּרעסע, ווי אויך אַן אָבליגאַטאָרישע בילדונג. דער קאַמף, וועלכן מיר האַלטן אין איין פירן, פאַרפליכטעט אונדז אין קיין פאַל ניט אָפּגיין פון די אויבנדערמאָנטע פּרינציפּן. צומאָל דערשלאָגן מיר זיך א דערפאָלג צומאָל ניט דווקא. אָבער פּרינציפּיעל שטרעבן מיר זיך די גאַנצע צײַט גיין מיט אָט דעם וועג.

## 2. עס ענטפערט דער פרעמיער־מיניסטער

— ס'איז פאַראַן א פּראָבלעם, וועלכע שפּילט בעפּירדעש אויס די באַציִונגען פון ישׂראל מיט רוסלאַנד. איך האָב אין זינען די 400 טויזנט אָפּשטאַמיקע פונעם געוועזענעם פסס"ר, וועלכע האָבן עמיגרירט קיין ישׂראל. פאַראַן א היפּשע צאָל סטערעאָטיפּיקע מיינונגען אין שײַכות מיט די "רוסן", וועלכע זײַנען אַרויסגערופן, לעמאָשל, קיין פּשא. אייניקע זאָגן, אַז זיי האָבן דאָרט אָרגאַניזירט מאַפיאָזע גרופּעס, אַנדערע — פאַרקערט, אַז דאָס איז די סאַמע געראָטענע עמיגראַציע. צי וואָלט איר געקאָנט אונדז זאָגן, אַלס פּרעמיער־מיניסטער פון ישׂראל, וויאַזוי איר שאַצט אָפּ אײַערע נײַע בירגער וואָס פאַר א פאַרב טראָגן זיי אַרײַן אינעם פּאָליטישן לעבן פון ישׂראל?

— דאָס איז א וויכטיקע פראַגע. מיר שאַצן אָפּ זייער הויך יענע, וועלכע קומען הײַנט צו פאָרן פון רוסלאַנד. צווישן זיי זײַנען פאַראַן א סך ספּעציאַליסטן אין פאַרשיידענע געביטן. אין דער וועלט האַלט מען, אַז דער מיזרח איז פיל מער אַנטוויקלט, איידער רוסלאַנד, אַז רוסלאַנד שטייט אָפּ. מיר אָבער האָבן זיך איבערצײַגט, אַז דאָס בילד איז באַלאַנסירט. ס'זײַנען פאַראַן געביטן, אין וועלכע רוסלאַנד איז אויסערגעוויינלעך שטאַרק אַנטוויקלט. דעריבער שאַצן מיר הויך די ספּעציאַליסטן פון אײַער לאַנד. א שווערע פּראָבלעם, וועלכע שטייט פאַר אונדז, איז געפינען פאַר יעדן אַן אָרט דאָ, בײַ אונדז, אין אונדזער געזעלשאַפט. מיר פאַרנעמען זיך זייער ערנסט מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם, נאָר עס פאָדערט זיך צײַט. די מענטשן, וועלכע קומען פון רוסלאַנד, פאַרמאָגן א הויכן קולטור־ניוואָ. דאָס הייבט אויף דעם קולטור־ניוואָ פון דער מדינה. מיר זײַנען פונדעסטוועגן א קליינינקע לאַנד. מיר פאַרמאָגן נאָך אַפילו ניט קיין פינאַנציעלע באַפעלקערונג. און אויב עס קומען צו פאָרן 400 טויזנט מענטשן מיטאַמאָל, הויבט זיך עס אָפּ אַפן אַלגעמיינעם ניוואָ. מיר שאַצן הויך די יונגע, וועלכע קומט צו אונדז פון רוסלאַנד. ס'האָט זיך אַרויסגעקלאָרט, אַז אײַער בילדונגס־סיסטעם איז זייער ניט קיין שלעכטע. די יונגע מענטשן, וועלכע קומען אַהער צו פאָרן, שווימען גלײַך אַרויף אויפן אויבערפלאַך, מע דערזעט זיי גלײַך. א היפּשע צאָל קונסט־טוער זײַנען צו אונדז געקומען. דאָס אַלץ ווירקט פּאָזיטיוו. בײַ אונדז זײַנען אויך פאַראַן, ווי אומעטום, גרופּעס מענטשן, וואָס נוצן אויס נעגאַטיוו די ענדערונגען, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיטן לעבן אין דער עמיגראַציע. אָבער די דאָזיקע מענטשן כאַראַקטעריזירן ניט די גאַנצע עליה. איך מיין, אַז יענע, וועלכע זײַנען געקומען קיין ישׂראל הײַנט, הייבן אויף אַן סך דעם פּרעסטיזש פון רוסלאַנד בײַ אונדז.

# דער פּרעזידענט פֿון אוקראַיִנע האָט געבעטן מעכילע

א האלבער יאָרהונדערט האָט זיך געפּאָדערט, קעדיי אוקראַיִנע זאָל אנערקענען דעם עמעס, וואָס איז באַוווסט אין דער גאנצער וועלט. באבי יאר איז א טראגעדיע קוידעמקאָל פונעם ייִדישן פאָלק, און האגאם יעדן איינעם וועסטו אין דער נעשאָמע ניט ארײַנקוקן, אָבער לעכאָלהאפּאָכעס אפן אָפיציִעלן ניוואָ איז די דאָזיקע אנערקענונג שוין צו שטאנד געקומען. לעצטנס האָט אין קיִעוו זיך פארענדיקט די אָדענק־וואָך, געווידמעט דער טראגעדיע אין באבי יאר. די וואָך האָט אָרגאניזירט א רעגירונגס־קאָמיטעט אין שפּיץ מיטן שטעלפארטרעטער פונעם מיניסטאָרן־ראט פון אוקראַיִנע סערגיי קאָמיסארענקאָ. די רעגירונג פון אוקראַיִנע האָט אויסגעגעבן אף דורכפירן די דאָזיקע אקציע עטלעכע מיליאָן רובל. אין די ראמען פון דער וואָך איז דורכגעגאן א פעסטיוואל פון פילמען, ווי אויך דאָקומענטאלע אויסשטעלונגען, "רונדע טישן", וויסנשאפטלעכע קאָנפערענצן, געווידמעט דער קאטאסטראָפע פונעם ייִדישן פאָלק בײַס דער צווייטער מילכאָמע־וועלט. איבער דער גאנצער שטאָט זײַנען געהאנגען טראנספּאראנטן מיט אויפשריפטן: "אייביקער אָדענק. די טראגעדיע אין באבי יאר טאָר זיך מער ניט איבערכאזערן", א גרויסע עקספּאָזיציע פון ארכיוו־פאָטאָגראפיעס האָט צוגעצויגן אלעמענס אויפמערקזאמקײַט אפן קרעשטשאטיק.

לויט א קאָנטראסט זײַנען געקומען אפן זיקאָרן די ייִדן־דיסידענטן, וועלכע באזוכן דעם באבי יאר, קעדיי באערן דעם אָדענק פון די פארטיליקטע, יעדעס יאָר, אָנהייבנדיק פון די 60־ער; איינִיקע פון זיי (לעמאָשל, קאָטשוביִעווסקי) זײַנען געזעסן פאר דעם אין טורמע. זעעוו וואגנער, איצט א בירגער פון ייִסראָעל, האָט דערציילט, וויִאזוי ער מיט יאָסיף בעגונען זײַנען געקומען דעם 29 סענטיאבער 1974 קיין קיִעוו, און עס האָבן זיי גלײַך אפן וואָקזאל פארנומען קיִעווער געהיים־לײַט, וואָס האָבן נאָך אין מאָסקווע פארן אָפּפאָרן פונעם צוג זיי געראטן ניט פאָרן. דעמלט האָט זיך זיי פונדעסטוועגן אײַנגעגעבן זײַן אף דער צערעמאָניע אין באבי יאר, ווו עס זײַנען ארויסגעטראָטן וועטעראנען, קאָמוניסטן און חוו עס איז קיינמאָל ניט ארויסגעבראכט געוואָרן דאָס וואָרט "ייִד", נאָר "כאווײַרים, סאָלדאטן, פּארטיזאנער". אין יענעם יאָר זײַנען זיי געווען א מענטשן פופצן פון פארשיידענע שטעט, זיי זײַנען געגאנגען איבערן וועג פון טויט און געטראָגן א קראנץ אין דער פאָרם פון א מאָגנדאָוויד, און פאזע דעם וועג זײַנען געשטאנען מענטשן, א סאך מענטשן, און צווישן זיי פיל ייִדן, וועלכע האָבן אין די 70־קער יאָרן אָנגעציילט אין קיִעוו מער, איידער איצט, און ניט געוואגט זיך אָנצושליסן אין דער פּראָצעסיע. איינער א באָכער האָט זיך א ריס געטאָן פונעם האמוין, און זעעוון האָט זיך אײַנגעקריצט אין זיקאָרן דאָס געשריי פון א מוטער: "סיאָמע, שטיי, דו זעסט ניט, ווער דאָס זײַנען?"

אזוי איז געווען מיט צוואנציק און מיט צען יאָר צוריק, און אין סאָף סענטיאבער פאָריקס יאָר איז אין באבי יאר, ווי אן ארויסרוף דעם אלטן דענקמאָל, וואָס איז לויטן טאָך אן אנטיייִדישער, אויפגעשטעלט געוואָרן א מענוירע, און דער אפּאָגיי פון דער אָדענק־וואָך איז געוואָרן דער מעמאָריִאלער צערעמאָניִאל. צום פּיעדעסטאל פון דער מענוירע זײַנען ארויפגעלייגט געוואָרן בלומען־קרענץ פון געוועזענע אסירים פון די געטאָס: פון דער לוואָווער, אָדעסער, ריגער, ווילנער, טשערנאָוויצער, קעשענעווער, פּעטשערסקער און פון פיל אנדערע; קרענץ פון מעדינאס־ייִסראָעל און פון דער אוקראַיִנישער רעגירונג. אין א יאָם מיט קווייטן האָבן געברענט ליכט, וועלכע זײַנען אָנגעצונדן געוואָרן צום אָדענק פון די אומגעקומענע.

לעאָניד קראוטשוק, דער פּרעזידענט פון אוקראַיִנע, איז ארויסגעטראָטן מיט א רעדע, אין וועלכער ער האָט געשטעמפּלט דעם אנטיסעמיטיזם אלס רודימענט פון דער פארגאנגענער עפּאָכע און באַריסט די איניציִאטיוו פון דזשאָרדזש בוש וועגן אָפּשאפן די כאראקטעריסטיק פונעם ציִוניזם אלס ראסיזם. ער האָט אויך ארויסגעזאָגט די האָפענונג, אז די ייִדן אין דער אומאָפּהענגיקער אוקראַיִנע, פּונקט ווי אלע אנדערע מינדערהײַטן, וועלן זײַן אקטיווע בויער פון איר צוקונפט. "פאר דער גאָרער וועלט דערקלערן מיר, אז מיר ווארפן אָפּ די אלטע אידעאָלאָגיע, וועלכע האָט אויסבאהאלטן, אז די מערהײַט דערהארגעטע דאָ זײַנען געווען ייִדן",

— האָט געזאָגט לעאָניד קראַווטשוק און גערופֿן דאָס אוקראַיִנישע פֿאָלק, עס זאָל בעטן מחילה באַם ייִדישן פֿאָלק, ווײַל ניט נאָר די נאַציסטן האָבן זיך באַטייליקט אינעם גענאָציד. (ווי באַוווּסט, זײַנען אומיטלבאַרע אויספֿירער ניט זעלטן געווען אוקראַיִנישע פֿאַרמירונגען, וועלכע האָבן געדינט בײַ די דײַטשן, זיי האָבן אַפֿילו געהאַט טראַנספֿאָרטאַציע מיט אויפֿשריפֿטן: „מיר פֿילן אויס דעם ווילן פֿונעם אוקראַיִנישן פֿאָלק".) לעאָניד קראַווטשוק האָט ציטירט דעם אָראַלטן נאָווי יעשײַע און פֿאַרענדיקט זײַן רעדע מיט אַ באַגריסונג אויף ייִדיש: „שאָלעם אַלײכעם, ייִדן". ער האָט אויך פֿײַערלעך איבערגעגעבן אַן אַלטע טוירע דעם קיִעווער ראָוו יאַקל בליאַך.

אַלעקסאַנדער יאַקאָוולעוו האָט דורכגעלייענט מיכאַיִל גאָרבאַטשאָווס ווענדונג, אין וועלכער דער פּרעזידענט פֿונעם לאַנד רופֿט אָן די ייִדן „פֿאַרשטייער פֿון דער גרויסער נאַציע, וועמען דער גורל האָט צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער פּלאַנעטע", און ער אַנערקענט, אַז „די גיפֿטיקע שפּראָצונגען פֿונעם אַנטיסעמיטיזם זײַנען געוואַקסן אויך אויפֿן סאָוועטישן באָדן". מיכאַיִל גאָרבאַטשאָוו באַזאָרגט זייער, וואָס „עס פֿאָרן אוועק אַנדערע לאַנדסלײַט, דאָס לאַנד פֿאַרלירט אַזוי פֿיל טאַלאַנטפֿולע, געניטע און איניציִאַטיווורײַכע בירגער..."

דער אַמבאַסאַדאָר פֿון מעדינאַס־ייִסראָעל אין מאָסקווע אַריע לעווין האָט דורכגעלייענט די ווענדונג פֿונעם ייִסראָעלדיקן פּרעזידענט כאַיִם הערצאָג צו די אָנטיילנעמער פֿון דעם טרויער־מיטינג, אין וועלכער עס איז, צווישן אַנדערס, געזאָגט געוואָרן, אַז אַלץ, וואָס עס קומט איצט פֿאָר, קאָן ניט אומקערן דאָס לעבן די אומגעקומענע, אָבער עס קאָן, לעכאָלעהאָפּאָכעס, אויפֿשטעלן די מענטשלעכע ווירדע..."

ס'איז אויך אַרויסגעטראָטן דער מיניסטער פֿאַר קולטור און בילדונג פֿון ייִסראָעל זוולאָן האַמער.

„מיר פֿאַרנייגן די קעפּ..." — האָט געזאָגט אין איר טשוווע־רעדע ריטע זויסמוט, פֿאָרזיצערין פֿונעם בונדעסטאַג. דזשאָנאַטאַן בוש האָט דערציילט, אַז זײַן ברודער, דער פּרעזידענט פֿון פּשאַ, איז געווען דערשיטערט פֿון דעם, וואָס ער האָט דערזען מיט צוויי כאַדאָשים צוריק, באַזוכנדיק דעם באַבי יאַר.

אַלע אַרויסטרעטונגען זײַנען געווען דורכגעדרונגען מיט דאַנקבאַרקײַט צו דער רעגירונג פֿון אוקראַיִנע מיט דער האָפֿענונג, אַז באַבי יאַר וועט קיינמאָל מער זיך ניט איבערכאַזערן אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהײַט. צום ערשטן מאָל איז אויסגעפֿילט געוואָרן דער רעקוויִעם „באַבי יאַר" אַלס ווענדונג פֿונעם אוקראַיִנישן פֿאָלק צום ייִדישן, דעם ברידערלעכן פֿאַרטיליקטן פֿאָלק, וואָס איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין די שווײַגנדיקע ריוון.

מיט דרײַסיקן יאָר צוריק האָט יעווגעני יעווטושענקאָ דער ערשטער געזאָגט: „איבער באַבי יאַר זײַנען קיין דענקמעלער ניטאָ..." ער האָט געלייענט זײַן פּאָעמע „באַבי יאַר", און עס האָבן אים נאָכגעזאָגט די באַוווּסטע אַקטיאָרן — אויף איווריט כאַיִם טאָפּאָל (ייִסראָעל), אויף ענגליש קריף ראָבינסאָן און טאָני רענדעל (פּשאַ), אויף אוקראַיִניש באָגדאַן סטופּקאַ.[1]

פֿאַר דער אָפֿענער עסטראַדע האָבן זיך געפֿונען הויפּטזאַכלעך ייִסרעיילים, אַמעריקאַנער, קאַנאַדער, פֿאַרשטייער פֿון ייִדישע געזעלשאַפֿטן און עטלעכע אַסירים פֿונעם באַבי יאַר. די אַנדערע קיִעווער טוישווים זײַנען געשטאַנען הינטער אַ פּלויטל. ס'איז געווען, לויט מײַן מיינונג, אוממעגלעך ניט דערפֿילן אַ מין **יאָמטעוודיקײַט** פֿון אָט דעם מאָסמיטל, טאַקע **יאָמטעוודיקײַט**, אַ פֿעסטיוואַל־גײַסט מיט אַ בײַטאַם פֿון דער באַרימטער „פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט". ס'איז פֿאַרשטענדלעך די קאַוואָנע פֿון דער אוקראַיִנישער רעגירונג אַראָפּצוּוואַרפֿן דעם אידעאָלאָגישן שוים און אַרײַן גלײַך אויף גלײַך אין דער וועלט־געמיינשאַפֿט, ווּ איינער פֿון די סימאָנים פֿון אַ ציוויליזירטער מעלוכע רעכנט זיך, ווי באַוווּסט, די אָפּוועזנהײַט פֿון אַנטיסעמיטיזם. עמעסע טשוווע דאַרף געבוירן ווערן פֿונדעסטוועגן ניט אויפֿן רעגירונגס־ניוואָ, נאָר אינעם האַרצן פֿון יעדן איינעם — אין דעם האַרץ פֿון אַן אוקראַיִנער, וועמענס פֿאָטער עס האָט געשאָסן ייִדן, אין דעם האַרץ פֿון אַ ייִד, וואָס האָט מוירע געהאַט אָפֿן צו קומען אין באַבי יאַר און באַערן דעם אָנדענק פֿון די עלטערן, אין האַרצן פֿון יעדן איינעם, ווער ס'האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם.

ס'קאָן זײַן, אַז טאַקע מאַכמעס דעם אַלעמען איז די סאַמע ריינסטע מינוט אויף דער פֿאַרשאָלטענער מיצאַד גאָט אַליין ערד פֿון באַבי יאַר, געווען דאָ, ווען מע האָט געזאָגט קאַדיש.

**ל. בערעזניצקאַיאַ**

[1] ד'רעדאַקצ'ע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" קאָן ניט פֿאַרבײַגיין די מיספֿאַרשטייעניש, וועלכע באַשטייט אין איגנאָרירן ייִדיש אין אָט דעם פֿאַל. צום באַדויערן, קאָפּירן דאָ די אוקראַיִנישע „אינסטאַנצן" דעם צוגאַנג צו אָט דער פּראָבלעם אין אַנדערע לענדער. אַרײַנגערעכנט ייִסראָעל. ס'איז אָבער אַלעמען באַוווּסט, אַז די קדושים אין באַבי יאַר, ווי אין אַלע אַנדערע פֿאַרניכטונגס־ערטער, זײַנען געשטאָרבן מיט ייִדיש אויף די ליפּן (רעד.)

צו אונדזער

# דאָס לעבן און שאַפונג
# פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער-
# קאָרבאָנעס פונעם
# סטאַלין-טעראָר



## יצכאָק נוסינאָוו

(1950 — 1889)



געבוירן אין טשערניכאָוו, איצט זשיטאָמירער געגנט, איז יִיצכאָק נוסינאָוו צו זיבעצן יאָר שוין געווען טעטיק אין "בונד", אָרגאַניזירט אומלעגאַלע יִדישע אָוונט-שולן און ביבליִאָטעקן. פאַרענדיקט עקסטערן אין 1910 א גימנאַזיע אין וואַרשע, קערט ער זיך אום אין די היימישע ערטער, אָרגאַניזירט אין 1912 א יִדישע שול אין קאַראָסטען — די איינציקע אין וואָלין. שטרעבנדיק פאַרצוזעצן די אייגענע בילדונג, לאָזט ער זיך אוועק אין 1914 קיין איטאַליע, דערנאָך אין דער שווייץ, וווּ ער שטודירט פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן, פילאָסאָפיע און קונסט. אין ערנסט קראַנקער, באַהערשט ער אָבער א ריי אויסלענדישע שפּראַכן — פראַנצויזיש, דײַטש, ענגליש, איטאַליעניש, טרעט ארויס מיט לעקציעס וועגן דער הײַנטצײַטיקער און קלאַסישער ליטעראַטור אינעם לאָזאַנער רוסישן קלוב.

די ערשטע וועלט-מילכאָמע טרעפט אים אין דער שווייץ, וווּ ער היילט זיך פון טובערקוליאָז פון דער כוט-האַשעדרע. דאָרט דערגייט צו אים די יעדִיִע וועגן דער פעברואַר-רעוואָליוציע, און ער נעמט זוכן א וועג, ווי אַזוי זיך אומצוקערן אַהיים. מיטן צווייטן עשעלאָן פון די רוסלענדישע עמיגראַנטן פאָרט ער אוועק קיין רוסלאַנד,

שטעלט זיך אָפּ אין קיִעוו און שליסט זיך גלײַך אָן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אין סאָף 1919 טרעט ער אַרײַן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פירט אָן מיט דער ייִדסעקציע אין קיִעוו, ווערט באַשטימט אַלס פאָרזיצער פון דער „קולטור־ליגע“, פאַרנעמט זיך מיט רעדאַקטאָרישער און פאַרלעגערישער אַרבעט.

א נײַער פּעריאָד אין י. נוסינאָווס לעבן הייבט זיך אָן אין האַרבסט 1922, ווען ער באַזעצט זיך אין מאָסקווע און קומט אָן אין אויסגעדרוקטן „ראַניאָן“ (רוסישע אַסאָציאַציע פון וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אינסטיטוטן פון געזעלשאַפטלעכע קענטענישן). אין צוויי יאָר אַרום פאַרטיידיקט ער דאָרט די דיסערטאַציע „פּראָבלעם פונעם היסטאָרישן ראָמאַן. וו. הוגאָ און א. פראַנס“. מע ווײַלט אים אויס אַלס ווירקלעכן מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער אַקאַדעמיע, וווּ ער גיט זיך פולשטענדיק אָפּ דער פּעדאַגאָגישער און וויסנשאַפטלעכער טעטיקײַט.

צו יענער צײַט פאַרעפנטלעכט ער אייניקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, געווידמעט דער ייִדישער, רוסישער און אויסלענדישער ליטעראַטור. ער איז א פּראָפעסאָר פון מײַרעוו־ליטעראַטור אינעם מאָסקווער אינסטיטוט פון רויטער פּראָפעסור, א פּראָפעסאָר פון געשיכטע פון דער ייִדישער און מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור אין מאָסקווער מעלוכישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, וווּ ער איז א צײַט אויך פאַרוואַלטער פון דער קאַטעדרע פון געשיכטע פון דער מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. ער איז א מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון דער ערשטער סאָוועטישער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע, וווּ ער רעדאַגירט די אַלגעמיין־טעאָרעטישע אַרטיקלען און די אַרטיקלען וועגן דער מײַרעוודיקער און ייִדישער ליטעראַטור. אייניצײַטיק איז ער אַן אַוטאָר פון אַרטיקלען אין דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע. ברייט איז זײַן שעפערישער דיאַפּאַזאָן אַלס קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער: פראַגן פון קונסט — טעאָריע און עסטעטיק, אָפּהאַנדלונגען וועגן די ייִדישע קלאַסיקער און סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, וועגן מײַרעוו־אייראָפּעיִשע שריפטשטעלער סערוואַנטעס, שעקספּיר, מאָליער, געטע, בײַראָן, הוגאָ, נאָדיע, דיקענס, סטענדאַל, מערימע, פּרוסט, ראָלאַן, באַרביוס און אַנד., וועגן דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור (פּושקין, טאָלסטאָי, טשעכאָוו, גאָרקי), וועגן די סאָוועטישע רוסישע שרײַבער לעאָנאָוו, פּאַסטערנאַק, גאָרבאַטאָוו אאוו.

ניט אַלץ, וואָס י. נוסינאָוו האָט געשריבן, האָט אויסגעהאַלטן דעם אויספּרווו פון דער צײַט. איינער פון די פּיאָנערן פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור־וויסנשאַפט, האָט ער, ווי ס'איז דעמאָלט אָנגענומען געוואָרן, געשטעלט דעם טראָפּ קודעמקאָל אויף דער קלאַסן־טענדענץ אינעם אידייִש־קינסטלערישן אינהאַלט פון די ווערק, וועגן וועלכע ער האָט געשריבן. דער ווולגאַר־סאָציאָלאָגישער צוגאַנג צו ליטעראַריש־עסטעטישע פּראָבלעמען האָט אים ניט זעלטן געבראַכט צו פאַלשע אויספירן, צו פאַרײַנפאַכטע אויסטײַטשונגען. באַזונדערס האָט זיך דאָס געפילט אין די צוואַנציקער און אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן. נאָך

אין 1930, באַהאַנדלענדיק די פּראָבלעם — „וווּהין גייט אונדזער ליטעראַטור“ (אַזוי האָט געהייסן זײַן אַרטיקל אינעם זשורנאַל „די רויטע וועלט“), רוקט ער אַרויס דעם טעזיס, אַז „די רעוואָליוציע האָט געמאַכט אַזוי פאַרשיידן דאָס ייִדישע לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד און אויסער דעם ראַטנפאַרבאַנד, אַז מע וועט גיך קאָנען ריידן וועגן צוויי פאַרשיידענע ייִדישע נאַציעס, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי ריידן אויף איין און דער זעלבער שפּראַך“.

אַנדערע קריטיקער האָבן אויף פאַרשיידענע אופנים אַקצענטירט אין ײַערע אַרבעטן, אַז דאָס איז געזעצמעסיק, ווײַל אין ייִדישן פאָלק זײַנען פאַראַן באַזונדערע קלאַסן מיט פאַרשיידענעם סאָציאַלן באַוווסטזײַן (בײַ אונדז דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, סאָציאַליסטישע בויונג, און בײַ זיי — קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע, רעזשימען, וועלכע פירן צו צעפּוילונג). עמעס, אין לעצטן יאָרצענדליק פון זײַן לעבן האָט נוסינאָוו איבערגעקוקט זײַנע פריִערדיקע אָנשויונגען, זיך אָנגעהויבן צו באַפרײַען פון ווולגאַריזאַטאָרישע טענדענצן. דאָס איז צו זען אין זײַן ציקל פאָרשונגען „דורעסדיקע געשטאַלטן“, אין די אַרבעטן וועגן שעקספּירן און פּושקינען, אין דער סעריע אַרטיקלען וועגן דעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטער.

מענדעלע מוכער־ספאָרימען איז געווידמעט י. נוסינאָווס אַרבעט „פון בוך צו בוך“, די פאָרעדעס צו מענדעלעס „ווינטשפינגערל“ און „מאַסאָעס בנימין השלישי“. נאָך אין 1926 באַווײַזט זיך זײַן פאָרשונג וועגן דעם אָנהייב פון שאָלעם־עליכעמס שאַפונג אין „יודישעס פאָלקסבלאַט“, שפּעטער שרײַבט ער וועגן שאָלעם־עליכעמס „ייִדישע ראָמאַנען“, „מײַסעס און געשיכטעס“, „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“. א היפּשע צאָל אַרטיקלען ווידמעט ער י.־ל. פּערעצן.

איינער פון די ערשטע האָט י. נוסינאָוו זיך אָפּגערופן אויף די ערשטע סאָוועטישע ייִדישע אַלמאַנאַכן „נײַערד“ און „אָקטיאַבער“, אויף איזי כאַריקס „מינסקער בלאָטעס“ און אַרן קושניראָווס „קינדער פון איין פאָלק“. ער האָט געשריבן וועגן איציק קיפניסן און דעם ניסטער, דאָוויד בערגעלסאָנען און פּערעץ מאַרקישן. אין איינער פון זײַנע לעצטע אַרבעטן וועגן דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור („גרויסע סאַכאַקלען“, 1947) שרײַבט ער, אַז „אינגאַנצן גענומען... שטעלט זי מיט זיך פאָר א קינסטלערישע ענציקלאָפּעדיע פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט“.

די אַנטיסעמיטישע אַטאַקע קעגן „בדזשואַזן קאָסמאָפּאָליטיזם“, קעגן דער ייִדישער קולטור האָט, געוויינלעך, ניט אויסגעמיטן אויך נוסינאָוון. דעם 18 יאַנוואַר 1949 אַרעסטירט מען אים און מע פירט אים אָפּ א קראַנקן אויף דער לוביאַנקע. אַלס אַקטיוון טוער אינעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, האָט מען אים געדאַרפט מישפּעטן צוזאַמען מיט מאַרקישן, פעפערן, בערגעלסאָנען און אַלע אַנדערע אין יול 1952, נאָר צו דער זיצונג פון דער מיליטערישער קאָלעגיע האָט ער ניט דערלעבט. לויט די עדיִעס פון זײַן פרוי, אויך א באַוווּסטער ליטעראַטור־פאָרשערן, סאָפיע נעלס, איז ער געשטאָרבן אין ספּיטע דעם 30 נאָיאַבער 1950.



# דער ניסטער

# (פּינכעס קאַהאַנאָוויטש)

## (1950 — 1884)



לעגענדע איז דאָס עפּשער, ווי לעגענדאַריש בכלל עס איז געווען דאָס געשטאַלט פון אָט דעם שרײַבער פון סאַמע אָנהייב ביזן סאַמע שוידערלעכן סאָף פון זײַן לעבן, נאָר ביז הײַנט דערציילט מען, אַז ווען מע איז אין יענער פינצטערער נאַכט געקומען, קעדיי אַרײַנזעצן אים אין "שוואַרצן וואָראָן" און אָפּפירן אויף דער לוביאַנקע (זײַנע פרײַנט, די מאָסקווער ייִדישע שרײַבער זײַנען שוין דעמלט דאָרט געזעסן און אָט־אָט האָט מען געדאַרפט אויך קומען נאָך אים אין קליינינקן צימערל פונעם גאָסעט, וווּ ער האָט געוווינט זינט ער האָט זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע), זאָל ער האָבן געזאָגט צו די שליכים פונעם מלאכמאָוועס:

— איך וואַרט שוין פון לאַנג אויף אײַך און בין גרייט צו טיילן דעם גורל פון מײַנע חבֿרים און פרײַנט...

און ווען מע האָט גענומען זוכן צווישן זײַנע ביכער און קסאַוויאַדן, האָט ער אַ ביטערן שמייכל געטאָן:

— מײַנע קסאָווים? איך האָב זיי געשריבן ניט צוליב אײַך. זוכט זיי ניט, איר וועט זיי ניט געפינען...

קיין איבערגעבליבענע, ניט־פאַרעפנטלעכטע קסאַוויאַדן האָט מען באַ אים טאַקע ניט געפונען, כאָטש אַזעלכע זײַנען געווען. מיט יאָרן שפּעטער, ערשט אין 1964, וועט "סאָוועטיש היימלאַנד" אָפּדרוקן קאַפּיטלען פון זײַן ניט־פאַרענדיקטן ראָמאַן "אין פינפטן יאָר". וווּהין עס איז אַהינגעקומען דער דריטער טייל פונעם ראָמאַן "די מישפּאָכע מאַשבער", איז ביז הײַנט ניט באַוווּסט.

דער ניסטער — דער "פאַרבאָרגענער", דער "געהיימער" (אַזאַ פּסעוודאָנים האָט זיך גענומען פּינכעס קאַהאַנאָוויטש) איז געבוירן געוואָרן אין בערדיטשעוו. ער האָט אין סאָף פון זײַן לעבן אוועקגעשטעלט אַ מערקווירדיקן דענקמאָל זײַן געבורט־שטאָט, מאָלנדיק מיט אַלע פּראָטים אין דער "מישפּאָכע מאַשבער" די דרײַ שטאָט־ריינגען און זייערע אײַנוווינער: דעם האַנדלס־מאַרק מיטן יאַריד, מיט די פיל סקלאַדן, קלייטן און שטעלכלעך, די שטאָט גופא מיטן געמיש און געדריי פון גאַסן און געסלעך, הויפן און הויפלעך, מיט דער אַלטמאָדישער קלאַדקע איבערן טײַך און לעסאָף — די פאָרשטעטלעך מיט די שענקען און שאַנד־הײַזלעך, מיט די העפקער־לײַט פון דער אונטערוועלט, מיט די באַלמעלאָכעס און אַרבעטער, וועלכע לעבן אין אַ מוירעדיקער ענגשאַפט. און האַגאַם אין דער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען צו יענער צייט, ווען דער ניסטער האָט אַרויסגעגעבן זײַן ראָמאַן "די מישפּאָכע מאַשבער", שוין געווען גענוג קלאַסישע ווערק, וועלכע האָבן געשילדערט די ייִדישע שטעט און שטעטלעך, איז דאָס געווען אַ נײַ וואָגיק וואָרט און אַ קינסטלערישע אַנטדעקונג.

דער ערשטער בוך — לידער און פּראָזע, מיט וועלכן דער ניסטער איז געקומען אין דער ליטעראַטור, האָט געהייסן "געדאַנקען און מאָטיוון" (ווילנע, 1907). דער בוך האָט גלײַך אַרויסגערופן אַ וויקוועך אין דער ליטעראַטור־קריטיק: ווער איז ער, דער פאַרבאָרגענער: אַ מאָדערניסט, וועלכער מאַכט נאָך די דעקאַדענטן און לעבט מיט מיסטישע שפּירונגען, סימבאָלישע זעונגען און פאַנטאַזיעס? צי עפּשער אַ קינסטלער, וועלכער זוכט אַן ענטפער אויף די קאָמפּליצירטע פראַגן פון זײַן צײַט און די זוכונגען פאַרטראָגן אים אין דער וועלט פון פאַנטאַסטיק, וואָס איז פול מיט לעגענדעס און מײַסעס, ווײַטע פונעם רעאַלן לעבן?

דער נעפּל, וואָס איז אָנגעווייעט געוואָרן מיט אָט די פראַגן, איז באַם לייענער צעווייעט געוואָרן אַדאַנק דעם ניסטערס ווײַטערדיקע ווערק — דעם בוך "העכער פון דער ערד" און דער פּאָעטישער דערציילונג "פרילינג" (ביידע דאַטירט מיטן יאָר 1910), דער לידער־זאַמלונג "געזאַנג און געבעט", וועלכע איז דערשינען אין 1912. עס וועלן דורכגיין נאָך עטלעכע יאָר — און דער ניסטער וועט קומען מיט זײַנע "מײַסעלעך אין פערזן" (1918), וועלכע באַוווּנדערן די לייענער און ווערן דערנאָך אײַנגעשלאָסן אין צענדליקער שול־כרעסטאָמאַטיעס.

אין 1922 — 1923 גיט דער שרײַבער אַרויס צוויי בענדער דערציילונגען אונטערן נאָמען "געדאַכט", און עטלעכע יאָר אַרום — אַ פּראָזע־זאַמלונג "פון מײַנע גיטער"

און א צווייטע אױפֿלאַגע פֿון "געדאַכט". איבער פֿריִער האָט ער זיך אויסגעטיילט מיטן אַפּזאָג פֿונעם רעאַלן, פֿונעם ערדישן, מיטן שוווּנג אין ווײַטע פֿאַנטאַסטישע וועלטן, דערבײַ מיט טיפֿער ליריק פֿון זײַנע אַבסטראַקטע זעונגען, באַצײַנטע מיט פֿאָלקסטימלעכקײַט און ראָמאַנטיק, שילדערט ער שוין איצט האַלב־מיסטישע, האַלב־נעוויייִשע געשטאַלטן, וועלכע שפּיגלען אָבער אָפּ דעם נײַעם גאַנג פֿון דער מענטשהײַט — צו שײַן, צו גערעכטיקײַט, צו סאָציִאַלן יושר.

די אומקלאָרע געשטאַלטן, מיט וועלכע עס זײַנען פֿול דעם ניסטערס "געדאַכט" און "פֿון מײַנע גיטער", האָט געבראַכט דערצו, אַז די סאָוועטישע קריטיק האָט אין איין קאָל גענומען באַשולדיקן אים אין פֿאַנטאַסטישן מיסטיציזם, אין נאַציִאָנאַלער באַגרענעצטקײַט, ביפֿראַט נאָך, וואָס ער איז פֿון סאַמע אָנהייב געווען א סימבאָליסט אין זײַן שאַפֿונג, און סימבאָליזם איז דעמאָלט געווען בײַ דער מערהײַט ליטעראַטור־קריטיקער אַן אָפּגעפֿרעגטער שפּעפֿערישער מעטאָד.

דער ניסטער האָט שווער איבערגעלעבט די אָנפֿאַלן. אים, דעם עכטן קינסטלער, איז לאַכלוטן ניט געווען פֿרעמד דער רעאַליזם, און אַז ער באַהערשט פֿולקום דעם דאָזיקן מעטאָד, האָט ער גלענצנדיק באַוויזן אין זײַן בוך "דרײַ הויפּט־שטעט", וואָס פֿירט אַרום דעם לייענער איבער א גאַנץ רעאַלער וועלט — מאָסקווע, לענינגראַד, כאַרקאָוו, ווו דאָס נעכטיקע, דאָס היסטאָרישע פֿלעכט זיך נאָטירלעך איבער מיטן הײַנטיקן, מיט דעם נײַעם מענטשן. געשיכטע און הײַנטצײַטיקײַט באַקומען אַן אייניהײַטלעכע קינסטלערישע פֿאַרקערפּערונג, היסטאָרישער עפּאָס איז דורכגעדרונגען מיט פֿילאָסאָפֿישער פּאַראַלגעמיינערונג פֿון דער קאָנקרעטער היסטאָרישער שילדערונג.

דאָס איז געווען דער דריטער פּעריאָד אין דעם ניסטערס שאַפֿונג. די קריטיק ווײַזט אָפּילע אָן די גרענעצן פֿון אָט דעם פּעריאָד פֿון 1929 ביז 1949, דאָס הייסט א מעהאַלעך פֿון צוויי יאָרצענדליקער, ווען דער שרײַבער איז פֿון סימבאָליזם אַריבער צו רעאַליזם און האָט אין זײַן שאַפֿונג דערגרייכט א ביז גאָר הויכע שטופֿע פֿון מײַסטערשאַפֿט. צו דעם דאָזיקן פּעריאָד געהערן אויך זײַנע דערציילונגען וועגן דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, די ראָמאַנען "די משפּחה מאַשבער" און "אין פֿינפֿטן יאָר". דאָס אַלץ איז קינסטלערישע פּראָזע, וואָס האָט דערהויבן דעם ניסטער צו עכטער קלאַסיק.

עטוואָס מער פֿון פֿערציק יאָר האָט געדויערט דער שעפֿערישער וועג פֿון דעם ניסטער. אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, איז וואָגיק און באַלערעוודיק. זײַן פֿאַרזענלעכע גרויסע באַשיידנקײַט האָט אים ניט דערלויבט אַפֿילע צו טראַכטן אַזוי וועגן דעם אויפֿטו זײַנעם אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

"דעם עמעסן פֿאָלקס־קינסטלערס באַרוף איז ניט נאָר די קונסט אין ענגסטן זין פֿון וואָרט, נאָר יעדעס מאָל, צוזאַמען מיט איר און ניט אָפּצוטיילן פֿון איר אויך דאָס דידאַקטישע, דאָס לערערישע, דאָס שטראָפֿנדיקע, אָדער טרייסטנדיקע, וואָס דאָס באַטײַט אויך יעדעס מאָל דאָס פֿאָרויסגיין און פֿאָרויסזען פֿונעם קינסטלער ווי א פֿאָלקס־פֿירער, וואָס זאָרגט פֿאַר די געפֿירטע, זאָלן זיי קיין שטרויכלונגען אָף זייער סאָציִאַלן וועג ניט טרעפֿן, און אויב שוין יאָ געטראָפֿן — זאָל זיך דאָס מער ניט איבערכאַזערן".

דאָס זײַנען דעם ניסטערס ווערטער פֿון א בריוו, וועלכן ער האָט געשריבן צו זײַן פֿרײַנט, אויך א גרויסן קינסטלער, אין 1940, צו דאָוויד בערגעלסאָנען. דינען מיט לײַב און לעבן דעם פֿאָלק — דאָס איז, לויט דעם ניסטערס ווערטער, דער העכסטער באַרוף, פֿאַר וועלכן דער קינסטלער גיט אַוועק און שענקט זײַן גאַנץ לעבן אָן איבערבלײַב. און דאָס פֿאָלק באַלוינט אים דערפֿאַר מיט דאַנקבאַרקײַט.

דעם ניסטער האָט מען אַרעסטירט קימאַט איינעם פֿון די לעצטע צווישן די מאָסקווער ייִדישע שרײַבער. מיר ווייסן ניט, וואָס פֿאַר א שולד מע האָט אים אַרויסגעשטעלט. אָבער "איידער מע גייט באַשטראָפֿן א מענטשן, וואָס בלאָנדזשעט אָף גײַסטיקע וועגן און שטעגן, — דאַרף מען פֿריִער אויפֿקלאָרן די סיבעס פֿון זײַן שולד, מע זאָל, כאָלילע, זיך ניט אײַלן אים אָפּצושטויסן, מע זאָל ניט אָפּזאָגן אים דאָס לעבן אָף דער־און אָף יענער־וועלט".

דאָס זײַנען נאָכאַמאָל דעם ניסטערס ווערטער — אַזוי זאָגט איינער פֿון די העלדן פֿון זײַן ראָמאַן "די משפּחה מאַשבער", לוזי.

דער ייִדישער קלאַסיקער פּינכעס קאַהאַנאָוויטש — דער ניסטער האָט אויסגעהויכט די נעשאָמע אין א לאַגער פֿון דעם ייִשעוו אַבעז, קאָמי אַססר, אין א יאָר אַרום נאָך זײַן אַרעסט...



## זינאָווי שייניס

# פּראָטים פונעם "איניען פון די דאָקטוירים"

זינאָווי שייניס איז אלט 77 יאָר. בייס דער מילכאָמע איז ער געווען א גוואַרדיע־מאַיאָר, שפּעטער אָנטיילגענומען אלס קאָרעספּאָנדענט אין ניורענבערגער פּראָצעס. ער איז דער אווטאָר פון מאָנאָגראַפישע ביכער וועגן די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן מ. מ. ליטווינאָוו, א. מ. קאָלאָנטײַ, ס. ס. אלעקסאנדראָווסקי (געוועזענער אמבאַסאדאָר אין טשעכאָסלאָוואקיע, אומגעקומען אין די פּײַניקונג־קאַמערן פון לוביאַנקע).

אין דער צווייטער העלפט דעקאבער 1952 איז דורכגעגאנגען א קלאַנג, אז עס גרייט זיך דרינגענד אן אקציע ארויסצוזעצן די ייִדן פון מאָסקווע און פון אנדערע שטעט. מיט דעם צוועק ווערן אופגעבויט באראקן אפן ווײַטן מיזרעך, אין אודמורטיע און אין די אלטײַער סטעפּעס.

די אטמאָספער איז געוואָרן אלץ ערגער פון טאָג צו טאָג. אין די בײַשטאָטישע עלעקטריטשקעס האָט מען געשלאָגן ייִדן־זקיינים, און צומאָל ארויסגעוואָרפן זיי פון די וואַגאָנען, ס'האָט ווײַטער געדויערט דאָס אראָפּנעמען ייִדן פון דער ארבעט אין בילדונג־אנשטאלטן, שפּיטאָלן, פּאָליקליניקעס. די קאַדרען־אָפּטיילן האָבן וואכזאם געזוכט אין די אנקעטעס פון "פּארמאסקירטע", געשיקט נאָכפּראַגעס אין פארשיידענע שטעט, צי עמעצער האָט ניט געביטן זײַן פאמיליע און צי איז ווירקלעך זײַן באָבעס פאמיליע איוואַנאָווא.

פון די צײַטונגען, זשורנאלן, פארלאגן האָט מען, דוכט זיך, שוין א היפּשע צאָל ייִדן באפרײַט, נאָר די רייניקונג פון די קאַדרען האָט געדויערט. אין פארלאַג פון אויסלענדישער ליטעראַטור האָט א מאָסער אָנגעשריבן אן אנאָנימען בריוו אף אן אלטן דערפארענעם רעדאַקטאָר. געווען איז יענער רעדאַקטאָר אן עכטער רוסאק, אן אָפּשטאמיקער פון א ווײַטן פּאַרוואָרפענעם דאָרף לעבן וויאַטקע. נאָר וויבאלד ס'איז פאראַן א מעסירע, דאַרף מען אויספאָרשן. האָט מען געשאפן א קאָמיסיע, און די קאָמיסיע האָט לאַנג געפּײַניקט דעם רעדאַקטאָר, נעבעך, ער זאָל זיך מוידע זײַן, אז ער איז א ייִד און ביז איצט האָט ער אויסבאהאלטן זײַן אָפּשטאמונג. יענער האָט זיך געשווירן, אז ער איז א געטויפטער. זײַענדיק דערפירט צו א היסטערישן צושטאַנד האָט ער אויסגעשריִען: "איך וועל באלד צעשפּיליען די הויזן און דערווײַזן, אז איך בין ניט קיין געמאַלעטער!.."

דאָך האָט מען געשיקט אן אָנפראַגע אין זײַן דאָרף. דאָס פּאפּיר איז זייער לאַנג געגאַנגען, באקומען האָט עס דער פאָרזיצער פונעם דאָרפראַט, איבערגעלייענט און א דריי געטאָן מיטן קאָפּ. נאָכאמאָל איבערגעלייענט, ארײַנגערופן אן אלטן טוישעוו, און זיי האָבן איבערגעלייענט אײַנעם, אָבער גאָרניט פארשטאַנען. אין יענעם ווײַטן רוסישן דאָרף האָט

מען קיינמאָל קיין ייִדן ניט געזען. דעם גאַלעך האָט מען שוין לאַנג פּאַטריבן, דער לערער האָט געלעבט אין שכיינעסדיקן דאָרף.

דער ענטפער איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע אין דריי כאַדאָשים אַרום. ער איז געווען א קורצער: "וואָס איז אזוינס "יאַוורייי", ווייסן מיר ניט. עפּשער מיינט איר א נייע פּאַראַדע פון קי. אלע בעהיימעס זיינען בא אונדז געפייגערט, ניט געווען זיי מיט וואָס צו האָדעווען..."

דעם 13 יאַנוואַר 1953 האָבן די צענטראַלע צייטונגען פּובליקירט א מיטיילונג וועגן דעם אַרעסט פון א גרופּע דאָקטוירים, ליכטזיילן פון דער סאָוועטישער מעדיצין, דערהויפּט ייִדן, בלויז צוויי, וואָסילענקאָ און ווינאָגראַדאָוו — רוסישע. צווישן די אַרעסטירטע איז אָנגערופן געוואָרן דער הויפּט־טעראַפּעווט פון דער סאָוועטישער אַרמיי גענעראַל־לייטענאַנט פון דער מעדיצינישער דינסט וואָווסי.

די דאָקטוירים האָט מען באַשולדיקט אין א פאַרשווערונג מיטן ציל אומצוברענגען סאָוועטישע מעלוכע־טוער. דעמאַסקירט זיי האָט לידיאַ טימאַשוק, א דאָקטער פון דעם קרעמל־שפּיטאָל. און טאַקע, אין דער זעלבער צייטונג איז געווען פאַרעפנטלעכט אן אוקאַז וועגן באַלוינען טימאַשוק מיטן לענין־אָרדען פאַר איר פּאַטריאָטישן העלדנטאַט. די צייטונג "פּראַוודאַ" האָט אָפּגעדרוקט אן אַרטיקל "מערדער אין ווייסע כאַלאַטן".

די פּראָוואָקאַציע פונעם יאַרהונדערט האָט אומגעזאַמט אָפּגעטאָן אירס: אין די צענטראַלע צייטונגען און זשורנאַלן האָבן זיך באַוויזן הונדערטער בריוו מיט דאַנק־אויסדרוקן אפן אַדרעס פונעם מיניסטעריום פאַר מעלוכע־זיכערהייט.

בייס מע האָט געוואַרט אפן אָנהייב פונעם פּראָצעס איבער די "דאָקטוירים־מערדער", איז שוין גרייט געווען א סטיכיישער אַפּרייס פון "אַלפּאַלקישן צאָרן", דער אופּבראָויז פון מאַסעווע פּאָגראָמען אף ייִדן. די צייטונגען און זשורנאַלן האָבן סיסטעמאַטיש פּובליקירט אַנטיסעמיטישע נאָטיצן.

אין דער זעלבער צייט זיינען הינטער די קוליסן, שטרענג געהיים, פּאָרגעקומען געשעענישן פון אן אויסעראָרדנטלעכער באַדייטונג.

די דעפּאָרטאַציע פון אן ערעך דריי מיליאָן ייִדן האָט געזאָלט פּאָרקומען גלייך נאָכן אָנהייב פון דעם געריכט־פּראָצעס איבער די "דאָקטוירים־מערדער". אַרום מאָסקווע זיינען געשטאַנען גרייט פּראַכט־צוגן, נאָר לויט סטאַלינס פּאַרטראַכט האָט זיך געפּאָדערט א "טעאָרעטישע באַגרינדונג" צו דער דאָזיקער אַקציע.

דאָס פּאַנאַנדעראַרבעטן אַזא "טעאָרעטישע באַגרינדונג" פון דער אַקציע, וואָס זאָל דערלויבן אַרויסצוזעצן די ייִדן אין דער טייגע און אין די סטעפּעס, האָט מען באַופטראָגט א געוויסן פּראָפעסאָר פונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, טשעסנאָקאָוו. אפן XIX פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר איז טשעסנאָקאָוו, לויט סטאַלינס אָנווייזונג, געווען איינגעשלאָסן אינעם פּאַרברייטערטן פּרעזידיום פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון אַלקפּ(ב). ער איז אומגעזאַמט צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אָנהייב פעוורואַל 1953 האָט ער פּאַרענדיקט דאָס באַשטעלטע "טעאָרעטישע" ווערק. די בראָשור איז אָפּגעדרוקט געוואָרן און מע האָט דעם טיראַזש פּאַרבאַהאַלטן אין איינעם פון די באַזונדערס באַוואַכטע קעלערס פונעם מעלוכע־זיכערהייט־מיניסטעריום. אין א געוויסן טאָג "X" האָט מען באַדאַרפט פּאַרשפּרייטן די בראָשור גאַנצן לאַנד. אַנטשפּרעכיקע רעצענזיעס וועלן פּוירליקירט ווערן אין דער צענטראַלער פּרעסע, געוויע קאָמענטאַרן וועט איבערגעבן די ו או י אַ.

גופע דער מישפּעט האָט לויטן פּאַרטראַכט פון זיינע אָרגאַניזאַטאָרן ניט באַדאַרפט פּאָרקומען. בא דער געביידע פונעם געריכט האָט אף די "דאָקטוירים־מערדער" געזאָלט וואַרטן א גוט אָרגאַניזירטער און צוגעגרייטער צעבייזערטער האַמוין, וועלכער האָט געהאַט די אופגאַבע — לינטשעווען די דאָקטוירים.

און איצט וועל איך ברענגען די פאַקטן, וואָס געהערן צום אָנהייב פונעם 1953 יאָר, נאָר זיי זיינען מיר געוואָרן באַוווּסט עטוואָס שפּעטער. אין סאָף יול פון דעם זעלבן יאָר, ווען בעריאַ איז שוין געווען אַרעסטירט, האָט אין דער רעדאַקציע פונעם אויסערן־פּאָליטישן זשורנאַל "ניוס", וווּ איך האָב דאַן געאַרבעט, אָנגעקלונגען ערענבורג. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל זיך מיט מיר זען. מיט איליאַ גריגאָריעוויטשן האָט דער גורל מיך צונויפגעפירט

אין די שווערע פאר אים פארמילכאמעדיקע יאָרן, ווען מע האָט אים פּראַקטיש ניט געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן אין דער פּרעסע. ער שרײַבט וועגן דעם אין זײַנע מעמוארן.

די באַגעגעניש, וועגן וועלכער איך דערצייל, איז פֿאָרגעקומען אין ערענבורגס זומער־וווינונג, אינעם ייִשעוו נאָווי יערוסאַלים. איך בין געקומען אַהין פֿאַרנאַכט־צו. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אין געפֿלאַכטענע שטולן אַף דער וועראַנדע. דורך די פֿענצטער האָט מען געזען אין גאָרטן עקזאָטישע געוויקסן פֿון אַלערליי פֿאַרבן — ערענבורג האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו בלומען, ווי איך צו הינט, וועלכע ער האָט שטענדיק געהאַלטן בײַ זיך אין שטוב.

אין יענעם אָוונט איז ער געווען אין אַ געדריקטער שטימונג. אומגעריכט האָט ער אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם "אייניקע פֿון די דאָקטוירים", נעמלעך, וועגן אָן עפּיזאָד, וואָס געהער צו יענער צײַט. איך האָב געהערט און מוירע געהאַט דורכצולאָזן כאָטש איין וואָרט, סטאַרענדיק זיך אַלץ פֿאַרגעדענקען, קעדיי נאָכדעם עס פֿאַרצייכענען אַף פּאַפּיר.

— ...זיי זײַנען געקומען צו מיר אַהיים. זיי — דער אַקאַדעמיקער מינץ, דער געוועזענער גענעראַל־דירעקטאָר פֿון טאַסס כאַווענסאָן און נאָך איין מענטש. די פֿראַגע וועגן אַרויסזעצן די ייִדן פֿון מאָסקווע און פֿון אַנדערע שטעט איז שוין געווען געלייזט בײַ סטאַלינען. אָט דערמלט האָבן מינץ און כאַווענסאָן זיך געווענדט צו מיר. איך ווייס ניט, צי עס איז געווען זייער אייגענע איניציאַטיוו, צי מע האָט זיי אונטערגעזאָגט "פֿון אויבן" אַזוי צו האַנדלען. זיי זײַנען געקומען מיט אַ פּראָיעקט פֿון אַ בריוו אַף סטאַלינס נאָמען. דער בריוו האָט אַנטהאַלטן אַ באַקאָשע: די דאָקטוירים־מערדער, די אויסוואָרפֿן זײַנען דעמאַסקירט, גערעכטיק איז דער צאָרן פֿונעם רוסישן פֿאָלק, עפּשער וועט דער כאַווער סטאַלין געפֿינען פֿאַר מעגלעך, אַרויסצוווײַזן גנעדיקייט און "באַשיצן די ייִדן פֿונעם גערעכטיקן צאָרן מיצאַד דעם רוסישן פֿאָלק". דאָס הייסט, אַרויסזעצן זיי אונטער אַ וואַך אין אַ ראַנד־געגנט פֿונעם לאַנד.

די אויטאָרן פֿונעם בריוו זײַנען האַכנאָעדיק אײַנגעגאַנגען אַף דער דעפּאָרטאַציע פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק, האָפֿנדיק, ווײַזט אויס, אַז זיי אַליין וועלן ניט זײַן אַרויסגעשיקט.

— איך בין געווען ניט דער ערשטער, צו וועמען זיי האָבן זיך געווענדט מיט אַ ביטע אונטערצושרײַבן איינעם מיט זיי דעם דאָזיקן בריוו אַף סטאַלינס נאָמען, — האָט פֿאַרגעזעצט ערענבורג, — פּרווונדיק פֿאַרברייטערן די צאָל אונטערגעשריבענע, האָבן זיי זיך געווענדט צום היסטאָריקער יערוסאַלימסקי...

דאָ וועל איך איבערײַסן די דערציילונג פֿון ערענבורגן, קעדיי ברענגען מײַן געשפּרעך מיט דעם איבערנדערמאָנטן סאָוועטישן היסטאָריקער־גערמאַניסט אַרקאַדי סאַמסאָנאָוויטש יערוסאַלימסקי, דעם פּראָפֿעסאָר פֿונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט און וויסנשאַפֿטלעכן אָנפֿירער פֿון סטאַלינס טאָכטער סוועטלאַנאַ אַלילויעוואַ.

— אַרקאַדי סאַמסאָנאָוויטש, ווער איז צו אײַך געקומען אונטערשרײַבן דעם בריוו? — האָב איך געפֿרעגט.

— דער אַקאַדעמיקער מינץ, דער געוועזענער דירעקטאָר פֿון טאַסס כאַווענסאָן און נאָך צוויי פּונקט אַזעלכע איבערגעשראָקענע מענטשן.

— וואָס האָט איר זיי געענטפֿערט?

— איך האָב זיי אַרויסגעטריבן.

...ערענבורג האָט אַרומגעשפּאַנט איבער דער וועראַנדע, קוקנדיק פֿאַרטראַכט דורכן פֿענצטער, אין וועלכן עס האָט זיך געלאָשן די זון.

— ...מינץ האָט געציטערט פֿון שרעק, כאַווענסאָן איז אַרומגעלאָפֿן איבערן צימער, בעטנדיק מיט טרערן, כ'זאָל אונטערשרײַבן דעם בריוו. איך האָב זיי אָנגעוויזן אַף דער טיר.

ערענבורג איז אַנשוויגן געוואָרן, ווי ער וואָלט עפּעס באַטראַכט.

— וואָס איז געווען ווײַטער?

— איך האָב באַשטימט אָנשרײַבן אַ בריוו צו סטאַלינען... קעדיי דער בריוו זאָל וואָס גיכער דערגיין צו אים, בין איך אַוועק צום הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דער "פּראַוודאַ" שעפּילאָוו און אים דערציילט וועגן מײַן באַשלוס. ער האָט מיך גלײַך אָפּגענומען און געבעטן (איך

ווייס ניט פאַרוואָס), איך זאָל דעם בריוו שרײַבן בא אים אין קאַבינעט. אזוי האָב איך טאַקע געטאָן.

— וואָס איז געווען אינעם בריוו?

— דער בריוו איז געווען א קורצער און איז דעריקער באַשטאַנען אין פאָלגנדיקן: די געשעעניש, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די ייִדן, וועלן ברענגען צו די סאַמע שווערסטע פּאָליטישע און צווישנפעלקערלעכע רעזולטאַטן. מיר וועלן אָנווערן אונדזערע פרײַנט אין דער גאַנצער וועלט. פון אונדז וועט זיך אָפּקערן די אינטעליגענץ פון אַלע ציוויליזירטע לענדער.

ווען דער בריוו איז איבערגעגעבן געוואָרן סטאַלינען, האָט ער ניט אָנגעקלונגען ערענבורגן, ווי ער האָט עס געטאָן מיט עטלעכע כאַדאָשים פאַר דער מילכאָמע, און ניט אײַנגעלאַדן אים צו זיך. ס'האָט אָנגעקלונגען מאַלענקאָוו:

— איך האָט געשריבן דעם כאַווער סטאַלינען. ער האָט מיך באַופטראָגט איבערצורײדן מיט אײַך.

ערענבורג איז געקומען צו מאַלענקאָוון. דער שמועס איז פאָרגעקומען אין דער געבײַדע פון צק פון דער פּאַרטיי. אינעם קאַבינעט, כוץ מאַלענקאָוון, האָט זיך געפונען קאַגאַנאָוויטש. ער האָט נערוועז ארומגעשפּאַנט איבערן קאַבינעט, דערנאָך א טיטשע געטאָן מיטן פינגער צו ערענבורגן און קימאַט אויסגעשריגן:

— און אָט דער דאָזיקער מענטש טײַנעט, אז אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם!

— דער שמועס מיט מאַלענקאָוון איז געווען א פּוסטער און זאַכלאָזער. דער וויכטיקער פּאַרטייישער פונקציאָנער האָט זיך אָפּגענייגט פונעם טאָך פון דער פראַגע. ווען זײַן אייגענעם אָנטייל אין דער פאַרשטייענדיקער אַקציע איז דעמלט שווער געווען צו אורטיילן, — האָט באַמערקט ערענבורג.

דאָס אַלץ האָט מיר איליא גריגאָריעוויטש דערציילט ניט צופעליק. איך האָב פאַרשטאַנען, אז ער האָט ניט בעדייע האַלטן בעסאָד די געשעענישן פון דער גאָר ניט לאַנגער פאַרגאַנגענהײַט. ערענבורג האָט ניט געוואָלט, אז די פאַקטן, וועלכע זײַנען באַוווּסט געווען אים, און די געשעענישן, אָן איידעס פון וועלכע ער איז געווען, זאָלן פאַרפאַלן גיין אינײנעם מיט אים...

אין סאָף פעווראַל 1953 האָט אין דער געבײַדע פונעם אַלפאַרבאַנדישן צענטראַלן ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראײנען זיך געגרייט א פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפטלעכקײַט. מע האָט אָנגערופן דעם נאָמען פונעם פּאָרטרעגער. דאָס איז געווען פיאָדאָר מיכײַלאָוויטש גאָלאָווענטשענקאָ. איך האָב געקענט גאָלאָווענטשענקאָן. אין אַלפאַרבאַנדישן קאָמוניסטישן אינסטיטוט אָפּן נאָמען פון דער צײַטונג "פּראַוודאַ", וווּ איך האָב זיך געלערנט, האָט דער פּראָפעסאָר גאָלאָווענטשענקאָ געפירט דעם קורס פון רוסישער ליטעראַטור. ס'האָט זיך ניט געלייגט אָפּן סײכל, אז אזא אינטעלעקטואַל זאָל ווערן אײנער פון די אידעאָלאָגן פון דער קאַמפּאַניע קעגן די ייִדן.

די פאַרזאַמלונג איז געווען באַשטימט אָף שפּעט אין אָוונט, נאָר דער זאַל איז געוואָרן פאַרפולט א סאַך פריִער מיט מענטשן, וואָס האָבן געדורשט צו דערוויסן זיך עפּעס נײַס "וועגן די ייִדן". איך בין אויך דאָרט געווען און האָב געהאַט די מעגלעכקײַט א קוק טאָן אָפּן אוילעם. דאָס זײַנען געווען אינטעליגענטישע און האַלב־אינטעליגענטישע מענטשן. זיי האָבן זיך פריִער קיינמאָל ניט פאַרטראַכט וועגן דעם, ווער עס אַרבעט מיט זיי באַנאַנד אָדער וווינט מיט זיי בישכיינעס. פון פרי ביז שפּעט האָט די ראַדיאָ זיי אײַנגערעדט, אז זיי לעבן דאָרט, וווּ די סטאַלינישע פעלקער־פרײַנטשאַפט איז א מאָנאָליט.

אַלע אין זאַל האָבן מיט א באַזונדערן אינטערעס געוואַרט, וואָס עס וועט זיי זאָגן דער פּאָרטרעגער. פיל האָבן געהאָפט, אז פון זיי וועט אָפּפאַלן די לאַסט פון בייזע קלאַנגען, רעכילעס, אָנטראַכטעניש. זיי האָבן ניט געוווּסט און ניט געקאָנט וויסן, אז דער "כאַווער אַזש פון צק" האָט געהאַט אָן אָנווײַזונג קאָנקרעטיזירן דעם ציל פון דער שרעקלעכער קאַמפּאַניע, וועלכע האָט ארומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד, און די דאָזיקע ארויסטרעטונג

זײַנע האָט געזאָלט זײַן א סיגנאַל צו דער אַקציע, װעלכע איז געװען פּאַראַנדערגעאַרבעט און סאַנקציאָנירט מיצד סטאַלינען אַלײן.

דער אױטאָמאָביל, אין װעלכן עס איז געפֿאָרן גאַלאָװענטשענקאָ, איז שױן דורכגעפֿאָרן דעם קאַלוזשסקע־פּלאַץ און זיך דערנענטערט צו די גראַדסקע שפּיטאָלן. עס איז שױן נאָענט דער פּלאַץ פֿון מי, װוּ דעם גאַסט האָבן אָפּגעװאַרט די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער פֿאַרזאַמלונג.

אין דער זעלבער צײַט האָט מיט א האַסטיקער גיכקײַט זיך געטראָגן אַן אַנדער אױטאָמאָביל, ער האָט געהאַט דעם באַפֿעל צו דעריאָגן דעם פֿאַרטרעגער און אים איבערגעבן א פֿאַראָרדענונג, װעלכע ער האָט געמוזט אױספֿילן.

דער שאָליעך האָט דעריאָגט גאַלאָװענטשענקאָס אױטאָמאָביל, װען יענער איז שױן פֿאַרבײַגעפֿאָרן די קאַלוזשסקע זאַסטאַװע, געבנדיק א שאַרפֿן סיגנאַל, װעלכער איז באַקאַנט געװען דעם פּראָפֿעסאָרס שאָפֿער. דער סיגנאַל האָט באַטײַט: טײַקעף זיך אָפּשטעלן!

דער שאָליעך האָט איבערגעגעבן דעם באַפֿעל:

— קערט זיך אום. דער פֿאָרטראָג װערט אָפּגעשאַפֿן!

װער האָט אָפּגעשטעלט און אומגעקערט צוריק דעם פֿאָרטרעגער? איך האָב אין מעשעך פֿון א סאַך יאָרן געפּרוּװט באַקומען אַן ענטפֿער אױף אָט דער פֿראַגע. אין א פּריװאַטן שמועס, װעלכן כ'האָב אײנמאָל געהאַט מיט מאַלאַטאָװן, האָב איך געפּרוּװט אים אײַנרעדן, ער זאָל אײדעס זאָגן װעגן יענע געשעענישן. מאַלאַטאָװ האָט דאָך געװיס אַלץ געװוּסט... ער האָט אָבער זיך ניט אײַנגעשטעלט צו זײַן אַן אײדעס פֿאַרן געריכט פֿון דער געשיכטע.

איך האָב אָפֿט געשמועסט מיט מיקאָיאַנען. ער האָט מיר אָנגעטרױט די פּראַטים פֿון אײניקע געשעענישן, נאָר װען איך האָב אים געבעטן דערצײלן װעגן דעם "איניען פֿון די דאָקטױרים" און װעגן די הינטערקוליסן פֿון סטאַלינס פּלאַן בנוגע די ייִדן, האָט ער, ניט לאַנג טראַכטנדיק, געזאָגט:

— נאָך ניט געקומען די צײַט.

בײדע אָנגעזעענע סטאַליניסטן האָבן אַװעקגעטראָגן מיט זיך אין קבֿר דעם עמעס װעגן יענע געשעענישן.

איז װער זשע איז געװען יענער מענטש, װעלכער האָט געענדערט דעם באַפֿעל אַרום דער דעפּאָרטאַציע פֿון די ייִדן?

בלײַבט אײן השערה: דאָס האָט געטאָן סטאַלין.

איך מײן, אַז די זאַך איז דאָ געװען ניט אין איליא ערענבורגס בריװ, פֿאַר סטאַלינען האָבן ניט עקזיסטירט קײן אױטאָריטעטן. און אױב ס'איז עמעס די השערה, אַז אַלײן סטאַלין האָט געגעבן די לעצטע פֿאַראָרדענונג, װײַל קײן אַנדערער װאָלט זיך דאָך אױף דעם ניט אַנטשלאָסן, זײַנען בא אים פֿאַר דעם געװען װאָגיקע סיבעס.

דער "איניען פֿון די דאָקטױרים" איז מיט רעכט כאַראַקטעריזירט געװאָרן אין דער גאַנצער ציװיליזירטער װעלט אַלס "פּראָװאָקאַציע פֿונעם יאָרהונדערט". ס'זײַנען דורכגעגאַן אינגאַנצן זיבן יאָר זינט דער מאַפּאָלע פֿונעם היטלערישן דײַטשלאַנד. דאָס סאָװעטישע פֿאָלק האָט באַצאָלט פֿאַרן זיג איבערן פֿאַשיזם מיט טײַכן בלוט, ס'איז ניט פֿאַרגעסן געװאָרן דער פֿאַקט, אַז זײַן װעג צו דער מאַכט און צו דער אַגרעסיװער מילכאָמע האָט דער נאַציזם אָנגעהױבן מיט דער פֿאַרפֿאָלגונג פֿון די ייִדן. די פֿאַרניכטונג פֿון זעקס מיליאָן ייִדן איז געװען פֿאַר דער מענטשהײַט א שרעקלעכער קאָשמאַר. אָבער ס'האָט זיך געשאַפֿן א פּאַראַדאָקסאַלע סיטואַציע: דאָס לאַנד, װאָס האָט אָפּגעשפּילט די אַנטשײדנסטע ראָל אינעם צעגראָמירן דעם פֿאַשיזם, האָט סטאַלין פֿאַרקערעװעט אַהין, װוּ ס'האָט אָנגעהױבן זײַן װעג דער דײַטשישער פֿאַשיזם.

אין דער גאַנצער װעלט האָבן דער "איניען פֿון די דאָקטױרים" און די קלאַנגען װעגן דער פֿאָרשטײענדיקער ראַסיסטישער אַקציע קעגן די ייִדן אַרױסגערופֿן ניט בלױז א געשפּאַנטקײַט, נאָר אַן אַלגעמײנעם גרימצאָרן. די גרעסטע מעדיקער אין דער װעלט האָבן אָרגאַניזירט א קאָמיטעט, װעלכער האָט געדאַרפֿט זיך באַקענען מיט די באַשולדיקונגען, װאָס מ'האָט אינקרימינירט די סאָװעטישע דאָקטױרים. דער אָנגעזעענער געלערנטער און געזעלשאַפֿטלעכער טוער זשאָליאָ־קיורי האָט געפֿאָדערט אַן אױספֿאָרשונג. מ'האָט

אָנגעהויבן באהאנדלען די פראגע וועגן אָרגאַניזירן אַ קאָנטער־פּראָצעס אויפֿן מײַרעוו מיטן ציל אויפֿצודעקן און דעמאַסקירן דעם בילבול.

די געשעעניש האָבן אָנגענומען אַן אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב. קיין מאָסקווע איז געקומען פֿון פֿראַנקרײַך דער מיטגליד פֿון דער ביוראָ פֿונעם אַלוועלטלעכן שאָלעם־ראַט איוו פֿאַרזש. ער האָט געפֿאָדערט אַ באַגעגעניש מיט וועמען־ניט־איז פֿון די ״דאָקטוירים־מערדער״. די מאַכט־אָרגאַנען זײַנען געצוווּנגען געווען מאַסקים זײַן אויף אַזאַ באַגעגעניש. זי איז פֿאָרגעקומען אין טפֿיסע.

איוו פֿאַרזשן האָט מען פֿאַרגעלייגט זיך אָפּרוען אויפֿן קאַווקאַז. פֿאַרזש איז אָפּגעפֿאָרן מיט זײַן פֿרוי, וועלכע האָט אים באַגלייט אין מעשעך פֿון דער גאַנצער רײַזע. אין וועג איז ער געזעסן פֿאַרטראַכט און שווײַגנדיק, נאָר פּלוצעם האָט ער געזאָגט צום ווײַב: ״דאָס אַלץ וועט איס מאָדנע און אומפֿאַרשטענדלעך. באַם אַרעסטירטן, מיט וועלכן מ׳האָט מיר דערלויבט זיך באַגעגענען אין טורמע, זײַנען געווען שוואַרץ געוואָרענע נעגל... געוויס האָט מען אים געפּײַניקט״.

אויפֿן אַנדערן טאָג איז פֿאַרזש אומגעקומען אין אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפֿע. פֿאָרגעקומען איז עס שוין נאָך סטאַלינס טויט אין סאַמע סאָף מאַרט. מע זאָגט, אַז די קאַטאַסטראָפֿע איז געווען ספּעציעל צוגעגרייט.

אין אַ קאָמפּליצירטער לאַגע האָבן זיך געפֿונען די סאָוועטישע דיפּלאָמאַטישע און אַנדערע פֿאָרשטייערשאַפֿטן אין אויסלאַנד. אין אַ סאַך לענדער זײַנען זיי בלאָקירט געוואָרן מיצאַד מענגעס מענטשן מיט פּלאַקאַטן, אויף וועלכע עס איז געווען אָנגעצייכנט: ״אַ שאַנד די פּורישקעוויטשעס פֿון סאָוועטן־רוסלאַנד!״. זיי האָבן געפֿאָדערט בויקאָטירן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

אין מאָסקווע האָט מען דערוואַיל פֿיבערדיק געוואַרט אויפֿן פּראָצעס פֿון די ״דאָקטוירים־מערדער״, נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט, פֿאַרוואָס מע לייגט אים אָפּ פֿון טאָג צו טאָג. פֿאַרכישעפֿט האָט אויסגעזען די שטאָט אין יענע ווינטערדיקע טעג. אין די טראַמווײַען און אויטאָבוסן האָבן מענטשן ניט געקוקט איינע אויף די אַנדערע. אין די בײַשטאָטישע עלעקטריטשקעס איז געפֿערלעך געוואָרן צו פֿאָרן. די ייִדן האָבן מוירע געהאַט אָפּלאָזן די קינדער אין שול אַרײַן. דאָרט האָט מען זיי ניט נאָר באַליידיקט — מע האָט זיי געשלאָגן. אַלץ, וואָס עס פֿלעג געזאָגט ווערן אינדערהיים וועגן די ״דאָקטוירים־מערדער״ און וועגן דעם ״פֿאַרשאָלטענעם שיוועט״, האָבן די קינדער געהערט פֿון די עלטערע און פֿלעגן עס ברענגען מיט זיך אין שול אַרײַן.

ס׳וועט קומען אַ צײַט, ווען די היסטאָריקער וועלן זיך דערוויסן און דערציילן די נײַע דוירעס וועגן דעם, וואָס דעמלט איז פֿאָרגעקומען אין די העכסטע מאַכט־עשעלאָנען. עפּשער וועט זיך באַשטעטיקן דאָס, וועגן וואָס מיר האָבן זיך אומקלאָר אָנגעשטויסן, באַנוצנדיק זיך מיט די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך, ווי דינע שטראָמלעך, דורכגעזאַפּט אַפֿילע דורך די פֿאַרמאַכטע און שטרענג באַוואַכטע אײַזערנע טויערן.

דעמלט וועט, מעגלעך, ווערן באַשטעטיקט, אַז אויף דער נאָענטער דאַטשע אין קונצעוואָ, פֿון וועלכער עס פֿלעג שוין אין ערגעץ ניט אַרויספֿאָרן דער שלאַבעריקער ״גאָניאַלער פֿירער און לערער פֿון אַלע פֿעלקער״, איז פֿאָרגעקומען עפּעס אומגעהערטס. פֿאַרשטייענדיק, אַז צו פֿאַרטיידיקן די דאָקטוירים הייבט זיך אויף די גאַנצע וועלט, האָט עמעצער פֿון די ״נאָענטסטע פֿרײַנט און מיטקעמפֿער״ זיך אײַנגעשטעלט ניט דרייסט צו באַמערקן, אַז מיטן איניען פֿון די דאָקטוירים דאַרף מען אַ ביסל צווואַרטן אָדער בכלל אים אָפּשטעלן.

דאָס איז געווען אומגעהערט. אין מעשעך פֿון דרײַסיק יאָר האָבן די ״נאָענטסטע פֿרײַנט און מיטקעמפֿער״ קנעכטיש געפֿאָלגט די אָוויײַזונגען פֿונעם פֿירער, ניט וואַגנדיק אַפֿילע אַ קלער טאָן וועגן אַ דערווידערונג. דאָס איז געווען אַ בונט. אַזעלכס האָט דער פֿירער ניט געקאָנט איבערלעבן. אין דער זעלבער נאַכט האָט דער גרויסער דיקטאַטאָר געכאַפּט אַ פּאַראַליטש, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט זײַן טויט.

איך כאַזער איבער, דאָס איז מײַנע, בלויז מײַנע אַ ווערסיע.

שאבעס גאנצפרי דעם 4 אפרעל 1953, האָט זיך אין מײַן דירע דערהערט א שנײַדנדיקער טעלעפאָן־קלונג. אין קאָפּ זײַנען דורכגעפלויגן אומרויִקע געדאנקען. אף יענעם עק טעלעפאָן־דראָט האָט אן אופגערעגטע שטים אויסגעשריגן:

— גיכער נאָך א צײַטונג! נאָך א צײַטונג לויף גיכער!

איך האָב ניט גלײַך פארשטאנען, אז דאָס קלינגט מײַנער א נאָענטער כאווער.

— וואָס האָט געטראָפן?

ער האָט געהאלטן אין איין שרײַען:

— גיכער נאָך א צײַטונג! לויף, וועסט אליין פארשטיין!

איך האָב זיך אראָפּגעלאָזט צום פּאָסטקעסטל. און אָט איז די צײַטונג בא מיר אין די הענט: "מיטײלונג פונעם מיניסטעריום פון אינערלעכע איניאָנים פון פססר". אין איר האָט זיך געזאָגט, אז די גרופּע דאָקטוירים איז ארעסטירט געוואָרן אָן אוועלכן־ניט־איז געזעצלעכן גרונט. די באווײַזן פון די באשולדיקטע, וועלכע באשטעטיקן קלוימערשט די ארויסגערוקטע קעגן זיי באשולדיקונגען, זײַנען באקומען געוואָרן מיט דער הילף פון שטרענג פארבאָטענע דורכן סאָוועטישן געזעץ מעטאָדן פון דער אויספאָרשונג. אלע ארעסטירטע זײַנען שוין באפרײַט פון אונטער דער וואך, און די שולדיקע אין דעם אומדערלאָזבארן פירן די אויספאָרשונג זײַנען צוגעצויגן צו קרימינעלער פאראנטוואָרטלעכקײַט...

דעם 6־טן אפרעל האָט די "פּראוודא" פארעפנטלעכט א לײַטארטיקל, אין וועלכן ס'איז געגעבן געוואָרן אן אָפּשאצונג דער פּראָוואָקאציע קעגן דער גרופּע דאָקטוירים. דער שעף פונעם אויספאָרשונג־אָפּטייל פון דער זיכערהײַטס־דינסט ריומין, וועלכער האָט דירעקט דורכגעפירט די אויספאָרשונגען, איז כאראקטעריזירט געוואָרן אלס פארברעכערישער אוואנטיוריסט. מע האָט אים ארעסטירט (מיט א צײַט שפּעטער צעשאָסן). אין לײַטארטיקל זײַנען געזאָגט געוואָרן קלוגע און ריכטיקע ווערטער וועגן דער ניט־דערלאָזבארקײַט צו צעצינדן אין דער סאָוועטישער געזעלשאפט דעם געפיל פון נאציאָנאלער סינע. נאָר ווי ווײַט זײַנען זיך נאָכדעם צעגאנגען די דאָזיקע ווערטער מיט דער ווירקלעכקײַט!

א געדיכטער האמוין האָט באלאגערט די צײַטונגס־וויטרינעס, און די, וואָס האָבן ניט געקאָנט זיך דורכשטופּן, האָבן געפּאָדערט, מע זאָל לײענען די מיטײלונג אינדערהויך. אף די פּענעמער איז געווען א פארלוירנקײַט. מענטשן האָבן זיך איבערגעקוקט. אין די אויגן — א ניט־פארענטפערטע פראגע: וויִאזוי האָט עס אלץ געקאָנט פאָרקומען? דאָס פאָלק האָט געוואַרט אף אן ענטפער. דאָס לאנד האָט געוואַרט אף אן ענטפער. די גאנצע וועלט האָט געוואַרט אף אן ענטפער. קלאָר איז געווען איינס: דער פּראָצעס איבער די "מערדער אין ווײַסע כאלאטן" איז אָפּגעשאפן. קיין מאסעווע דעפּאָרטאציע פון ייִדן וועט ניט זײַן.

אָט אזוי האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אין מײַן זיקאָרן די געשעענישן פון יענע שרעקלעכע כאדאָשים. ניט אלץ איז אונדז קלאָר געווען דעמלט. ניט אלץ איז קלאָר נאָך ביז איצט — לעמאָשל, בעריִאס ראָל אין דער באפרײַונג פון די דאָקטוירים. א סאך האלטן, אז ער האָט דאָס געטאָן, האָבנדיק אין זינען די אייגענע ווײַט גײענדיקע צילן. מיסטאמע איז עס טאקע אזוי...

לויט אייניקע יעדיִעס, זײַנען פונדעסטוועגן 13 טויזנט ייִדן ארויסגעזעצט געוואָרן מיצאד די זיכערהײַט־אָרגאנען אין באראקן. אוועלכער איז דער גוירל פון די דאָזיקע מענטשן, צי האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק צו זיך אהיים? איך האָף, אז די דאָזיקע פּובליקאציע מײַנע וועט ארויסרופן אָפּקלאנגען פון די לײענער, און ווער ווייסט, עפּשער וועלן אייניקע פון זיי קלאָר מאכן דעם פאקט פון דער דעפּאָרטאציע פון די 13 טויזנט סאָוועטישע בירגער, ווע‌מענס גאנצע שולד איז באשטאנען אין דעם, וואָס זיי זײַנען ייִדן.

# דער ערשטער נומער פֿון אונדזער זשורנאַל

אין נאָיאַבער 1961 האָב איך געאַרבעט אין ישועה געדגעבולגעס, וועלכער איז אופֿגעקומען אין די דרײַסיקער יאָרן לעבן דער ערשטער אין די דאַגעסטאַנער בערג הידראָעלעקטראָסטאַנציע. איך בין געווען א לערער אין דער אָרטיקער שול, וועלכע האָט זיך געפֿונען ניט ווײַט פֿון מײַן הויז, אַזוי אַז איך האָב געהאַט די מעגלעכקײַט אינמיטן דער אַרבעט אַרײַנכאַפּן זיך אַהיים.

קום איך אַזוי אײנמאָל אַרײַן צו זיך און דערזע אויפֿן שרײַבטיש א באַנדעראָל.

כאָטש איך האָב זיך זייער געײַלט אויפֿן לימעד, האָב איך ניט געקאָנט זיך קעגנשטעלן דעם ניסאָיען און צעבינדן דאָס פּעקל. ווי גרויס איז געווען מײַן איבעראַשונג, ווען כ'האָב דערזען א נײַנקן ייִדישן זשורנאַל! כ'האָב אָבער ניט געטאָרט זיך אונטערגעבן דעם יעיצערהאָרע און נעמען בלעטערן דעם זשורנאַל: די שילער האָבן געוואַרט אויף מיר. מיט א פֿײַערלעך־פֿרײיִקן געפֿיל און מיט א נאָגעניש, וואָס כ'האָב ניט געקאָנט טײקעף באַפֿרײיִקן דעם נײַגער, בין איך אוועק אין שול און זיך עטלעכע שאָ געמאַטערט, ביז כ'האָב זיך סאָפּקאָלסאָף באַפֿרײַט פֿון מײַנע פֿליכטן און געקאָנט מיט א געלײַטערטער נעשאָמע לויפֿן אַהיים און זיך נעמען פֿאַרן זשורנאַל...

איך האָב אים א שטיקל צײַט פּאָשעט געהאַלטן אין די הענט און געקליבן נאַכעס פֿון דער פֿרישער העל־געלבלעכער הילע מיט רויטע געשריבענע אותיות — "סאָוועטיש היימלאַנד". צוערשט האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל פֿון א קינד, ווען מע האָט מעכאַבעד געווען מיט עפּעס זייער א געשמאַק נאַשעדײַ און ער ציט אָפּ דעם טײַנעג פֿון נעמען עס אין מויל. דערנאָך האָט מיך אַרומגעכאַפּט די פֿרייד פֿון א מענטשן, וואָס איז לאַנג געווען צעשיידט מיט א טײַערן פֿרײַנט, זיך שוין אַפֿילע צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז ס'איז ניט באַשערט מער זיך צו זען, און פּלוצעם — אָט איז ער, ווי פֿון הימל אַראָפּ! עס האָט מיך איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, איך בין געוואָרן אַזוי אויפֿגערעגט, אַז כ'האָב געמוזט אַרויסגיין אין גאַס, אין דער נאַכט, קעדײ א ביסל זיך באַרויִקן... טרערן האָבן זיך געשטעלט מיר אין די אויגן. כ'בין געווען צופֿרידן, וואָס עס איז פֿינצטער און קײנער זעט עס ניט, ווײַל וויאַזוי וואָלט איך געקאָנט עמעצן דערקלערן מײַן צושטאַנד ווער וואָלט באַנומען די פֿרייד מײַנע פֿון דעם, וואָס אַזוי אומדערוואַרט איז אין די כורישעכדיקע דאַגעסטאַנער בערג ווידער צו מיר געקומען מײַן מאַמע־לאָשן? און ווערמען וואָלט אָנגעגאַנגען מײַן פֿאַרדראָס אויף זיך אַלײן איבער דעם, וואָס אַזויפֿיל יאָרן פֿון מײַן לעבן זײַנען אומזיסט דורכגעגאַן פֿאַר מײַן שאַפֿונג? איך האָב דאָך געהאַלטן אין די הענט דעם אומבאַשטרײַטלעכן באַווײַז, אַז אַנדערע זײַנען געווען אײַנגעשפּאַרטער פֿון מיר, זײ האָבן ניט פֿאַרוואָרפֿן דאָס ייִדישע וואָרט, די ייִדישע ליטעראַטור לעבט!

אין דעם ערשטן אָוונט האָב איך קימאַט גאָרנישט ניט איבערגעלייענט, איך האָב בלויז געבלעטערט דעם זשורנאַל, זיך אײַנגעקוקט אין יעדן בוכשטאַב, אין די פּאָטאָגראַפֿיעס פֿון די מעכאַבערים. לייענען יאָ, לייענען ניט — אַלצײַנס וואָלט איך אין יענעם אָוונט גאָרנישט ניט פֿאַרשטאַנען.

אויפֿן אַנדערן טאָג, ווען מײַן געמיט האָט זיך א ביסל אײַנגעשטילט, האָב איך זיך גענומען צום לייענען. און דאָ האָב איך אַנטפּלעקט, אַז כ'דאַרף זיך קוים איבער די שורות... ס'זײַנען דאָך פֿיל יאָרן אַוועק, זינט איך האָב דאָס לעצטע מאָל געהאַלטן א ייִדיש ביכל אין די הענט (אגבֿ, מײַן היימישע ביבליאָטעק און די מאַנוסקריפּטן זײַנען אומגעקומען אין ווײַניצע אינאײנעם מיטן הויז, וואָס די פֿאַשיסטן האָבן געלאָזט מיטן פֿײַער). ווי א מענטש לערנט זיך ווידער גיין נאָך א דרײַערהאַלפּיקער קרענק, אַזוי האָב איך זיך צוביסלעכווײַז אָנגעהויבן אומקערן צום לייענען אויף ייִדיש. ווען איך האָב געפּרוווט זעלבשטענדיק צונויפֿשטעלן א פּאָר זאַצן, האָב איך דערפֿילט, אַז ס'פֿעלן מיר אַיס ווערטער. דער זשורנאַל, וועלכער האָט זיך באַוויזן אין מײַן הויז, האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, וואָס עס שטייט מיר פֿאָר: קימאַט אָפּסנײַ באַהערשן די אײגענע שפּראַך, אין וועלכער כ'האָב זיך אַמאָל געפֿילט פֿרײַ און פֿלײַסיק, דערמאָנען זיך ווערט נאָך וואָרט, אויפֿלעבן אין זיך דעם געפֿיל פֿון דער שפּראַך, דערפֿילן ווידער איר טאַם, אַרײַן אין איר נוסעך, אומקערן זיך צו אירע שפּריכווערטלעך. דאָס אַלץ איז איצט פֿאַר מיר געוואָרן און אויפֿגאַבע אויף יעדן טאָג.

איך דאַרף זאָגן, אַז דעמאָלט, ווען איך האָב באַקומען דעם ערשטן נומער פֿונעם זשורנאַל "סאָוועטיש היימלאַנד", האָט מען מיך שוין דאָ געהאַלטן פֿאַר א רוסיש־שרײַבנדיקן דיכטער, די רעפּובליקאַנישע צײַטונגען "דאַגעסטאַנסקאַיאַ פּראַוודאַ" און "קאָמסאָמאָליעץ דאַגעסטאַנאַ" פֿלעגן אָפֿט דרוקן מײַנע איבערזעצונגען פֿון די דאַגעסטאַנער שפּראַכן. ווען ניט דער זשורנאַל, וואָלט איך פֿאַרבונדן אויך אויף ווײַטער מײַן שאַפֿונג מיט דער רוסישער שפּראַך. עמעס, איך האָב שוין דאַן אינטויִטיוו געפֿילט, אַז אין דעם, וואָס איך שרײַב

אויף רוסיש, אין מײַנע גראַמאַטיש ריכטיקע רוסישע ווערטער און פֿראַזעס פֿעלט אויס עפּעס זייער וויכטיקס, אַזעלכס, וואָס איך האָב ניט געקאָנט דערקלערן פֿאַר זיך אַליין. דער זשורנאַל האָט מיר געעפֿנט די אויגן אויף דעם, געגעבן צו וויסן, וואָס פֿאַר אַ "וויטאַמינען און מינעראַלן" פֿעלן אויס אין מײַן דיסטילירטן רוסיש. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס, וועגן וואָס איך רעד דאָ, איז ניט קיין כּלל פֿאַר יעדערן. פֿאַר מיר האָט די דויערהאַפֿטיקע אָפּגעריסנקייט פֿון דער מוטער־שפּראַך פֿאַרמינערט, פֿאַרדאַרבט מײַן פֿעיִקייט צום שאַפֿן. ווײַזט אויס, איך בין פֿון די קינדער־יאָרן אָן, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען אין אַ ייִדיש שטעטל, צו שטאַרק געווען צוגעבונדן צו דער שפּראַך פֿון מײַנע אָבֿות.

שפּעטער, ווען איך האָב געפּרוּווט קינסטלעריש באַזינגען אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דער אָפּגעריסנקייט פֿון דעם מאַמע־לשון, האָב איך אָנגעשריבן (אין דער פֿאָרם פֿון אַ ווענדונג צו מײַנעם אַ פֿרײַנט) פֿאָלגנדיקע שורות:

פֿרעגסט,
וואָס האָט זיך דאָן מיט מיר געטראָפֿן
אַלץ איז געווען פֿאַר די אויגן אָפֿן
און אַלץ — אָפּגעשיידט;
לײַדנשאַפֿט,
פֿרייד —
ווי דורך גלעזערנע ווענט
פֿון אַ הויז ניט באַוווינטן.
אין מײַן זיקאָרן דערשטוינטן
שוועבן ביז איצט
מײַנע אָפּהענטיקע הענט,
און דורך די פֿאַרכוישטע ליפּן
האָפֿענונגסלאָזע
פֿראַגעס זיך זיפּן;
ווער,
צוליב וואָס
האָט פֿאַרוואָרפֿן אין גלעזערנעם צאַנקען
אַ ברעקעלע מענטש,
אַ ביסעלע שײַן,
אַ בינטל געדאַנקען?..
האָט מיר די וועלט
אָנגעזאָגט אַ בשׂורה,
אַז די איז ניט שולדיק
אין מײַנע יסורים;
אַז זי ווענט,
די גלעזערנע ווענט
זײַנען ניט אויסער —
זיי זײַנען אין מיר;
אַז איך אַליין
האָב פֿאַרהאַקט די טיר,
וואָס פֿירט צו איר,
ווען איך האָב דאָס פֿײַער פֿאַרלאָשן,
וואָס רופֿט זיך —
מאַמע־לשון...

די ליד איז געשאַפֿן געוואָרן, ווען איך בין שוין "געקומען צו־זיך". לייענענדיק אָבער דעם ערשטן נומער פֿון "סאָוועטיש היימלאַנד", האָב איך פּאַשעט "צעבלאָזט דאָס פֿײַערל", וואָס האָט קוים געצאַפּלט אין מיר. קודם־כּל האָב איך פֿאַרפּידט (?) אַ רוסיש־ייִדישן ווערטערבוך, אין וועלכן איך האָב אַרײַנגעשריבן כּמעט אַלע ווערטער פֿונעם זשורנאַל מיט זייער באַטײַט אויף רוסיש, וואָרט נאָך וואָרט לויטן אַלפֿאַבעט. אַזוי אַרום איז דאָן די רוסישע שפּראַך געקומען מיר צו הילף באַם ווידערבאַהערשן די ייִדישע. דעם באַטײַט פֿון אַ סך ווערטער האָב איך ביסלעכווײַז אויפֿגעשטעלט אין זיקאָרן, אַנדערע האָב איך פֿאַרשטאַנען לויטן קאָנטעקסט...

איצט, ווען איך בלעטער דעם אַליין־געמאַכטן ווערטערבוך, זע איך, אַז אייניקע ווערטער האָב איך ניט ריכטיק אויסגעטײַטשט, נאָר דאָס האָט מיך ניט געשטערט אינגאַנצן גענומען "ריאַנימירן" אין זיך די שפּראַך, ווי מע זאָגט — מאַכן פֿון טויט לעבעדיק. און ערך אין אַ צוויי חדשים אַרום האָב איך זיך שוין געפֿילט אויף אַזויפֿיל שטאַרק אינעם לשון, אַז איך האָב אָנגעהויבן שאַפֿן אויף ייִדיש. איך האָב אָנגעשריבן עטלעכע לידער, אָנגענומען זיך מיט מוט און אָפּגעשיקט זיי אין "סאָוועטיש היימלאַנד". לאַנג איז מיר ניט אויסגעקומען צו וואַרטן. אינגיכן האָב איך באַקומען אַ גוטווילִיקן אויספֿירלעכן בריוו פֿונעם פֿאַרוואַלטער מיטן פּאָעזיע־אָפּטייל מוישע טײף. ער האָט מיר איבערצײַגעוודיק דערקלערט, פֿאַרוואָס מע קאָן דערווײַל מײַנע לידער ניט דרוקן, און אין דער זעלבער צײַט מיך אונטערגעהאַלטן, דערמוטיקט, געגעבן עצות, פֿאָרגעלייגט מיר פֿאָרזעצן שרײַבן און שיקן אין דער רעדאַקציע מײַנע ווײַטערדיקע לידער.

איך האָב געמאַכט אַ פּרוּוו צו שרײַבן אויך אין פּראָזע. און דאָ, צו מײַן פֿאַרוווּנדערונג, האָט מיר מער אָפּגעגליקט: אין "סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3 פֿאַרן 1963 יאָר איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן מײַן ערשטע דערציילונג. פֿון יענער צײַט אָן, אַדאַנק דעם ערשטן נומער פֿון "סאָוועטיש היימלאַנד", האָט זיך אָנגעהויבן מײַן ווידערגעבורט אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

**מוישע פּענס (מאַכאַטש־קאַלאַ)**



9-1632

# "סאָוועטיש היימלאַנד" — "די ייִדישע גאַס"

אין 9 יאָר אַרום נאָכן בלוטיקן 12־טן אויגוסט 1952, ווען סטאַלין האָט אומגעבראַכט די גרעסטע ייִדישע שרײַבער אונדזערע, און אײנײנעם מיט זײ די גאַנצע ייִדישע קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, ערשט אין אויפֿיל צײַט אַרום האָט אונדזער זשורנאַל אָנגעהויבן אַרויסגײן.

דער מערדער איז שוין געווען אויף יענער־וועלט. דאָס אײַז האָט אָנגעהויבן צעגײן. עס זײַנען שוין פֿאָרגעקומען רעאַביליטאַציעס. די ייִדישע ליטעראַטור אָבער איז נאָך ניט "רעאַביליטירט" געוואָרן.

די מאַכט־אידעאָלאָגן האָבן געטײַנעט, אַז ייִדן ווילן ניט קײן ייִדישע ליטעראַטור און דאַרפֿן ניט קײן ייִדישע ליטעראַטור.

דער זשורנאַל איז ניט אַזוי גרינג אָנגעקומען. ייִדישע שרײַבער, די שעידעס־האָפֿליטע, דורך ניסים אַרויסגעראַטעוועטע, פֿאַרמאַטערטע און קראַנק פֿון די סטאַלין־לאַגערן, פֿון שפּיטאָלן און פּסיכושקעס, זײַנען אין דער שווערסטער צײַט, יעדער באַזונדער אין זײַן ביידער־מעזיכער, געזעסן און געשאַפֿן. די רעדאַקציע איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט קסאַוויאָדן, מיט נײַע ווערק.

דעם ערשטן נומער "סאָוועטיש היימלאַנד" האָט די וועלט, קאָן מען מיט זיכערקײַט זאָגן, אויפֿגענומען מיט גרויס פֿרייד. מיט אָפּגעאָטעמטקײַט. דער אַמעריקאַנער ייִדישער דיכטער און עסײיִסט יאַנקעוו גלאַטשטיין האָט דעמלט אין אַן עסיי זײַנעם אין "סאָוועטיש היימלאַנד" געשריבן: "איך באַגעגענען דעם זשורנאַל מיט קעגנערשאַפֿט, ווען מען זיך גלײַך אָנכאַפּן אין דעם און זאָגן, אַז קײנער דאַרף אים ניט האָבן, און די ייִדישע אויסיעס וועלן ווידער דערוואָרגן ווערן... מיר דאַרפֿן, אַדרבא, ווינטשן דעם זשורנאַל לאַנגע יאָרן..."

אָט האַלט איך אין דער האַנט אַ לעצטן נומער "סאָוועטיש היימלאַנד". אָנהײבנדיק פֿון יאַנואַר 1992, וועט ער שוין הײסן "די ייִדישע גאַס". אין די פֿאַרגאַנגענע עטוואָס מער פֿון דרײַ צענדליק יאָר זענען דערשינען קימאַט פֿיר הונדערט פֿרעכטיק־אַרויסגעגעבענע נומערן. אָן איבערײַס. כוידעש בא כוידעש. ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט אויסזען, — מאַכמעס, אין די דרײַ יאָרצענדליקער זײַנען אַ סאַך ייִדישע שרײַבער ניפֿטער געוואָרן און ניט־ווײניק זײַנען אַוועקגעפֿאָרן, — קאָן מען מיט רעכט זאָגן, אַז די איצטיקע לעצטע נומערן זענען בעסער פֿון די אַמאָליקע ערשטע. די צײַט איז איצט אַן אַנדערע. די לופֿט — אַ געענדערטע. דער זשורנאַל איז הײַנט ייִדישלעכער, נאַציאָנאַלער. ער פֿאַרמאָגט מערער ייִדישן חן, ייִדישע געשיכטע, יערושע, העמשעך, רײן־ייִדישע פּראָבלעמאַטיק. ער איז הײַנט, וואָלט איך געזאָגט, רײַפֿער, אַפֿילע קינסטלערישער.

דער זשורנאַל האָט הײַנט אַ גרעסערן קאָנטאַקט מיט אויסלענדישע ייִדישע שרײַבער, דרוקט מיט ליבשאַפֿט זײערע ווערק.

אין די פֿאַרגאַנגענע צײַטן האָט דער זשורנאַל אַוודאי געזינדיקט מיט פֿאַרגרײַזטקײַטן, קרומקײַטן. וואָס פֿאַר אַ יאָרן דאָס זײַנען געווען, דאַרף מען שוין הײַנט קײנעם ניט דערציילן. וועלכער זשורנאַל אין ראַטנפֿאַרבאַנד האָט דעמלט ניט געגרײַזט? וועלכער איז יאָ געווען בעקױעך אָפּצוהײַטן זיך פֿון דער אָפֿיציעלער אײַנגעשטעלטקײַט? אַפֿילע טוואַרדאָווסקי אין זײַן "נאָווי מיר" איז ניט געווען פֿרײַ פֿון זינד — איך מע זאָל אויף דעם קוקן מיט הײַנטיקע אויגן.

דער זשורנאַל "סאָוועטיש היימלאַנד" איז אונדז טײַער דערמיט, וואָס ער האָט אין די אַלע גאָר ניט־גרינגע יאָרן, נאָכן כורבן און נאָך די רעפּרעסיעס אויפֿגעהאַלטן די ייִדישע שפּראַך און די ייִדישע ליטעראַטור באַם לעבן, סטימולירט זײער ווײַטערדיקן קיום. ווען ניט דער זשורנאַל, וואָלט שוין הײַנט דאָ קײן זײכער ניט געווען פֿון ייִדישער ליטעראַטור. און מיר, ייִדישע שרײַבער, וואָלטן שוין, מעגלעך, הײַנט ניט געלעבט. קײנער פֿון אונדז וואָלט ניט געווען אימשטאַנד איבערצוטראָגן די פֿאַרטיליקטקײַט, די פֿאַרשטומטקײַט און דערנידעריקטקײַט, וואָס דער סטאַלין־דעוזשים האָט אונדזער ליטעראַטור געבראַכט.

איצט זאָגן מיר: צו לאַנגע לעבעדיקע יאָר דיר, זשורנאַל "די ייִדישע גאַס".

יעכיעל שרײַבמאַן (קעשענעוו)

# טראָץ דעם נאַציאָנאַלן ניהיליזם

מיט גרויס אינטערעס און מיט העכסטער פֿאַרכאַפּונג האָב איך איבערגעלייענט אין "סאָוועטיש היימלאַנד" פֿאַר אויגוסט פֿאַריקס יאָר דאָס אַרטיקל "ווײַסע פֿלעקן, וועלכע מיר נעמען הײַנט אַראָפּ". דאָס אַרטיקל האָט אַרויסגערופֿן

באַ מיר אַ שלאַל זיכרוינעס, גוטע און שווערע, פאַרגלײַכונגען און אָפּשאַצונגען.

אָן שום ספֿק איז עס אַ געוואַגטער שריט און אַוודאי אַ רעזולטאַט פֿון טיפֿע באַטראַכטונגען וועגן דעם ניט־גרינגן גורל פֿונעם פֿאָלק און זײַן קולטור, ווי אויך וועגן דעם, וויִאַזוי אַרויסרײַסן זיך פֿונעם איצטיקן מצב.

עפּשער וואָלט מען געדאַרפֿט פֿאָרזעצן דאָס באַהאַנדלען אייניקע פֿאַקטן פֿון אונדזער פֿרישער געשיכטע. איך מיין, לעמאָשל, אַז די איבערוואַנדערונג אויף ערד איז געווען אין אויפֿטו ניט פֿון די יעווסעקן. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער אויסגאַנגלאָזער לאַגע פֿון די שטעטלדיקע ייִדן — די קליינהענדלער און באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן דאַן ניט געהאַט קיין מינדסטן עקאָנאָמישן באָדן. דאָס זעלבע דאָס צעפֿליִען זיך פֿון דער שטעטלדיקער יוגנט אין די גרויסע שטעט, וו עס האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט אַ קאָלאָסאַלע אינדוסטריעלע בוינג. דאָס איז דעריקער געווען אויך אַ רעזולטאַט דערפֿון, וואָס עס איז צעבראָכן געוואָרן דער צאַרישער טכום־האַמרישעוו.

דאָס לעבן איז רײַך, פּילזײַטיק און ווידערשפּרעכלעך, און ס'האָט ניט געקאָנט זיך אַרײַנלייגן אין די ראַמען פֿון די דעמלטדיקע דאָגמעס. מיר דאַרפֿן געדענקען, אַז טראָץ דעם נאַציאָנאַלן ניהיליזם פֿון די יעווסעקן האָט די ייִדישע נאַציאָנאַלע קולטור און ליטעראַטור זיך צעבליט אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן ווי קיינמאָל און אינערגעץ ניט. וועגן דעם גייט אַ רייד טאַקע אינעם אַרטיקל.

מיר האָט זיך פֿאַרגעדענקט טשעמעריסקיס אָן אַרויסטרעטונג אויף אַ ראַיאָנישן מיטינג דעם זיבעטן נאָיאַבער 1929 יאָר, געווידמעט דער גרינדונג פֿונעם ייִדישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן אין ניי־זלאַטאָפּאָל. עפּשער האָט ער דאַן, אין דער "גלובינקע", געפֿילט זיך אַ ביסל פֿרײַער, נאָר זײַן רעדע איז געווען דורכגעדרונגען מיט עכטע נאַציאָנאַלע געפֿילן.

און דאָס שטעטל׳ איך בין געווען אין מײַן שטעט׳

אין האַרבסט אַכט־און־דרײַסיקסטן. נאָך אַלע איבערוואַנדערונגען איז דאָס געווען און געבליבן אַ פֿולבלוטיק שטעטל: צוויי ייִדישע קאָלווירטן, אַ צענדליק אַרטעלן פֿון פֿאַרשיידענע באַלמעלאָכעס, און נאָך אַלעמען — אַן איינגעפֿונדעוועט פֿאַרמעגלעך לעבן. פֿאַרניכטעט האָבן עס די פֿאַשיסטן.

זומער אַכט־און־פֿערציק. איך בין דרײַ כאָדאָשים אָפּ געווען אין בירָאָבידזשאַן, ווען עס זײַנען נאָך אַלץ געגאַנגען עשעלאָנען מיט איבערוואַנדערער, און אַלע מיט גרויס ענטוזיִאַזם: מיר פֿאָרן בויען אַ ייִדישע רעפּובליק! איך האָב דאָרט באַזוכט אַ קאָלווירט, וועלכער איז מיט אַ יאָר פֿריִער אין פֿולן באַשטאַנד אַריבערגעפֿאָרן פֿון קרים קיין בירָאָבידזשאַן. און ווידער — סטאַלינס מערדערישע האַנט.

דאָס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין גאָר אַן אַנדער עפּאָכע: נאָך פֿאַרן פּוטש און ווען עס האָט עקזיסטירט דער ראַטנפֿאַרבאַנד און ס'איז נאָך געווען ראַטנמאַכט. איצט באַקומט די פּראָבלעם פֿונעם קיִעם פֿון דעם ישׂראל גאָר אַן אַנדער באַפֿאַרבונג. אין אַ געפֿאַר שטייען די גרעסטע רוסישע ישׂראלן מיט קאָלאָסאַלע טיראַזשן; די "פּראַוודאַ" איז אויסגעטריקנט געוואָרן אין דרײַ מאָל. דער גאַנצער סיידער אין לאַנד מיט די ווילדע פּרײַזן און מיט אַלץ דעם איבעריקן ווידערשפּרעכט דעם סייכל האַיאָשער.

איך הער ניט אויף צו טראַכטן וועגן אונדזער ישׂראל, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזאַ טריומפֿאַלן וועג, און באַצייכנט דעם דרײַסיקיאָריקן יוביל מיט אַזאַ אָריגינעלן ענציקלאָפּעדיש־כרעסטאָמאַטישן נומער. איך טראַכט און איך טראַכט און קאָן גאָרנישט ניט צוטראַכטן. איך וויל זיך פֿאָרשטעלן דעם גאַנג פֿון דײַנע געדאַנקען און פֿון דײַנע זכרונגען,[1]) און קאָן ווידער ניט. איך וועל בלויז האָפֿן, אַז די שפּעטערדיקע רעדפֿינדערישקײַט, די ענערגיע און דער מעכטיקער דראַנג וועלן געפֿינען אַן אויסוועג. עס ווילט זיך שרײַבן וואָס גיכער זען דעם ערשטן נומער פֿון דער "ייִדישער גאַס"

כאַיִם מעלאַמוד, (סאַראַטאָוו)

# ווייפל פעלקער לעבן אין אונדזער לאַנד

**פון אַט דער פראַגע האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער שמועס מיטן וויסנשאַפטלעכן מיטאַרבעטער פון דעם אינסטיטוט פאַר עטנאָלאָגיע און אַנטראָפּאָלאָגיע פּראָפעסאָר סאָלאָמאָן ברוק.**

די פראגע איז בלויז, דוכט זיך, אפן ערשטן בליק א פּאַשעטע, — האָט געזאָגט סאָלאָמאָן איליטש. — לאָמיר נעמען די מאטעריאלן פון דער לעצטער פאָלקסציילונג, פון 1989, און דער ענטפער איז גרייט: לויט אָט דער ציילונג, לעבן אין פססר 128 פעלקער. אָבער די דאָזיקע ציפער קאָן מען באַשטרײַטן. א פעסט באַשטימטע מיינונג וועגן דער צאָל פעלקער אין פססר איז דערװײַל ניטאָ.

פראגע: טאקע אן עמעס, איינע טײַנען, אז בא אונדז לעבן 100 פעלקער. אנדערע — 500, 400. פאַרוואָס גייט מען זיך אזוי פאנאנדער אין דער צאָל?

ענטפער: ס'איז ניט קיין לײַכטער עניען. געלערנטע, לעמאָשל, האלטן, אז אין פססר ווערן אין שטייגער אויסגענוצט העכער 130 לעשוינעס. אָבער יעדעס פאָלק רעדט, אלס קלאל, אף איין באזונדערער שפראך, און דעריבער דארף די צאָל פעלקער און די צאָל לעשוינעס צונויפאלן...

פראגע: ווי באוווסט, האָט די ציילונג פון 1926 פארפיקסירט 194 עטנאָסן...

ענטפער: יענע ציילונג האָט פארהעכערט די צײַגערס. מיר האלטן, אז דעמלט זײַנען געווען ארום 150 פעלקער און לעשוינעס.

אלע נאָכמילכאָמעדיקע ציילונגען האָבן איבער א ריי סיבעס ניט גענומען אין אכט א סאך פארהעלטנישמעסיק קליינע פעלקער, וועלכע פארהיטן זייערע מוטער־שפראכן. דערמיט, אגעוו, דערקלערט זיך דער פאקט, וואָס די צאָל לעשוינעס אין פססר איז א פיל העכערע, איידער די צאָל פעלקער.

פראגע: איר האָט געזאָגט "איבער א ריי סיבעס". וואָס האָט איר דאָ אין זינען?

ענטפער: אין דער ערשטער ריי איז עס פאָרגעקומען אונטער דער ווירקונג פון די אָנווײַזונגען פון אייניקע פארטייִשע און סאָוועטישע אָנפירער פון די רעפובליקן. זיי האָבן זיך געפונען אונטערן אײַנדרוק פון די פאלשע פראָצעסן פון "נאטירלעכער אסימיליאציע". דערצו נאָך האָבן זיי ניט געוואָלט זיך פארנעמען מיט די קאָמפּליצירטע, פראָבלעמען פון צווישנאציאָנאלע באציִונגען.

פראגע: דאָס איז געווען ניט קיין וויסנשאפטלעכער צוגאנג, נאָר עפעס א מין "אויסזויגן פונעם פינגער": ווײפל מע דארף, אזויפיל וועלן מיר אָנשרײַבן?

ענטפער: איך וועל זיך אָפּהאלטן פון אזעלכע אָפשאצונגען. אָבער איב רעדן ערנסט, קאָן דער צײַגער פון דער ציילונג פארן 1989 יאָר — 128 פעלקער — ניט זײַן אָנגענומען אָן געוויסע קאָרעקטיוון. פון איין זײַט, דארף די דאָזיקע ציפער זײַן פארקלענערט אפן כעזשבן פון די קליינצאָליקע גרופן פון אויסלענדישן אָפשטאם, וועלכע לעבן צעשפּליטערט אין א סאך ערטער — אמערסטנס אין מאָסקווע און אין אנדערע גרויסע שטעט. פון דער אנדערער זײַט, זײַנען ניטאָ קיין געניגנדע אָביעקטיווע קריטעריִען, קעדיי רעדן וועגן דעם, צי די אָדער יענע גרופע האָט ענדגילטיק זיך ארײַנגעגאָסן אין באשטאנד פון אן אנדער פאָלק, אָדער זי זעצט פאָר צו עקזיסטירן ווי א זעלבשטענדיקער עטנאָס.

אין דער עטנאָלאָגיע איז שווער צו ריידן וועגן דעם עמעס אין דער לעצטער אינסטאנץ. און איך איז שטענדיק געווען, פאראן און וועט זײַן פיל באשטרײַטנדיקס. אשטייגער, ס'זײַנען ניטאָ קיין גענוגנדיקע יעסוידעס צו האלטן פאר פולשטענדיק אסימילירטע אזעלכע נאציאָנאלע מינדערהײַטן, ווי די קריזן, בודוגצעס, כינאליקצעס. אין די ציילונגען זײַנען זיי אײַנגעשלאָסן אין באשטאנד פון די אזערבײַדזשאנער. די פאמירער פעלקערשאפטן און די יאגנאָבצעס — אין באשטאנד פון די טאדזשיקן...

פראגע: מיט וואָס האָט די לעצטע ציילונג אין 1989 זיך אונטערשיידט פון די פריִערדיקע?

ענטפער: איר וויסנשאפטלעכער ניווא איז העכער. זי האָט גענומען אין אכט מער פון א צענדליק זעלבשטענדיקע פעלקער, וועלכע זײַנען פריִער אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין באשטאנד פון אנדערע גרעסערע פעלקער. ס'איז געמאכט געוואָרן א פרווו צו באקומען אָנגאבן איך וועגן דער צאָל מענטשן אין די גרונטיקע גרופעס, וועלכע גייען ארײַן אין באשטאנד פון דעם אָדער אנדערן פאָלק, וועגן זייער פאנאנדערזעצונג און מוטער־שפראכן. דאָס דארף מען צוליב דעם, קעדיי באשליסן, צי ס'איז באגרינדעט, מע זאָל רעכענען זיי אין באשטאנד פון אן אנדער פאָלק. צום באדויערן, האָט פון דעם דאָזיקן פרווו זיך ווייניק־וואָס באקומען.

פראגע: פארוואָס?

ענטפער: די זאך איז אין דעם, וואָס די אָנגעפרעגטע באשטימען זייער נאציִאָנאליטעט, ווי מיר זאָגן, לויטן זעלבסטבאוווסטזײַן. אָפּט ווײַזט א מענטש אָן ניט אף דער אָנגעהעריקײַט צו א געוויסן עטנאָס, נאָר צו זײַן עטנישער אָדער טעריטאָריִעלער גרופע. צום אונטערשייד פון די פריִערדיקע ציילונגען, זײַנען אזעלכע גרופן געווען ניט קיין סאך, און די צאָל זייערע רופט ארויס אין א ריי פאלן א צווייפל. אזוי, לעמאָשל, האָבן אף דער פראגע וועגן דער נאציִאָנאליטעט, וועלכע מע האָט פארגעבן די

פאַמירער פעלקער, בלויז 537 מענטשן געבליבן פון זייער אָנגעהעריקייט צו דער אָדער יענער פאַמירער פעלקערשאַפט. 304 האָבן זיך אָנגערופן פאַמירער טאַדזשיקן, 186 — יאַזגולעמצעס, 42 — שוגנאַנצעס און אַזוי ווײַטער. אין דער זעלבער צײַט האָבן אָנגערופן אײנע פון די פאַמירער שפּראַכן אַלס זייער מוטער־שפּראַך העכער הונדערט טויזנט מענטשן. איר זעט, וואָס פאַר אַ צעוואָרפנקייט פון די ענטפערס! אָבער גראָד די העכער הונדערט טויזנט — דאָס איז די ציפער, וואָס איז נאָענט צו אונדזערע אָפּשאַצונגען פון דער אַלגעמיינער צאָל פאַמירער פעלקער.

פראַגע: וועלכע זײַנען די גרונט־סיבות, וואָס דערמעגלעכן ניט פּינקטלעך צו דערווײַזן זיך דעם עטנישן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג?

ענטפער: לויט מײַן מיינונג, זײַנען פאַראַן דרײַ סיבות. די ערשטע: אין די לעצטע יאָרצענדליקער פאַרשווינדן בעהאדראַגעדיק, אין רעזולטאַט פון די קאָנסאָלידאַציע־פּראָצעסן, פון דער פאַרשטאַרקונג פון די קאָמוניקאַציע־פאַרבינדונגען צווישן באַזונדערע גרופּעס, פונעם וווּקס פון די קאַדרען פון דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ, די אָרטיקע, געגנטלעכע און פאַרשיידענע אַנדערע עטנאָנימען.

צווייטנס. מע קאָן נישט ניט נעמען אין אַכט אייניקע יורידיש־פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן. אין 1932 איז פאַר אַ היפּשן טייל פון דער באַפעלקערונג, שפּעטער — פאַר אַלע אײַנוווינער פונעם לאַנד אײַנגעפירט געוואָרן אַ פּאַספּאָרט־סיסטעם. צוערשט האָט מען דערלאָזט באַם באַקומען אַ פּאַספּאָרט אַ פרײַען אויסוואַל פון דער נאַציאָנאַליטעט. אין 1939 האָט זיך באַוויזן אַן אינסטרוקציע פון דער ענקאַוועדע, וועלכע איז דערנאָך, אין 1974 פאַרביטן געוואָרן מיט אַ באַשטימונג פונעם מיניסטאָרן־ראַט פון פּסטר "וועגן אַרויסגעבן נײַע פּאַספּאָרטן". סײַ די אינסטרוקציע, סײַ די באַשטימונג האָבן פאַראָרדנט: "די נאַציאָנאַליטעט אינעם פּאַספּאָרט ווערט פאַרשריבן אין העסקעם מיט דער נאַציאָנאַליטעט פון די עלטערן. איב די עלטערן געהערן צו פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, ווערט בײַם אַרויסגעבן צום ערשטן מאָל דעם פּאַספּאָרט פאַרשריבן די נאַציאָנאַליטעט לויט דעם, צו וועלכער נאַציאָנאַליטעט געהער דער פאָטער אָדער די מוטער, אָפּהענגיק פונעם ווונטש פון דעם, וואָס באַקומט דעם פּאַספּאָרט. אויף ווײַטער ווערט די פאַרשרײַבונג פון דער נאַציאָנאַליטעט ניט געענדערט". אַזאַ דעפיניציע פון דער נאַציאָנאַליטעט "לויטן בלוט" האָט קיין שום געמיינזאַמס ניט מיט דער וויסנשאַפט און ווערט אָפּגעוואָרפן מיצאַד דער מערהײַט לענדער אין דער וועלט. און האַגאַם בײַסן דורכפירן די ציילונג ווערט די נאַציאָנאַליטעט פיקסירט לויט דער פעסטשטעלונג פון דעם אָנגעפרעגטן גופא, ניט געמענדיק אין אַכט די פּאַספּאָרט־אָנגאַבן, אין די האָספּאָ פון אָט די אָנגאַבן ביז גאָר אַ היפּשע. מע דאַרף האָבן אין זינען, אַז אין אייניקע ראַנד־ראַיאָנען פונעם לאַנד ווערט די עצעם פאַרשרײַבונג פון דער נאַציאָנאַליטעט בײַסן אַרויסגעבן דעם ערשטן פּאַספּאָרט געמאַכט ניט־קאָרעקט, ניט געמענדיק אין אַכט די מיינונג פון דער באַפעלקערונג. אין אוזבעקיסטאַן, לעמאָשל, איז דער גרונט־טייל פון די קורדן, טאַלישן און אַנדערע געווען פאַרשריבן אין די פּאַספּאָרטן ווי אוזבעקיסטאַנער.

און די דריטע סיבע. אין אַ ריי פאַלן נעמען אָן די פּיתדיקע אָרגאַנען מיטלען צו אײַנשליסן די קליינצאָליקע עטנאָסן אין באַשטאַנד פון מער גרעסערע, קירדעמקאָל אין באַשטאַנד פון די גרונטיקע פעלקער, וועלכע שאַפן די אָדער יענע רעפּובליק. דאָס גיט אַ מעגלעכקייט פאָרמער צו ווערן פון דער שריפטלעכקייט פאַר קליינצאָליקע פעלקערשאַפטן, ניט עפענען קיין נאַציאָנאַלע שולן פאַר זיי, קיין קולטור־אַנשטאַלטן און אַזוי ווײַטער. ס'איז דאָך ניט צופעליק, וואָס אין אוזבעקיסטאַן האָט מען אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן אונטערדריקטעס אין די שולן אויף אָנדערהאַלבן צענדליק שפּראַכן, און איצט בלויז אויף דרײַ...

די אָנגאַבן פון אונדזערע ציילונגען, וועלכע אַנטהאַלטן אַ דירעקטע פראַגע וועגן דער נאַציאָנאַליטעט (אַזאַ פראַגע איז ניט פאַראַן אין די ציילונגען פון דער מערהײַט לענדער אין דער וועלט) איז אין אַלגעמיין אַ זיכערער קוואַל צו פעסטשטעלן דעם עטנישן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג. אָבער מאַכמעס די אָנגעוויזענע סיבות בלײַבן און אַנטשטייען שטרײַט־פראַגן. זיי האָבן אַ שײַכעס ניט נאָר צו דער צאָל פעלקער, נאָר אויך ווי פילצאָליק עס איז יעדער פון זיי.

לעמאָשל, צום ערשטן מאָל אין דער נאָכמילכאָמע־צײַט זײַנען אויסגעטיילט אַלס זעלבשטענדיק פאָלק די טאַלישן. אָבער די פריערדיקע אָנגאַבן וועגן זייער צאָל זײַנען בעפּיירעש פאַרמינערט. דאָס זעלבע האָט מיסטאָמע אַ שײַכעס צו די קרימער טאָטערן, וועלכע מע האָט צום ערשטן מאָל אויסגעטיילט פונעם באַשטאַנד פון די טאָטערן.

פראַגע: צי איז רעכטמעסיק צו ריידן וועגן דעם, אַז עס קומען פאָר אומענדלעכע ענדערונגען פונעם כיילעק פון פאַרשיידענע פעלקער אין דער באַפעלקערונג פונעם לאַנד?

ענטפער: אָן שום סאָפעק. פאַר די לעצטע דרײַסיק יאָר האָט די צאָל אײַנוווינער פונעם לאַנד זיך פאַרגרעסערט אין אַלגעמיין אויף 36,8 פּראָצענט. מער ווי אין דרײַ מאָל האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון די טאַדזשיקן, בעלודזשן, טערקן־מעסכעטינער, דונגאַנען. אין צוויי מיט אַ האַלבן מאָל זײַנען געוואָרן מער אוזבעקן, טורקמענער, קירגיזן, אײַגורן, קורדן, טאַטן, טאַבאַסאַראַנען, רוטולצן, צאַכורן, אַגולן. אין צוויי מאָל האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל קאַזאַכן, אַזערבײַדזשאַנער, קאַראַקאַלפּאַקן, קומיקן, טשווינער, באַלקאַרן, טשעטשענצעס, אַוואַרצעס, לעזגינער, דאַרגינצעס, אינגושן, אַדיגער. בײַ אַ סך פעלקער איז

דער צוזוקס באַדײַטנדיק קלענער פונעם מיטל־פאַרבאַנדישן (בײַ די רוסן, ווײַסרוסן, לעטן, ליטווינער, עסטאָנער, דײַטשן, טשוואַשן, אודמורטן, מאַריער). פיל ווייניקער זײַנען געוואָרן פאַר די לעצטע דרײַסיק יאָר ייִדן, מאָרדווינער, פּאָליאַקן, קאַרעלער, פינער...

אָנהייבנדיק פונעם 1959 יאָר ביזן 1989 האָט דער כיילעק פון די סלאַווישע פעלקער זיך פאַרקלענערט פון 77,1 ביז 70,3 פּראָצענט. און דער סכום פונעם כיילעק פון די טיורקיש־שפּראַכיקע און איראַניש־שפּראַכיקע פעלקער האָט זיך פאַרגרעסערט פון 12 ביז 19,1 פּראָצענט. דער כיילעק פון די רוסן אין דער באַפעלקערונג פונעם לאַנד האָט זיך פאַרקלענערט פון 54,6 אין 1959 ביז 50,8 פּראָצענט אין 1989. אַלץ גייט צו דעם, אַז אין דער מיט פון די 90־ער יאָרן וועלן די רוסן באַטרעפן ווייניקער פון א העלפט פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד.

פראַגע: די נאַציאָנאַלע אָנשטרענגונג אין די לעצטע יאָרן, די שאַרפע פאַרערגערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע האָבן דערפירט צו א וווּקס פון דער עמיגראַציע. אין 1989 האָבן דאָס לאַנד פאַרלאָזט 235 טויזנט מענטשן, אין 1990 — העכער 400 טויזנט. און פונדעסטוועגן, וויפל פעלקער וווינען אין ססר״ר?

ענטפער: לויט מײַן מיינונג, דאַרף אונדזער שמועס איבערצײַגן, אַז אויף דער דאָזיקער פראַגע איז אוממעגלעך צו ענטפערן קאַטעגאָריש. מע דאַרף זיך האַלטן בײַ די אָפיציעלע אָנגאַבן, אָבער דערבײַ דערלאָזן ניט קיין גרויסע — איך שטרײַך דאָס אונטער — אָפּנייגונגען אין דער אָדער אַנדערער זײַט.

אירינע קראַסנאָפּאָלסקאַיאַ.

---

## ייִסראָעל־באַפעלקערונג דערגרייכט 5 מיליאָן

די צענטראַלע ביוראָ פון סטאַטיסטיק האָט אָפּגעשאַצט, אַז ביז סאָף יאָר וועט די ייִסראָעל־באַפעלקערונג דערגרייכן 5 מיליאָן, אַרײַנגערעכנט 4 מיליאָן מיט 100 טויזנט ייִדן, 695 טויזנט מוסולמענער, 120 טויזנט קריסטן, און 85 טויזנט דרוזן.

די ייִדישע באַפעלקערונג איז געוואַקסן מיט 285 טויזנט נעפאַשעס. פון דער צאָל זײַנען 85 פּראָצענט געווען נײַע אוילים, הויפּטזאַכלעך פונעם געוועזענעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

# זיכרוינעס

בינימין אמיטין

# מיין ברודער — דער עטנאָגראַף זאַלמען אמיטין־שאַפּיראָ



העכער צוואנציק יאָר האָט מיין ברודער זאַלמען זיך פאַרנומען מיט פאָרשן, דערלערנען און באַשרייבן די בוכאַרער יידן — זייער שטייגער, זייערע מינהאָגים, רעכט, גלויבן, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לאַגע. וועגן דער דאָזיקער איידע האָט ער אָנגעשריבן מער פון א צענדליק וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, וועלכע האָבן ניט פאַרלאָרן זייער ווערט ביז היינט. אַלע פאָרשער, וואָס באַרירן די פראַגן פון דער געשיכטע און פון דער עטנאָגראַפיע פון די בוכאַרער יידן, פאַרופן זיך אויף זאַלמען אמיטין־שאַפּיראָס ווערק, געשריבענע אין די צוואנציקער — דרייסיקער יאָרן. אַלס ביישפּיל קאָן דינען דאָס קאַפּיטל „מיטל־אַזיאַטישע יידן" אין דער פילבענדיקער אַקאַדעמישער אויסגאַבע „פעלקער פון דער וועלט" (מאָסקווע, 1963). דאָס קאַפּיטל האָט פאַרפאַסט א מיטאַרבעטער פון דער טאַדזשיקישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע יאַקוב קאַלאַנטאַראָוו, וועלכער ווייזט אָן אויף אַכט אויסגענוצטע מעקוירים, צווישן וועלכע פיר געהערן ז. אמיטינס פען.

אַליין זאַלמען אמיטין־שאַפּיראָ איז אָבער ניט געווען קיין געבוירענער מיטל־אַזיאַט. ער איז געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט די ערשטע קינדערשע יאָרן אין שטעטל סאָסניצע אויף דער טשערניגאָווער געגנט. זיין טאַטע לייבע אמיטין־שאַפּיראָ איז געווען א מעלאַמעד. אין עטלעכע יאָרן אַרום איז די מישפּאָכע אַריבערגעפאָרן פון סאָסניצע — פריער קיין סנאָווסק און נאָכדעם קיין קאָנאָטאָפּ. קאָנאָטאָפּ, באַגלייך מיט אייניקע אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך פונעם טכום־האַמויִשעוו, איז געווען א „ראַפינירטע" שטאָט. איבער די קאָנאָטאָפּער גאַסן פלעגן אַרומגיין באַנאַנד מיט כיידער־יינגלעך אויך יידישע גימנאַזיסטן. ביים די פרילינג־ און האַרבסט־יאָמטויווים פלעגן זיך צונויפּאָרן יעשיווע־באָכערים און סטודענטן. די סוויווע אָט האָט געשפּייזט זאַלמענען אין די יוגנטלעכע יאָרן.

ווען אונדזער פאָטער האָט זיך דערוווּסט וועגן די גליקן פון זיין עלטערן זון, האָט ער זיך שטאַרק געגרויסט פאַר די בניי־איר, א קליינינקייט — זיין בכאָר וועט קענען פאַסקענען שיילעס אינדערהיים, און מ'וועט ניט דאַרפן טראָגן די הון, באַ וועלכער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן א נאָדל אין פּופּיק, צום שטאָטישן ראָוו...

נאָר ווי גרויס איז געווען דעם פּאַטערס צאָרן, ווען ס׳איז אַראָפּגעקומען דער ראָוו מיט אַ געגאָלטער באָרד, אַ ראָוו, וואָס איז געווען ניט פֿיל צו פֿאַרבייגן אַ מינכע אין בעסמעדרעש. אויף דעם באָדן האָבן זיך אין שטוב פֿאַרפּירט גרויסע מאַכלויקעס, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער ראַזירטער ראָוו האָט געמוזט פֿאַרלאָזן די היים און זוכן גליקן אין פֿרעמדע שטעט און שטעטלעך. אויף אַזאַ אויפֿן האָט זיך זאַלמען דערקליבן ביז מאָסקווע.

ווי באַוווּסט, האָבן וווין־רעכט אין מאָסקווע געהאַט בלויז ייִדן — סאָכרים פֿון דער ערשטער גילדיע און אייניקע אַנדערע שטאַרק באַגרענעצטע קאַטעגאָריעס, צו וועלכע זאַלמען האָט ניט אָנגעהערט. ווי אַנדערע רעכטלאָזע ייִדן, האָט ער זיך באַזעצט אינעם מאָסקווער ראַיאָן זאַריאַדיע. האַגאַם זאַריאַדיע האָט זיך געפֿונען האַרט באַם קרעמל, האָט דער אָרטיקער פּריסטאַוו זיך באַצויגן ווייך צו די רעכטלאָזע.

אין 1916 איז קיין מאָסקווע געקומען אַ גרופּע בוכאַרער ייִדן, וועלכע האָט געשטרעבט צו גרינדן אין בוכאַראַ אַ "נייַ־מעטאָדישע" שול פֿאַר דער ייִדישער יוגנט. זיי האָבן זיך געווענדט צו ז. אַמיטין־שאַפּיראָ און אים איַינגערעדט, ער זאָל אַריבערפֿאָרן קיין בוכאַראַ און נעמען אויף זיך די לערן־אַרבעט אין דער נייַער שול. זאַלמען איז מאַסקים געווען, און פֿון דאַן אָן איז ער געוואָרן אַ טוישעוו פֿון מיטל־אַזיע.

דערגרייכט דעם ווייַטן קאַנט, מיט וועלכן ס׳זייַנען דעמלט געווען רעליאַטיוו שוואַכע פֿאַרבינדונגען, זייַענדיק באַצויבערט מיטן מיזרעך־אַראָמאַט, האָט ער מיט גרויס ענטוזיִאַזם זיך גענומען צו פֿאַרווירקלעכן די אויפֿגאַבע, וועלכע איז פֿאַר אים געשטאַנען. אין אַ קורצער צייַט אַרום האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ לערנבוך פֿון דער געאָגראַפֿיע פֿון מיטל־אַזיע פֿאַר די בוכאַרער ייִדישע שולן. די קינדער פֿון די בוכאַרער ייִדן האָבן די רוסישע שפּראַך ניט געקענט, און זאַלמען אַמיטין־שאַפּיראָ האָט נאָך ניט באַהערשט דאָס אָרטיקע לאָשן, דערפֿאַר האָט ער דעם בוך אָנגעשריבן אויף העברעיִש. דאָס איז געווען זייַן איינציק ווערק אויף אָט דער שפּראַך.

אַרבעטנדיק אין דער סוויווע פֿון די בוכאַרער ייִדן, האָט זאַלמען זיך פֿאַראינטערעסירט מיט די עטנאָגראַפֿישע פּראָטים פֿון זייער לעבן. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט אין די צוואַנציקער יאָרן אויסגעפֿאָרשט און באַשריבן, איז געווען די אַנטראָפּאָנימיק — די פּערזענלעכע נעמען פֿון די בוכאַרער ייִדן אין פֿאַרגלייַך מיט די נעמען פֿון די אייראָפּעיִשע. דער מעכאַבער האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז מיט אָנרופֿן די נעמען, ער האָט זיי אַנאַליזירט, געגעבן זייער באַטייַט און פֿעסטגעשטעלט דעם מאָקער, פֿונוואַנען דער קאָנקרעטער נאָמען שטאַמט. אין דעם האָט אים שטאַרק מיטגעהאָלפֿן זייַן טיף וויסן דעם טאַנאַך. צום באַדויערן, איז זאַלמענס ערשטע וויסנשאַפֿטלעך ווערק קימאַט אינגאַנצן פֿאַרלאָרן געגאַנגען. אַפֿילע די גרעסטע וויסנשאַפֿטלעכע ביבליִאָטעקן פֿאַרמאָגן ניט דעם בוך.

דאָס צווייטע ווערק, וואָס זאַלמען האָט פֿאַרפֿאַסט אין די צוואַנציקער יאָרן, איז געווען "די געשיכטע פֿונעם ערשטן בעסמעדרעש באַ די בוכאַרער ייִדן".

אין אָנהייב פֿון די צוואַנציקער יאָרן פֿאָרט ער אַריבער קיין טאַשקענט, קומט אָן אויפֿן מיזרעך־פֿאַקולטעט פֿונעם מיטל־אַזיִאַטישן מעלוכע־אוניווערסיטעט, לייענט לעקציעס אויף די קורסן פֿאַר העכערן די קוואַליפֿיקאַציע באַ די לערער פֿון די בוכאַרער ייִדישער שולן, זעצט אינטענסיוו פֿאָר זייַן פֿאָרשערישע טעטיקייַט.

איינס פֿון זייַנע הויפּט־ווערק פֿון יענער צייַט האָט געטראָגן דעם טיטל "וועגן דער פֿאָלקס־מעדיצין באַ די אָרטיקע ("בוכאַרער") ייִדן פֿון טורקעסטאַן". אין דער

פּאַרעדע וויַיזט ער אָן, אַז עס זייַנען פֿאַראַן ניט ווייניק קסאוויאַדן אין העברעיִש און אין ייִדיש־טאַדזשיקיש, וועלכע זייַנען געווידמעט די פֿראַגן פֿון דער פֿאָלקס־מעדיצין, נאָר די "דואַכאַנער" (פֿאָלקס־רויפֿים), די אייגנטימער פֿון די שריפֿטן באַציִען זיך צו זיי אייפֿערזיכטיק און ס'איז שווער אַרויסברענגען זיי פֿאַר דער עפֿנטלעכקייַט. אַמיטין־שאַפּיראָ האָט באַקומען די נייטיקע ידיעות פֿאַר זייַן אַרבעט, דעריקער אַדאַנק מינדלעכע געשפּרעכן מיט דואַכאַנער. צו יעדן הייל־מיטל גיט ער צו די באַשרייַבונג פֿונעם כאַלאַס סייַ אין העברעיִש, סייַ אין דער שפּראַך פֿון די בוכאַרער ייִדן (ייִדיש־טאַדזשיקיש).

אָפּשטעלן זיך אָף אַלץ, וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון זאַלמען אַמיטין־שאַפּיראָס וויסנשאַפֿטלעכער ירושה, איז אין די ראַמען פֿון אַ זשורנאַל־אַרטיקל ניט מעגלעך. איך וועל בלויז אָנרופֿן אַזעלכע אינטערעסאַנטע ווערק ווי "די פֿרוי און די כאַסענע־מינהאָגים באַ די בוכאַרער ייִדן" (1929), "די סאָציִאַלע בויונג באַ די מיטל־אַזיִאַטישע ייִדן" (1933), "די נאַציִאָנאַלע מינדערהייטן אין אוזבעקיסטאַן" (1935), "די מיטל־אַזיִאַטישע ייִדן נאָך דער גרויסער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע".

ניט אַלע אַרבעטן זייַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן. אין די פֿאָנדן פֿון דער טאַשקענטער צענטראַלער ביבליאָטעק האָב איך זיך אָנגעשטויסן אָף אַן איבערגעבונדענעם קסאוויאַד אין דער פֿאָרם פֿון אַ לייסטער, וואָס פֿאַרמאָגט 158 זייַטן, אָפּגעדרוקטע אָף אַ שרייַבמאַשין. די דאָזיקע אַרבעט (אָף רוסיש) הייסט: "אָנווייַזער פֿון דער ליטעראַטור וועגן די מיטל־אַזיִאַטישע ייִדן אָף דער רוסישער שפּראַך. ערשטער טייל, 1822 — 1917". די צונויפֿשטעלער פֿונעם אָנווייַזער זייַנען זאַלמען אַמיטין־שאַפּיראָ און יעשוע פּולנער, דער באַוווסטער ייִדישער עטנאָגראַף, וועלכער איז געווען פֿאַרוואַלטער פֿונעם ייִדישן אָפּטייל אין לענינגראַדער עטנאָגראַפֿישן מוזיי.

דער קסאוויאַד כאַפּט אַרום פֿערציק טעמעס, אַשטייגער, — "געשיכטע", "שפּראַך", "האַנטווערקערייַ", "קליידונג", "הענדלער", "ייִדישע פֿרוי", "בעסמעדרעש", "ציילונג" אאַוו. מיך האָט באַזונדערס פֿאַרינטערעסירט די אַנאָטאַציע אָף ש. ווייַסענבערגס אַרבעט "מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון די "טשאַליא" אין בוכאַראַ" (1916), וווּ ס'איז באַרירט די געשיכטע פֿון דער גרופּע מוסולמענער, וועלכע שטאַמען פֿון די בוכאַרער ייִדן (זיי זייַנען געצוווּנגען געווען אָנעמען דעם איסלאַם, נאָר האָבן אָפּגעהיט די ייִדישע מינהאָגים).

צום באַדויערן, האָט מייַן ברודער ניט באַוויזן פֿאַרעפֿנטלעכן דעם אָנווייַזער. דאָס האָט ניט באַוויזן אָפּטאָן אויך זייַן מיטאַווטאָר יעשוע פּולנער, וועלכער איז געשטאָרבן בייַס דער לענינגראַדער בלאָקאַדע. אָבער אַפֿילע אין דער פֿאָרם פֿון אַ קסאוויאַד, וואָס געפֿינט זיך אין די ביבליאָטעק־פֿאָנדן, שטעלט דער אָנווייַזער מיט זיך פֿאָר אַ גרויסן אינטערעס פֿאַר אַלע די, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט דער עטנאָגראַפֿיע און מיט דער געשיכטע פֿון די בוכאַרער ייִדן.

# מײַן פֿאָטער איסאַק ראַביטשעוו

אין אַנהיקולטור און קונסטיב פֿון די צוואַנציקער יאָרן איז געקומען פֿון קיִעוו קיין מאָסקווע אַ ייִדישער באַכער פֿון מיטעלן וווּקס, מיט אַ פּרעכטיקער שעוועליורע רויטע קוטשערן און גרוי־בלויע אויגן. דאָס איז געווען מײַן טאַטע איסאַק ראַביטשעוו.

אין קינדערשן עלטער האָט ער פֿאַרמאָגט אַן אַבסאָליוט געהער און אַ שטאַרקע שטים, געווען אַ מעשוירער אין סינאַגאָגע. שפּעטער האָט ער אָנטיילגענומען אינעם כאָר פֿון ייִנגעלעך באַם קיִעווער אָפּערע־טעאַטער. אומלטן, בײַם שאַליאַפּינס גאַסטראָלן, האָט ער געזונגען אין די אָפּערעס ״די דאַמע פּיק״ און ״קאַרמען״. ניט קענענדיק קיין נאָטן, האָט ער אויך געשאַפֿן זינגלידער און מאַרשן.

אָבער געזיגט האָט זײַן לײַדנשאַפֿט צו מאָלערײַ.

ראַביטשעוס יוגנט־אַלבאָם (1913 — 1912) האָט אײַנגעשלאָסן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע עסקיזן, פֿאָרטרעטן מיט אַקוואַרעל, מיט אַ בלײַער, מיט דער פּען.

אין 1917 האָט ער פֿאַרענדיקט די קונסט־שול אויף בראָדסקיס נאָמען. דערנאָך טרעט ער אַרײַן אינעם מאָסקווער ״וכוטעמאַס״ אויף דעם מאָלערײַ־דעקאָראַטיוון פֿאַקולטעט, וווּ ער לערנט זיך בײַ לענטולאָוון, פֿעדאָראָווסקין און בײַ אַנדערע מײַסטערס.

פֿאַרשטייט זיך, אַז ער איז געווען פֿאַרכאַפּט פֿון די פֿאַרשיידענע ״יזמען״ אין יענער צײַט. ער איז אַ פֿאָרמאַליסט, אַ קוביסט, אַן אַבסטראַקציאָניסט.

אַלס גראַפֿיקער אַרבעט ער אין די צענטראַלע צײַטונגען, אַלס פּלאַקאַטיסט — מיט מאַיאַקאָווסקין אין ראָסטאַ־פֿענצטער. זיי פֿלעגן זיך פֿאַרמעסטן אין אַ שפּיל: ווער ס׳וועט פֿלינקער אַרופֿוואַרפֿן די שליאַפּע אויפֿן הענגער — וולאַדימיר וולאַדימיראָוויטש, אָדער איסאַק בעניטש. דער טאַטע איז קעסיידער געווען אין עפּיצענטער פֿון די געשעענישן. מיטן ווײַב, דער יונגער שיינהײַט, זעצט ער זיך אַרײַן אין אַ פּאַנצערצוג און פֿאָרט אַרום איבער די פֿראָנטן פֿונעם בירגערקריג (די מאַמע — אַ פּיאַניסטקע, דער טאַטע — דער קינסטלער פֿון אַגיטאַציאָנעלע מיני־ספּעקטאַקלען). זײַנער אַ פּלאַקאַט באַקומט אַ פּרעמיע אויף אַן אַלוועלטלעכער אויסשטעלונג.

און אָט עפֿנט זיך אין מאָסקווע דער ערשטער אין לאַנד ייִדישער מעלוכישער טעאַטער — גאָסעט. דער אָנפֿירער איז גראַנאָווסקי, אַ מענטש פֿון אייראָפּעיִשער קולטור. ראַביטשעוו פֿורעמט אויס אין די 20־קער יאָרן די ערשטע ספּעקטאַקלען: ״דער קאַרנאַוואַל פֿון ייִדישע מאַסקעס״, ״200.000״ (אין דער ראָל פֿון שימעלע סאָראָקער — מיכאָעלס), ״דרײַ פֿינטעלעך״, ״אַ געט״, ״דער אויפֿשטאַנד״.

עס קומען די 30־קער יאָרן. ראַביטשעוו שרײַבט פֿאָרטרעטן פֿון קאָלווירטלער, אַרבעטער, באַוווּסטע מענטשן, אַזעלכע ווי דער דערפֿינדער פֿונעם פּאַראַשוט גלעב קאָטעלניקאָוו, פֿון דעם אויטאָר פֿון ״50 יאָר אין דער אַרמיי״, גענעראַל איגנאַטיעוו, פֿון ר. קאַרמען, ק. סימאָנאָוו, ע. פּראַס, אַ סעריע פּרויען־פֿאָרטרעטן.

דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם שטויסט אַרויס אַנדערע ״יזמען״ ניט נאָר לויטן אינהאַלט, נאָר אויך לויט דער פֿאָרם. אין דער אָפּיציעלער פּרעסע פֿון יענער צײַט קריטיקירט מען און מע וואַרצלט אויס אַלץ, וואָס פֿאַרמאָגט אַ בולטע אינדיווידואַליטעט. ראַביטשעוו דערהאַרגעט געהאַרכזאַם אין זיך דעם קוביזם און דעם פֿוטוריזם. דאָס איז אָבער זײַן נאַטירלעכע אַנטוויקלונג. ער לײַדט, פֿאַרשטייט ניט, וואָס עס קומט פֿאָר, פֿרעגט בײַ זיך אַליין: ״וואָס וואָלט געווען, אויב אָנטאָן אויף דעם מיידלס קאָפּ פֿון דיוורערס פֿאָרטרעט אַ רויטע פּאַטשיילע — דאָס איז סאָצרעאַליזם?״

אין די 30־קער יאָרן נעמט מען אָן ראַביטשעוון אין דער מאָסקווער געזעלשאַפֿט פֿון סאָוועטישע קינסטלער (טעאַטראַלע סעקציע). ער פֿאָרט אַרום איבערן לאַנד און אַרבעט איבער ספּעקטאַקלען אין פֿאַרשיידענע טעאַטערס. 40 ספּעקטאַקלען האָט ער דאָן אויסגעפֿורעמט! אַ פֿרוכטבאַרער פּעריאָד אינעם לעבן פֿונעם קינסטלער איז געווען די אַרבעט אין ביראָבידזשאַן. איסאַק בעניטש האָט מיטן אייגנטימלעכן פֿאַר אים געזעלשאַפֿטלעכן טעמפּעראַמענט איינער פֿון די ערשטע זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער יונגער



יידישער געגנט, קעדיי שאפן א נאציאָנאלן טעאטער אַף א פוסט אָרט. דער קאָלעקטיוו איז געווען א יונגער, א מאָנאָליטער. געארבעט האָט מען מיט קאָלאָסאלן ענטוזיאַזם. אָנהייבנדיק פונעם 1936 ביז דעם 1938 זיינען אופגעפירט געוואָרן די ספעקטאקלען "טעוויע דער מילכיקער", "פיינט", "פייערן פונעם לייכט־טורעם", "דער מאָלצייט", "בלאָנדזנדע שטערן", "בויטרע".

קיינמאָל וועל איך ניט פארגעסן ווי דער טאטע האָט נאָך די גאסטראָלן, פארכלינענדיק זיך, דערציילט מיר און דער מאמען וועגן די ספעקטאקלען, באגלייטנדיק זיין דערציילונג מיט מעלאָדיעס פון די ספעקטאקלען. אָך, ווי עס האָבן געברענט זיינע אויגן! איך געדענק, אז ווען די רעזשיסערן האָבן געבעטן עפעס ענדערן אין די עסקיזן, האָט ער געבראכט מיט זיך ניט איין וואריאנט, נאָר צען. דער טאלאנט זיינער איז געווען אָן אויסערגעוויינלעך רייכער און דערפינדערישער.

עס ווילט זיך דערמאָנען די מענטשן, וועלכע האָבן ארומגערינגלט ראביטשעוון. געוויינלעך פלעגן צו אונדז אָפט קומען געסט. דער טאטע איז געווען א צוגעלאָזטער, גאסטפריינטלעכער מענטש.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די פאָטערלענדישע מילכאָמע, זיינען אלע טעאטערס זיך צעפאָרן אין עוואקואציע. ראביטשעוו קערט זיך אום צו דער פלאקאט־קונסט. די בעסטע פון זיינע ארבעטן — "נעקאָמע" (א פרוי איבער איר טויט קינד), "פון פאָלקס־נעקאָמע וועט דער סוינע זיך ניט ארויסדרייען!" (א גרופע פארטיזאנער אפן פאָן פון טליעס) — האָט מען ארויסגעהאנגען אין די גאסן, אַף די פארקנס, באוויזן אין דאָקומענטאלע פילמען.

מע האָט מאָביליזירט דעם טאטן ווי א פאָשעטן סאָלדאט, ווייל ער האָט פארלוירן זיין דאָקומענט וועגן הויכבילדונג. אינגיכן אָבער האָט מען אים אָפגעקאָמאנדירט אַף ארבעט אלס גראפיקער אין דער אָרטיקער צייטונג פון דער שטאָט איוואנאָוואָ.

אין 1947 האָט מיכאָעלס אים אָפגערופן פון דער ארמיי אַף דער שטעלונג פון איציק פעפערס "די זון פארגייט ניט". די נאָכמילכאָמעדיקע ספעקטאקלען אין גאָסעט זיינען געווען דורכגעזאפט מיט אָפטימיזם: ניט געקוקט אַף די שוידערלעכע פארלוסטן, לעבן מיר! דעם טאטן איז געווען נאָענט די דאָזיקע טעמע, ווייל זיינע עלטערן זיינען אומגעקומען אין באבי יאר.

אין די דאָזיקע יאָרן האָט ראביטשעוו זיך באזונדערס דערנעענטערט מיט מיכאָעלסן. לויט דער באשטעלונג פונעם יידישן אנטיפאשיסטישן קאָמיטעט האָט ער געשריבן דעם פאָרטרעט פונעם גרויסן ארטיסט.

אין 1952 איז געווען בא אונדז אָן אונטערזוכונג. מע האָט צוגענומען די קינסטלערישע אלבאָמען, די עסקיזן פון קאָסטיומען און פון דעקאָראציעס. מיכאָעלסעס פאָרטרעט האָט מען פארניכטעט.

געשטאָרבן איז איסאק בעניטש ראביטשעוו דעם 29 אפרעל 1957. ער איז געבראכט געוואָרן צו קווורע אַפן בעסוילעם לעבן דעם מאָסקווער קרעמאטאָרי באנאנד מיט דער פרוי קסעניא וולאדימיראָוונא, זיין געטרייען לעבנס־פריינט.




# וואָס לאָזט אונדז צו הערן דער ייִדישער לוח

ביז נאָך דער הײַנטצײַטיקער מענטש מיט זײַנע גראַנדיעזע פֿאַרטראַכטן און אונטערנעמונגען, נאָר אויך דער אוראַלטער מענטש מוז אָפּט אָפּלייגן זײַנע איניאַנים "אויף מאָרגן" אָדער "אויף איבערמאָרגן" און אויף נאָך שפּעטער. ער איז געצוווּנגען צו פּראָגראַמירן זײַנע אָפּגעלייגטע אַרבעטן אויף א פּינקטלעך באַשטימטער צײַט. קעדיי האָבן די מעגלעכקײַט איינצופּלאַנען די פּאַרפּליכטונגען, האָט דער מענטש געמוזט דערפֿינדן און אויסאַרבעטן און אַנערקענען מעכאַניזם, א צייל־סיסטעם, וועלכע זאָל זײַן מעסוגל אָביעקטיוו מעסטן די צײַט. אזא סיסטעם פֿון צײַט־ציילונג (אין דרײַ פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן) האָט דער מענטש אויסגעאַרבעט נאָך אין טיפֿן אַוואַר. דאָס איז געווען דער קאַלענדאַר[1] (אָדער אויף ייִדיש — דער לוח[2], וועלכער איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן אויפֿן סמך פֿון די קרײַז־באַוועגונגען פֿון די הימל־קערפּערס (לעוואָנע און זון).

דער אָנהייב פֿון די צײַט־ציילונג־וואַריאַנטן (קאַלענדאַרן) איז פֿאַרבונדן מיט פֿאַרשיידענע רעליגיעזע דאַטעס און גלויבונגען. די קריסטלעכע פֿעלקער, לעמאָשל, אַנערקענען צוויי קאַלענדאַרן — דעם יוליאַנישן און דעם גריגאָריאַנישן. ביידע פֿירן זייער אָנהייב פֿון קריסטוסעס (יעשוע האַנאָצרים) געבורטסטאָג. די קאַטויילישע און פּראַוואָסלאַווע קאָנפֿעסיעס באַצייכענען דעם דאָזיקן געבורטסטאָג מיט פֿאַרשיידענע דאַטעס, און דערפֿאַר פּײַערן זיי דאָס "נײַ־יאָר" אין פֿאַרשיידענע טעג. די אַראַבישע (איסלאַמישע) פֿעלקער פֿירן זייער צײַט־ציילונג פֿון דעם טאָג, ווען מוכאַמעד אַנטלאָפֿן פֿון מעקאַ קיין מעדינאַ (622־סטע יאָר לויט דער הײַנטצײַטיקער אייראָפּעיִשער צײַט־דערכענונג.

די ייִדישע צײַט־ציילונג רעכנט זיך פֿון בריאַס האָוילאָם — פֿונעם וועלט־באַשאַף, און זי ווערט באַצייכנט מיט די אותיות פֿון דעם ייִדישן אַלפֿאַבייס. צו די צוגעקומענע התדרטער און צענדליקער יאָרן ווערט צוגעשטעלט דער אָס "ה"", וואָס באַטײַט די צאָל "פֿינף" — פֿון די פֿינף טויזנט דורכגעגאַנגענע, אויסגערעכנטע און אָפּגעלייגטע יאָרן. הײַנטיקס יאָר איז "תשנ״ב". צולייגנדיק דעם "ה" באַקומט זיך דאָס 5752 יאָר. דאָס באַטײַט, אַז דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער צײַט־ציילונג איז פֿאָרגעקומען מיט 3760 — 3761 יאָר צוריק פֿאַר דער נײַער, הײַנטצײַטיקער יאָר־ציילונג.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, עקזיסטירן דרײַ פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן פֿון קאַלענדאַרן:

א. דער לעוואָנע־קאַלענדאַר,

ב. דער זון־קאַלענדאַר,

ג. דער לעוואָנע־זון קאַלענדאַר.

אין גרונט פֿון דעם לעוואָנע־קאַלענדאַר ליגט דער צײַט־אָפּשניט, בעמעשעך פֿון וועלכן עס קומט פֿאָר די "באַנײַונג" פֿון דער לעוואָנע — איר קרײַזלויף אַרום דער ערד. די באַאָבאַכטונגען האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער קרײַזלויף דויערט 29 מעסלעס, 12 שאָ, 44 מינוט און 2,8 סעקונדעס. אָט אזא צײַט־אָפּשניט האָט באַקומען דעם נאָמען כוידעש (פֿונעם העברעיִשן וואָרט חדש — כאָדאָש), וואָס עס באַטײַט "נײַער" — באַנײַונג פֿון דער לעוואָנע.

צוועלף אַזעלכע כאָדאָשים שטעלן מיט זיך פֿאָר דאָס לעוואָנע־יאָר, וואָס דויערט 354 טעג, 8 שאָ, 48 מינוט און 34 סעקונדעס.

אין יעסאָד פֿון דעם זון־יאָר ליגט דער קרײַזלויף פֿון דער זון אַרום דער ערד און איר אַקס, וועלכער דויערט 365 טעג — מיט 11 טעג מערער פֿון דעם לעוואָנע־יאָר.

דער געמישטער קאַלענדאַר (דאָס לעוואָנע־זון־יאָר) גלײַכט אויס דעם צײַט־אונטערשייד צווישן די צוויי וואַריאַנטן מיט דער הילף פֿון אײַנפֿירן א צוגאָב־כוידעש. ווען דאָס יאָר אַנטהאַלט ניט 12, נאָר 13 כאָדאָשים, רופֿט זיך עס אָן "איבער־יאָר". ס'זאָל ווערן מעגלעך אזא צוגאָב־כוידעש, מוז מען די יאָרן פֿאַרמידן אין געוויסע ציקלען. אין ייִדישן קאַלענדאַר איז

---

[1]. דאָס וואָרט קאַלענדאַר, שטאַמט פֿון דעם לאַטײַנישן וואָס עס באַטײַט דער "כוווּעס־בוך". אין אַלטן רוים איז געווען אײַנגעפֿירט, אַז די באַלע־כווּועס האָבן געמוזט צאָלן די פּראָצענטן אין די "קאַלענדע"־טעג, דה. אין די ערשטע טעג פֿון דעם נײַעם כוידעש, נאָכן באַווײַזן זיך פֿונעם מוילעד.

[2]. "לוחי" (לוחה) באַטײַט א טאָוול. אין די אוראַלטע צײַטן, ווען ס'איז נאָך ניט געווען קיין פּאַפּיר און קיין פּאַרמעט, פֿלעגט מען שרײַבן אויף הילצערנע אָדער ליימענע טאָוולען. די דאַטעס און די וויכטיקסטע געשעענישן פֿלעגט מען פֿאַרשרײַבן אויף אַזעלכע לוכעס.

אָנגענומען געוואָרן דער 19־יאָריקער ציקל, וועלכער באַשטייט פון 12 פּאַשעטע יאָר און זיבן איבער־יאָר. די לעצטע פאַרנעמען אין דעם ציקל די פאָלגנדע ערטער: 17, 19, 3, 6, 8, 11, 14.

דער יידישער לוח איז איינער פון די קאָמפּליצירטסטע. לעבאַטכילע האָט ער זיך באַזירט אויף דער לעוואָנע־צייט־ציילונג, די כאָדאָשים האָבן ניט געהאַט קיין נעמען (אין כומעש ווערן זיי באַצייכנט לויט דער נומער־אָרדענונג). דאָס יאָר איז באַשטאַנען פון 354 טעג. פאַר דעם אָנהייב פונעם כוידעש (ראָש־כוידעש) איז אָנגענומען געוואָרן דאָס באַווייזן זיך פון דעם מוילעד — דה. דער מאָמענט, ווען אויף דעם הימל פלעגט זיך באַווייזן דאָס שמאָלע פּאַסיקל פון דעם לעוואָנע־סערפּ. אין אַלע שטעט פון דעם אַלטן ערעץ־ייִסראָעל פלעגן זיצן אויף די דעכער פון די טורעמס אויסקוקער (צופים), און אין דעם מאָמענט, ווען זיי פלעגן באַמערקן די ערשטע סימאָנים פון דעם נייעם לעוואָנע־סערפּ, פלעגן זיי בלאָזן אין שויפער, און ספּעציעלע קוריערן (רצים — ראַצים) פלעגן איבערגעבן די ידיעה.

שפּעטער האָבן די כאָדאָשים באַקומען זייערע נעמען, וועלכע עקזיסטירן אַזהייַנט.

אין די שפּעטערדיקע צייטן, אין ערעך אין 4־טן יאָרהונדערט פאַר אונדזער ערע, האָט זיך אָנגעהויבן די טראַנספאָרמאַציע פונעם לעוואָנע־קאַלענדאַר אין דעם לעוואָנע־זון־קאַלענדאַר. די רעפאָרם איז געוואָרן נייטיק קוידעמקאָל צוליב דעם, וואָס יעציאַס מיצראַים, דער עקזאָדוס פון עגיפּטן, איז פאָרגעקומען אין 15־טן טאָג פון דעם ערשטן (פרילינג)־כוידעש (וועלכער האָט דערנאָך באַקומען דעם נאָמען ניסן). אין אָנדענק פון דער היסטאָרישער דאַטע פייערט מען דעם יאָמטעוו פּייסעך. קעדיי דער דאָזיקער כוידעש זאָל שטענדיק אויספאַלן אויף אָנהייב פרילינג, האָט מען געמוזט ענדערן די צייט־ציילונג און דורכפירן די אָנגעוויזענע רעפאָרם.

דאָס אייגענע האָט א שייכעס צום יאָמטעוו סוקעס, וועלכער פאַלט זיך צונויף מיט דעם כאַג האָאָסיף, דעם יאָמטעוו, וואָס איז געווידמעט דעם אַראָפּנעמען פון דער גערעטעניש אויף די פעלדער. קעדיי אַז דער יאָמטעוו זאָל שטענדיק אויספאַלן אין סאָף פונעם זיבעטן כוידעש, האַרבסטצייט, האָט מען אויך געמוזט צופּאַסן דעם אַלטן לעוואָנע־קאַלענדאַר צו דער צייט־ציילונג לויטן זון־יאָר.

ראָש האַשאָנע און פּייסעך מוז מען, לויט דער טראַדיציע, פייערן נאָר אין געוויסע טעג פונעם יאָר (ראָש האַשאָנע טאָר מען ניט פייערן זונטיק, מיטוואָך און פרייטיק). דאָס ווירקט אויף דעם דויער פונעם יאָר. עס מאַכן זיך יאָרן, וועלכע זיינען פאַרקירצט אויף איין טאָג (שנה חסירה — שאָנאָ כאַסיידאָ). אין אַזאַ יאָר זיינען פאַראַן נאָר 353 טעג. אַנדערע יאָרן פאַרמאָגן אַ נאָרמאַלע צאָל טעג (שנה חסדרה — שאַנאַ קעסידרא) — 354 טעג און, ענדלעך, יאָרן מיט אַ פולער צאָל — 365 טעג (שנה שלמה — שאָנאָ שליימאָ). אין העסקעם מיט אַז דער דערשיינונג בייט זיך אויך דער דויער פון די איבער־יאָרן — 383, 384 און 385 טעג.

אין די "איבער־יאָרן" איז אַריינגעשטעלט אַ דרייַצנטער כוידעש אָדאָר "א". דער געוויינלעכער אדאר רופט זיך דעמלט "אדאר" "ב". דער כוידעש אָדאָר "ב", ווי אויך דער געוויינלעכער אָדאָר אין דעם פּאַשעטן יאָר באַשטייט פון 29 טעג.

אַז די אַלע אויסרעכענונגען, וועלכע זיינען אַריין אין יידישן לוח, האָבן געדויערט לאַנגע דורות, און ערשט אין 359 יאָר פון דער נייער ערע האָט זיי פאַרעפנטלעכט ראַבי הילעל דער צווייטער. פון דעמלט אָן ביז הייַנטיקן טאָג זיינען זיי פאַרבליבן אומפאַרביטן.

, דער מעטלעס אין יידישן קאַלענדאַר הייבט זיך אָן אין אָוונט און ציט זיך 24 שאָ ביז צו דעם קומענדיקן אָוונט — פון שקיע ביז שקיע.

דער אָוונט פון דעם מוילעד צוזאַמען מיט דעם קומענדיקן טאָג שטעלן צונויף, אַזוי־אַרום, דעם ערשטן טאָג פון דעם נייעם כוידעש — "ראָש כוידעש". דער דאָזיקער טאָג איז פאַר דעם גלויביקן יידן אַ האַלבער יאָמטעוו. אין דער סודרע געפינען מיר וועגן דעם אַזעלכע ווערטער: "אין די ראָש כוידעש־טעג זאָלט איר בלאָזן אין די טרומייטערס בייַ די קאָרבאָנעס־רישואלן (...) און זאָל דאָס זיין אייַער דערמאָנונג אין גאָט..."

די ראָשיי־כוידעש האָבן באַקומען פאַר די גלויביקע אַ באַזונדערע באַדייַטונג. ווען די יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין די גאָלעס־לענדער און עס זיינען באַטל געוואָרן די קאָרבאָנעס, קעדיי מע זאָל ניט פאַרגעסן אָפּמערקן די טעג פון ראָש כוידעש, זיינען אַריינגעפירט געוואָרן ספּעציעלע טפילעס, מיט וועלכע די יידן בענטשן דעם אָנקומענדיקן כוידעש. דאָס קומט פאָר אין לעצטן שאַבעס פון דעם אויסגייענדיקן כוידעש. אין יידישן לוח ווערט די דאַטע פון דעם דאָזיקן שאַבעס אויסגעטיילט אַזוי: "שבת מברכין (שאַבאָס מעוואָרכין)" — "דער שאַבעס פון בענטשן דעם כוידעש ראָש כוידעש"... דער מוילעד פאַלט אויס, לעמאָשל, דינסטיק, אַזוי און אַזוי שאָ... מינוט ... סעקונדעס. אַז די פראַגע, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך די גענויע דעם מוילעד און פון ראָש כוידעש, ווערט הויך איבערגעלייענט פאַר די מיטפּאַלעלים בייַ דער טפילע פון בענטשן דעם כוידעש.

יעדער כוידעש אין יידישן לוח האָט זיין זאָדיאַק־צייכן (זיין מאַזל). פון די אוראַלטע צייטן איז אָנגענומען די 12 סימאָנים פון דעם "זאָדיאַק־געשטערן" מיט סימבאָלן: 1) מאזנים (מעאָזנאַיִם) — די וואָג; 2) "עקרב" (אַקראָוו) — דער סקאָרפּיאָן; 3) "קשת" (קעשעס) — דער שיסער פונעם פיילנבויגן; 4) "גדי" (געדי) — די דאָרעם־טראַפּיקע ציג (קאָזעראָג); 5) "דלי" (דעלי) — דער וואַסער־טרעגער; 6) דגים (דאָגים) — דער פיש; 7) "טלה" (טעלע) — דער קאַלב; 8) שור (שויר)

— דער ביק; 9) תאומים (טעוימים) — דער צווילינג; 10) סרטן (סארטאן) — דער ראק; 11) אריה (אריע) — דער לייב; 12) בתולה (בסולע) — די יונגפרוי.

די דאָזיקע 12 זאָדיאַק־סימאַנים זײַנען אײנצײַטיק געװען די עמבלעמען פֿון די 12 ייִסראָעל־שװאָטים, װעלכע פֿירן זייער גענעאַלאָגיע פֿון יאַנקעװ אָװינו.

דער ערשטער כוידעש פֿון דעם לויעך רופֿט זיך תשרי (טישריי). געװײנלעך אַנטשפּרעכט ער דעם כוידעש סעפּטיאַבער. ס׳מאַכט זיך אָבער, אַז ער פֿאַלט אויס אין אָקטיאַבער. דער זאָדיאַק־סימען פֿון טישריי איז מאָזנײַם — "די װאָג", װאָס עס איז דער סימבאָל פֿון ראָש האַשאָנע — פֿון דעם יוים האַדין — פֿון דעם מישפּעט־טאָג, װען עס װערן אויסגעלײגט אַף די װאָגשאָלן אַלע גוטע און שלעכטע מײַסים פֿון דעם מענטשן. עס װערט אַרויסגעטראָגן דער פּסאַק־דין. די װאָג איז די עמבלעמע פֿון דעם שײװעט עפֿראַיִם. די ערשטע צװײ טעג פֿון כוידעש טישריי זײַנען די ערשטע טעג פֿון דעם נײַעם יאָר און זיי רופֿן זיך ראָש האַשאָנע.

דער פֿערטער טאָג פֿון כוידעש טישריי װערט אָפּגעמערקט װי אַ פֿאַסט־טאָג, געװידמעט דעם פֿאַרטערטיש דערהאַרגעטן אין 3339 יאָר (אין 422 יאָר פֿאַר דער נײַער ערע) געדאַליאַהו בען אַכיקאַם, װעלכער איז געװען דער אָנפֿירער פֿון דער יערושאַלאַיִמער קעהילע נאָכן כורבן פֿון דעם ערשטן בייס־האַמיקדאָש; נאָך זײַן טויט איז פֿאַרניכטעט געװאָרן די גאַנצע ייִדישע קעהילע אין ייִסראָעל.

צען טעג, פֿון דעם ערשטן טאָג ראָש האַשאָנע ביז דעם צענטן — יאָמקיפּער, זײַנען טעג פֿון טשוּװע. אין אָט די טעג גיט אָפּ יעדער ייִד אַ דין־װעכעשבן װעגן זײַנע מײַסים, װאָס איז געטאָן געװאָרן אין פֿאַרגאַנגענעם יאָר.

דער צענטער טאָג טישריי איז יוים האַכיפּורים — יאָמקיפּער, דער טאָג פֿון מעכילע, װען עס װערן פֿאַרגעבן די זינד פֿון דעם יאָכיד און פֿון דעם גאַנצן פֿאָלק. אין דעם טאָג זאָגט מען אין די שילן ייִזקער, אַ ספּעציעלע דערמאָנונג־טפֿילע װעגן די עלטערן, נאָענטע און די קדוישים, װעלכע זײַנען אומגעקומען אין דער אײביקייט.

דער פֿינפֿצנטער טאָג פֿון טישריי איז דער אָדרויב — דער ערשטער טאָג — פֿון דעם 8־טאָגיקן יאָמטעװ סוקעס. ער סימבאָליזירט די װאַנדערונגען פֿון די ייִדן אין מידבער נאָך זייער אַרויסגיין פֿון מיצראַיִם. דאָרט, אין מידבער, האָבן זיי געלעבט אין בודן, געמאַכטע פֿון צװײַגן און באַדעקטע מיט סכאַך. דאָס איז דער יאָמטעװ פֿונעם שניט, פֿון אַראָפּנעמען די געװיקסן פֿון די פֿעלדער. װעגן דעם איז אָנגעזאָגט געװאָרן אין דער טוירע:

"און ערשטן טאָג זאָלט איר נעמען די שענסטע פֿרוכטן פֿון דעם עץ הדר (אײץ האַדער), פֿון דעם עסרעג־בוים..., און צװײַגן פֿון פּאַלמעס, פֿון געדיכט־בלעטערדיקע ביימער און פֿון טײַך־װערבעס, און איר זאָלט זיך פֿרייען זיבן טעג (...) און סוקעס זאָלט איר זיצן זיבן טעג (...), כדי די קומענדיקע דורות זאָלן װיסן, אַז איך האָב אײַך באַזעצט אין בודן (סוקעס), װען איך האָב אײַך אַרויסגעפֿירט פֿון מיצראַיִם. איך בין אײַער גאָט".

אין אָנדענק פֿון די טעג פֿילן אויס די מיצװע פֿון "זיצן אין די סוקעס" אײַך די ייִדן אין דער דיאַספּאָרע. אין די סינאַגאָגעס זאָגן די מיתפּאַלעלים האַלעל (אַ ספּעציעלע לויב־טפֿילע) און בענטשן דעם לולעװ און דעם עסרעג.

דער צװאַנציקסטער טאָג פֿון כוידעש טישריי איז דער אַכטער טאָג פֿון סוקעס. מע רופֿט אים "שמיני עצרת" (שמיני אַצערעס"), דער אַכטער "פֿאַרהאַלטענער" טאָג. אין ערעץ־ייִסראָעל פֿאַלט זיך צונויף דער טאָג מיט סימכעס־טוירע — "פֿרייען זיך מיט דער טוירע". אין דעם טאָג קומען אין די באַטעמעדראָשים קינדער, יונג און אַלט, מע גייט האַקאָפֿעס, "דאָס מײַנט — אַ קאַראַהאָד מיט די טוירעס אין די הענט". אין דעם טאָג לײענט מען די לעצטע פּאַרשע פֿון דער טוירע, און באַלד נאָך דעם לײענט מען װידער — נאָר שוין די ערשטע פּאַרשע פֿון בערייִשיס. אין די גאָלעס־לענדער פּראַװעט מען סימכעס־טוירע צומאָרגנס נאָך שמיני אַצערעס.

דער צװײטער קאַלענדאַר־כוידעש רופֿט זיך כעשװאָן. ער אַנטשפּרעכט דעם כוידעש אָקטיאַבער (װײַער יעלטן — נאָיאַבער), זײַן זאָדיאַק־צײכן איז דער סקאָרפּיאָן — די עמבלעם פֿונעם שײװעט מענאַשע. אין דאָזיקן כוידעש האָט שלוימע האַמעלעך פֿאַרענדיקט בויען דעם בייס־האַמיקדעש.

דער דריטער קאַלענדאַר־כוידעש רופֿט זיך קיסלעװ, ער אַנטשפּרעכט דעם כוידעש נאָיאַבער, — זײַן זאָדיאַק־סימען איז קעשעס — דער פֿײַלנבויגן־שיסער, די עמבלעם פֿונעם שײװעט בינאָמין. אַכט טעג — אָנהייבנדיק פֿון 25־טן טאָג אין כוידעש קיסלעװ און ביז דעם 2־טן טאָג אין כוידעש טײװעס — פּײַערט מען דעם יאָמטעװ כאַנוקע, װעלכער איז געװידמעט דעם אָנדענק פֿון די מאַקאַבייער, די באַפֿרײַער פֿון ייִסראָעל פֿון דער גריכיש־סירישער הערשאַפֿט. בײַם באַפֿרײַען דעם בייס־האַמיקדעש האָט מען, לויט דער מעסירע, געפֿינען אין זײַנע כורװעס אַ קריגל מיט בוימל, װעלכן מע פֿלעגט אויסנוצן צו באַלײַכטן די צימערן פֿונעם פּאַלאַץ. געװײנטלעך װאָלט דאָס קריגל מיט בוימל געסטײַעט אינגאַנצן אַף איין נאַכט. נאָר דאָ האָט געטראָפֿן אַ נעס — דער בוימל האָט געברענט גאַנצע אַכט מעת־לעת. דעריבער איז אײַנגעפֿירט געװאָרן דער מינהעג — אַכט נעכט צינדן כאַנוקע־ליכטלעך, יעדע נאַכט מיט איין ליכטל מערער, אײדער נעכטן.

טײװעס איז דער פֿערטער קאַלענדאַר־כוידעש. ער אַנטשפּרעכט דעם כוידעש דעקאַבער. זײַן זאָדיאַק־סימען איז די דאָרעם־טראַפּיקע ציג (קאָזעראָג) — די עמבלעם פֿונעם שײװעט דאַן.

אין צענטן טאָג פון דעם דאָזיקן חודש, אין 589־טן יאָר פאַר דער נײַער ערע האָט נעבוכדנעצער אָנגעהויבן די באַלאַגערונג פון ירושלים. אין זייכער פון די טראַגישע געשעענישן איז אײַנגעפירט געוואָרן אין דעם טאָג צו פאַסטן.

דער צוואַנציקסטער טאָג פון טבֿת איז געווידמעט דעם אָנדענק פון איינעם פון די גרעסטע ייִדישע חכמים און פילאָסאָפן — ראַבײנו מֹשה בען מײמאָן (רמב״ם). ער איז געבוירן געוואָרן אין 1135 אין דער שפּאַנישער שטאָט קאָרדאָווע און איז ניפטער געוואָרן אין 1204 אין עגיפּטן.

דער פינפטער קאַלענדאַר־חודש שבֿט — אָנטשפּרעכט דעם חודש יאַנואַר. זײַן זאָדיאַק־סימען איז דעלי, דער "וואַסערטרעגער" — די עמבלעם פון שבֿטים אָשר.

דער פופצנטער טאָג פונעם חודש ("ט״ו בשבֿט") איז אַ האַלבער יאָמטעוו. ער רעכנט זיך ווי ראָש השנה פאַר די ביימער. דער יאָמטעוו ווערט אַדהײַעם אָפּגעהיט אין אַלע גאָלעס־לענדער ווי אַ סימבאָל פון דעם אומצערײַסבאַרן קשר צווישן דעם ייִדן מיט דער נאַטור פון זײַן ווײַט היסטאָרישן פאָטערלאַנד. אין ערעץ־ישׂראל קומען פאָר אין דעם טאָג מאַסן־פלאַנצונגען. קליין און גרויס נעמען אָנטייל אין פלאַנצן סעדער און וועלדער.

אָדאָר איז דער זעקסטער קאַלענדאַר־חודש, ער פאַלט אָפּט צונויף מיט פעברואַל (און די "איבער־יאָרן" — מיט יאַנואַר). זײַן זאָדיאַק־סימען איז דאָגים. דער "פיש" — די עמבלעם פונעם שבֿטים נאַפטאָלע.

לויט דער מסורה איז אין זיבעטן טאָג פון אָדאָר געבוירן געוואָרן און איז געשטאָרבן מֹשה רבינו.

אין מידרעש ווערט געזאָגט: "אַז עס קומט אָן דער חודש אָדאָר, טוט מען זיך אַלץ מער פרייען, מע טרינקט ווײַן און מע ווינטשט זיך אין קומענדיקן יאָר זיך טרעפן אין ירושלים.

די שׂימחה איז פאַרבונדן קודעמקאָל מיט דעם נעס, וועלכער איז געשען דעם פערצנטן טאָג פון אָדאָר, ווען אַכאַשווייראָש, דער קיניג פון פערסיע, האָט אַנולירט זײַן פריערדיקן גזר — אומצוברענגען אַלע ייִדן. וועגן די דאָזיקע געשעענישן דערציילט מגילאַס־עסטער. די מגילע לייענט מען אין אַלע שולן אין אָוונט, ערעוו פּורים און צומאָרגנס אינדערפרי. די ייִדן שיקן איינער דעם אַנדערן מאַטאָנעס — "שאַלאַכמאָנעס". עס קומען פאָר מאַסקאַראַדן און פאָרשטעלונגען, וועלכע רופן זיך "פּורים־שפּילן".

נאָך דעם חודש אָדאָר קומט אָן דער פרילינג־חודש ניסן (ביז דעם, ווי די כאַכאָמים האָבן באַקומען זייערע נעמען, האָט זיך ניסן גערעכנט פאַרן ערשטן חודש פונעם יאָר). אָנטשפּרעכט דעם אײראָפּעיִשן חודש מאַרט, אָדער אַפּריל. זײַן זאָדיאַק־סימען איז דער "קאַלבּ", וועלכער איז געווען די עמבלעם פונעם שבֿטים יעהודע.

פון דעם 15־טן ביזן 22־טן טאָג ניסן פײַערט מען דעם יאָמטעוו פּייסעך. דאָס איז דער עלטסטער ייִדישער יאָמטעוו, פון אים הייבט זיך אָן די היסטאָריע פונעם ייִדישן פאָלק, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פאַרשקלאַפונג אין דעראָבערט פרײַהײַט.

ערעוו פּייסעך באַנאַכט פראַוועט מען דעם סידער — דאָס איז אַ יאָמטעוודיקע וועטשערע, בײַ וועלכער מע לייענט די האַגאָדע פון פּייסעך און מע פּילט אויס אַ רײ רימועלע מינהאָגים אין אַ געוויסער אָרדענונג (סדר). אין דער דיאַספּאָרע פירט מען דעם סידער צוויי נעכט נאָכאַנאַנד: אין דער אָוונט־טפילע "ערבֿית" (אַרווים) איז אײַנגעפירט אַ צייגאָב־טפילע, וועלכע פילט אויס דעם אָנזאָג פון דער סידרע "ספירת העומר" (ספיראַס האָימער) דאָס ציילן די טעג פון די קומענדיקע זיבן וואָכן — 49 טעג, וועלכע טײלן אָפּ דעם ערשטן טאָג פּייסעך פון דעם ערשטן טאָג שבֿועס.

נאָכן חודש ניסן קומט אָן דער אַכטער חודש אייער. זײַן זאָדיאַק־סימען איז דער שויר — דער "ביק", די עמבלעם פון דעם שבֿטים איסאָסכאַר. דער חודש אָנטשפּרעכט אַפּריל — מײַ. אין זײַן אַכצנטן טאָג פאַלט אויס לאַג בעוימער — דער 33־טער טאָג נאָכן ערשטן טאָג פון פּייסעך. לויט דער מסורה האָט זיך אין דעם טאָג אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד פון די ייִדן אונטער דער אָנפירונג פון באַר־קאָכבאַ קעגן דער רוימישער אימפּעריע. אין זעלבן טאָג איז אומגעקומען דער באַגײַסטערטער אָנפירער פונעם קאַמף שימען באַר יעכיאַ. עס ווערט אויך דערציילט, אַז אין דעם טאָג האָט זיך פאַרענדיקט די כאָלערע־עפּידעמיע צווישן ראַבי אַקיבאַס שילער. אין אָנדענק פון אָט די אַלע געשעענישן פײַערט מען דעם טאָג אין אַלע ייִדישע יישובֿים.

דער נײַנטער חודש סיוון אָנטשפּרעכט דעם חודש יוני. זײַן זאָדיאַק־סימען איז טעוימים, "דער צווילינג" — די עמבלעם פונעם שבֿטים זבֿולון.

אין זעקסטן און אין זיבעטן טאָג פון דעם דאָזיקן חודש פײַערט מען דעם יאָמטעוו שבֿועס, וועלכער קומט פאָר אין 50 טעג אַרום נאָך פּייסעך.

ווי דאָסראָוו ייִדישע יאָמטויווים האָט שבֿועס צוויי אַספּעקטן. איינער פון זיי איז פאַרבונדן מיט דער נאַטור, מיטן לאַנד, מיט דער מי פון דעם פאָלק און קודעמקאָל פון די ערדאַרבעטער. דער יאָמטעוו רופט זיך אָן אין דער סידרע חאַג האַביקורים — דער יאָמטעוו פון ערשט־געוואָרענע פרוכטן, וועלכע די ייִדן פלעגן ברענגען קיין ירושלים. וועגן דעם יאָמטעוו לייענען מיר אין דער סידרע:

„נאָך דעם ערשטן טאָג פּייסער זאָלט איר אָפּציילן פופציק טעג (...) אין דעם זעלבן טאָג זאָלט איר מאַכן א הייליקע צונויפזאמלונג. קיין שום ארבעט זאָלט איר ניט טאָן. און זאָל דאָס זיין א געזעץ פאר די אלע קומענדיקע דורדעס אין אלע אייערע וווינערטער. און אז איר וועט שניידן די שניט פון אייער ערד, זאָלט איר ניט אָפּשניידן אלץ ביזן סאָף פונעם פעלד אייערן. און דאָס, וואָס איז פארבליבן אף דער ערד, זאָלט איר ניט אופקלייבן. לאָזט דאָס אלץ איבער פאר דעם אָרעמען מאַן און פאר דעם גער, וועלכע וווינען צווישן אייך“.

ווי עס דרינגט ארויס פון אָט די פּסוקים, איז דער דאָזיקער אספּעקט איינער פון די גרויסמוטיקסטע אין דער יִידישער טראדיציע. ער איז פול מיט ליבע צו דער נאַטור, צו דער ערד, און ער אנטהאלט אין זיך זאָרג און מיטלייד צו די אָרעמע מענטשן, אריינגערעכנט די „פרעמדע“ (די גירים), וועלכע האָבן אין די אוראלטע צייטן געוווינט צווישן די יִידן אין זייער לאַנד.

דער צווייטער אספּעקט פון דעם יאָמטעוו איז פארבונדן מיט דער יִידישער רעליגיע. לויט דער מעסורע איז שוועס דער טאָג פון מתן תורה (מאַטאַן טוירע) — פון „שענקען די טוירע“. אין אָט דעם טאָג האָט מוישע ראַבייִנו דאָס צווייטע מאָל „געשענקט“ די צוויי לוחות הברית (לוכוס האַבריס), די צוויי לוכעס מיט די צען געבאָטן, וועלכע זיינען דער גרעסטער יעסאָד פון דעם יִידישן גלויבן, פון דער יִדישער און אלוועלטלעכער מאָראַל.

דער צענטער כוידעש טאַמוז אנטשפּרעכט דעם כוידעש יול. זיין זאָדיאַק־סימען איז דער אקראַו — דער „סקאָרפּיאָן“ — די עמבלעם פונעם שייוועס רעזוון.

דער פינפטער טאָג פון טאַמוז איז אריין אין דער געשיכטע ווי דער טאָג פון א העסלעכער אקציע, וועלכע איז אויסגעפירט געוואָרן אין פראנקרייך קעגן דער יִדישער קולטור און קעגן דער יִדישער רעליגיע. לויט באפעל פון דעם פראנצייזישן קייסער לוי, האָבן סאָלדאטן פארברענט 12 וואָגנס מיט הייליקע ספאָרים (סייפער־טוירעס און בענדער פונעם טאַלמוד).

דער זיבעצנטער טאָג פון טאַמוז איז א טרויער־טאָג, א טאָג פון פאַסטן און פּייניקן זיך. אין אָט דעם טאָג, אין 3828 יאָר בייס דער באלאגערונג פון יערושאָלאַיִם, האָבן די רוימער צעבראָכן די וואַנט, וואָס האָט ארומגערינגלט די הייליקע שטאָט. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם גרויסן כורבן פון ערעץ־יִיסראָעל און פון דעם גייִרעש פון די יִידן.

דריי וואָכן — פון דעם זיבעצנטן טאַמוז און ביז דעם נייִנטן טאָג פון דעם קומענדיקן כוידעש — אָוו — זיינען טרויער־טעג. די דאָזיקע טעג טאָר מען ניט מאַכן קיין שום פאמיליע־סימכעס, מע טאָר זיך ניט שערן און אָנטאָן נייע קליידער.

דעם 29־טן טאָג פון טאַמוז מערקט מען אָפּ דעם יאָרצייט פונעם הייליקן אָנדענק פון דעם קאָמענטאטאָר פון דער טוירע, פונעם טאַנאַך און טאַלמוד ראַבייִנו שלוימע יִיצכאָקי (ראַשי), וועלכער האָט געלעבט און געשאפן אין פראנקרייך (1140 — 1050 פון דער נייער ערע).

דער עלפטער קאַלענדאַר־כוידעש אָוו אנטשפּרעכט דעם „לייב“ — די עמבלעם פונעם שייוועס סימען.

פון דעם ערשטן טאָג פון כוידעש אָוו און ביז דעם נייִנטן טאָג, אייִנשליסלעך, הערשט אין יִדישן שטייגער־לעבן דער טרויער אין אָנדענק פונעם כורבן. אין די טעג איז פארבאָטן צו עסן פלייש און טרינקען וויין.

דער נייִנטער טאָג פון אָוו איז דער טרויעריקסטער פון דעם יאָר. אין דער זעלבער דאַטע זיינען כאָרעוו געוואָרן ביידע בייס־האַמיקדעשן: דעם ערשטן האָבן אומגעבראַכט די וואַווילאָנער אונטער דער אָנפירונג פון נעווכאַדנעצערן אין 585־טן יאָר פאר דער נייער ערע. דעם צווייטן — די רוימער אונטער דער אָנפירונג פון טיטוסן אין 70־טן יאָר פאר דער נייער ערע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיינען א סאַך מאָל פאָרגעקומען פארשיידענע אומגליקן און אקציעס קעגן די יִידן, גראָד טישעבאָוו. אין אָט דעם טאָג פאַסט מען. באַנאַכט לייענט מען די מעגילע „אייכאָ“ און צומאָרגנס אינדערפרי די קינעס (עלעגיעס), געווידמעט דער גרויזאַמער טראַגעדיע, וועלכע איז אויסגעפאלן אפן גורל פונעם יִדישן פאָלק.

דער לעצטער, צוועלפטער כוידעש אין יִידישן קאַלענדאַר, איז עלול. ער אנטשפּרעכט סאָף אויגוסט — אָנהייב סעפּטיאַבער. זיין זאָדיאַק־סימען איז די בסולע („יונגפרוי“) — דער סימבאָל פון דעם שיזועס גאַד.

דער כוידעש עלול איז די צייט פון טשוווע. די גלויביקע „פּאַרטראַכטן“ זיך, הייבן זיך אָן פאַרנעמען מיט זעלבסטקריטיק, פּרוּוון מאַכן אַן איבערשאַצונג פון די מייסים, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן בעמעשעך דעם פאַרגייענדיקן יאָר. דאָס איז דער כוידעש פון אָנהייב, פון כאַראָטע, פון טפילע און צדאָקע, ווייל אינגיכן קומט שוין דער אָנהייב פונעם נייעם יאָר — פון ראָש האַשאָנע, פון דעם יוים האַדין.

אין דער טוירע זיינען פאַרשריבן פיל אנדערע געשעענישן און דאַטעס, וועלכע האָבן א באַדייטונג פאַר אונדזער פאָלקס־געשיכטע. אָף זיי אלע איז ניט מעגלעך זיך אָפּשטעלן אין א קורץ ארטיקל. אָבער אייניקע מוז מען דאָ אָפּמערקן.

קוידעמקאָל — דער זיבעטער טאָג פון דער וואָך איז שאַבעס. ער איז פאַרשריבן אין די אסערעס האַדיברים, ווי איינער פון די וויכטיקסטע געבאָטן. ער שטייט אף דעם צווייטן אָרט — נאָך דעם געבאָט פון יעציאַס מיצראַיִם, און קלינגט אזוי:

„זכויר עס יוים האַשאַבאָס לעקאַדשוי. שיישעס יאָמים טאַאַוויד וועאָסיסאָ. קאָל מעלאַכטעכאָ. וועיוים האַשוויי לו טאַאַסעכל מעלאַכאָ אַטאָ אַווינכאָ וועאַמאַסכאָ אוּבעהעמטעכאָ וועגייִרכאָ אשער בישעאָרעכאָ“ („געדענק דעם טאָג פון

# קינסטלער

# איסאַק ראַביטשעוו

## 1957 — 1896



אַן עסקיז פון אַ קאָסטיום צום ספעקטאַקל "זאַגמוק", רעזשיסער ע. לויטער, כאַרקאָווער גאָסעט, 1924

Эскиз костюма к спектаклю “Загмук”, режиссер Э. Лойтер, Харьковский ГОСЕТ, 1921г.

אַ מאַקעט פון דער דעקאָראַציע צום ספעקטאַקל "זאַגמוק", רעזשיסער ע. לויטער, כאַרקאָווער גאָסעט, 1924



Макеты декораций к спектаклю “Загмук”, режиссер Э. Лойтер, Харьковский ГОСЕТ, 1924г.

ש. מיכאָעלס — רעב אלטער אין דער אופירונג ״מאזלטאָוו״, מעלוכישער ייִדישער קאמער=טעאטער,1921




С. Михоэлс в роли реб Алтера ("Мазлтов" по Шолом-Алейхему), ГОСЕКТ, 1921г., Б., уголь



אַן עסקיז פון אַ קאָסטיום צום ספעקטאַקל ״זאַגמוק״, רעזשיסער ע. לויטער, כאַרקאָווער מעלוכישער ייִדישער טעאַטער (גאָסעט), 1924

Эскиз костюма к спектаклю “Загмук”, режиссер Э. Лойтер, Харьковский ГОСЕТ, 1924г. Б., Монотипия



אַן עסקיז פון אַ קאָסטיום צום ספעקטאַקל ״זאַגמוק״, רעזשיסער ע. לויטער, כאַרקאָווער גאָסעט, 1924

Эскиз костюма к спектаклю “Загмук”, режиссер Э. Лойтер, Харьковский ГОСЕТ, 1924г. Б., Монотипия

## Художник

# Исаак Рабичев

**1896-1957**

**די באגריסונג וו. ע. מייערכאָלדן אין צוזאמענהאנג מיט זײַן 25־יאָריקער שעפערישער טעטיקײַט**




**Приветствие В.Э. Мейерхольду в связи с 25-летием его творческой деятельности. Б., тушь**

שאבעס און מאַך אים הייליק. זעקס טעג זאָלסטו זיך מיִען און טאָן דײַנע אַלע אַרבעטן. נאָר אין דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו ניט טאָן קיין שום אַרבעט — דו, דײַן זון, דײַן קנעכט, דײַן דינסט, דײַנע בעהיימעס און דײַן גער, וועלכער וווינט אין דײַנע טויערן״...).

דער פּאָסטולאַט פּתעם ייִדישן גלויבן איז איינער פון די וויכטיקסטע. ער האָט א באַדײַטונג ניט נאָר פאַר אונדז, ייִדן, נאָר אויך פאַר די אַנדערע מענטשן, אומאָפּהענגיק פון זייער אָפּשטאַם, ראַסע, גלויבן, נאַציאָנאַליטעט.

א גרויסע ווערט פאַר דער מענטשהײַט האָט דאָס, וואָס די טוידע פּאָדערט, אַז יעדעס זיבעטע יאָר זאָל דערקלערט ווערן ווי א יאָר פון פרײַהײַט, פון אַמניסטיע, פון שענקען די כויוועס, באַפרײַען די קנעכט.

אין דער טוידע ווערט אויך אָנגעזאָגט, אַז דאָס פופציקסטע יאָר, דאָס יאָר, וואָס קומט נאָך ״זיבן מאָל זיבן״, דאַרף דערקלערט ווערן אַלס א יאָר פון יויזול, א יאָר פון ״קידוש החמה״ (פון הייליק מאַכן די זון). אין דעם יאָר דאַרף מען באַפרײַען ניט נאָר אַלע קנעכט, אָנוסים און געפאַנגענע, נאָר אויך די ערד דאַרף אין דאָזיקן יאָר אָפּרוען.

דאָס איז דער ערשטער עקאָלאָגישער געזעץ אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט.

כוץ דעם, מחוץ דאָ דערמאָנט ווערן נאָך צוויי וויכטיקע דאַטעס, וועלכע האָבן געהאַט א שטאַרקע האַשפּאָע אַפן גורל פונעם ייִדישן פאָלק אין לעצטן יאָרהונדערט.

אין 27־טן טאָג פּתעם כוידעש ניסן מערקע אָפּ דאָס ייִדישע פאָלק דעם טאָג פון זײַנע גרעסטע פאַרלוסטן — דעם יום השואה (יום האשואָה) — דעם טאָג פונעם אומקום פון זעקס מיליאָן ייִדן, וועלכע זײַנען דערשטיקט און דערשאָסן געוואָרן אין די געטאָס, אין די דײַטשישע פאַרניכטונגס־לאַגערן. דאָס אַש פון די קדושים האָט זיך נאָך אָדהײַעס ניט אָפּגעקילט און בריט אונדזערע הערצער, רופט צום געוויסן!

און פאַרענדיקן וועלן מיר מיט אַן אָפּטימיסטישער נאָטע — מיט אָנרופן די דאַטע פון דער גרינדונג פון מעדינאַס ייִסראָעל. דעם 14 מײַ 1948 איז אין יערושאָלאַיִם פאַרעפנטלעכט געוואָרן די דעקלאַראַציע פון זעלבשטענדיקײַט פון דער ייִדישער סוּווערענער מעלוכע. צום באַדויערן, בעמעשעך פון די פאַרגאַנגענע קימאַט 44 יאָר געפינט זיך ייִסראָעל אין צושטאַנד פון פּערמאַנענטער מילכאָמע מיט זײַנע אַראַבישע שכיינים. ניט געקוקט אַף דעם, וואַקסט דער אינטערעס פון אַלע פעלקער צו דער מעדינע, עס הייבן אָן אַלץ העכער זייער שטים די קויכעס פון שאָלעם.

## מוישע בען שלוימע

---

## א סינאַגאָגע אַף רעדער

די אײַנוווינער פון דער שטאָט לוגאַנסק זײַנען געווען אָנגענעם פאַרוואונדערט, ווען אין איינעם א וואַרעמען פאַרנאַכט האָט זיך אַנטקעגן דעם געגנטלעכן דראַמאַטישן טעאַטער אָפּגעשטעלט אַן אַווטאָבוס מיט מאָסקווער נומערן, אַף וועלכן ס'איז שוואַרץ אַף ווײַס געווען אָנגעשריבן:

״געזעלשאַפטלעכע סינאַגאָגע״.

די באַוועגלעכע סינאַגאָגע האָט אין דער באַגלייטונג פון ייִדישע, ריטואַלע מעלאָדיעס באַקאַנט געמאַכט דעם עולעם מיט די פּאָסטולאַטן פון דער טוירע, פּאָרויסגעזאָגט דאָס קומען פון מאָשיעכן.

די רעדאקציע בעט אָן דירעקטע אבאָנירונגען אפן זשורנאל „די

ייִדישע גאס", וועלכע זי וועט אָן דער פארמיטלונג פון „ראָספעטשאט" און

„מעזשדונאראָדנאיא קניגא" ארויסשיקן פאר די לייענער כוידעש נאָך כוידעש

אף זייערע היימישע אדרעסן.

אויב איר האָט נאָך ניט אויסגעפאָרמירט אייער אבאָנעמענט אפן 1993

יאָר אין די אָרטיקע אָפטיילונגען פון „ראָספעטשאט", און איר ווילט באקומען

דעם זשורנאל אָנהייבנדיק פון א באליביקן כוידעש, דארפט איר צושיקן אין

דער רעדאקציע דאָס אבאָנירגעלט און אייער פּאָסט-אדרעס.

די אבאָנירפּרייז פונעם זשורנאל איז אָנגעוויזן אין דער ערשטער

ביילאגע צום קאטאלאָג פון די אויסגאבעס אפן 1993 יאָר. דער אינדעקס פונעם

זשורנאל „די ייִדישע גאס" איז 70821. די פּרייז אף א האלב יאָר – 180 רובל

( זעקס נומערן ). דער אינדעקס פון דער ביילאגע צום זשורנאל – איז 70928.

די פּרייז אף א האלב יאָר ( דריי נומערן ) – 60 רובל.

מיר גיבן דאָ אָן נאָכאמאָל דעם אדרעס פון דער רעדאקציע:

101000, מאָסקווע, גאס מיאסניצקאיא 17, רעדאקציע פונעם זשורנאל „די

ייִדישע גאס" , פאגעל עלווירע יאָסיפאָוונע ( אָדער מאָגילנער באָריס יוריעוויטש)

